# שיף אַטלאַנטאַ

ראָמאַן

פון יידישן אימיגראַנטן־לעבן אין אַרגענטינע

און

פיר טיילן

פון

נחמיה צוקער



צווייטער באַנד

בוענאָס איירעס

1954

# VAPOR ATLANTA

(SCHIF ATLANTA)

*Novela*

DE LA VIDA JUDIA EN LA ARGENTINA

EN DOS TOMOS

POR

**NECHEMIAS ZUCKER**

TOMO II



BUENOS AIRES

1954

מיין טייערער פרוי אַדעלאַ און ליבע
קינדער מענדעלע און רייזעלע
מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט פאַר סטימו-
לירן מיך צו קענען פאַרענדיקן דאָס בוך.

**דער מחבר.**



# די מאַסע צעפּאַלט זיך אויף יחידים

עטלעכע וואָכן נאָכן אָנקומען פון דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָט מען נאָך געקאָנט טרעפן געוויסע גרופּעס פון דער גרויסער אימיגראַנטן-מאַסע וואָס די שיף האָט געבראַכט קיין בוענאָס איירעס.

מען האָט אַזעלכע גרופּעס געקאָנט טרעפן אין די פאַרטאָג-שעהן נעבן די רעדאַקציעס פון די צוויי טעגלעכע אידישע ציַיטונגען, וואו זיי האָבן נאָכגעקוקט די אַדרעסן וואו עס פאָדערן זיך אַרבעטס-הענט; מען האָט אַזעלכע קלענערע גרופּעס צו צוויי און צו דריי, געקאָנט טרעפן אין די לאַנגע רייען אַרבעטס-זוכער נעבן פאַבריקן און וואַרשטאַטן און מען האָט אויך אַזעלכע קלענערע גרופּעס געקאָנט טרעפן אין טשאַרלים רעסטאָראַן און אין אַנדערע קאַפעען אויף די גאַסן פון אידישן צענטער.

אָבער גאַנץ שנעל, זיינען זיך אויך די קליינע גרופּעס שיפסברידער צעפאַלן אויף יחידים.

עס האָט אויסגעזען, ווי די שיף „אַטלאַנטאַ" וואָלט געבראַכט קיין בוענאָס איירעס אַ גרויסן זאַק מיט קיילעכיקע אַרבעס און פון דער הויך אַראָפּגעשאָטן דעם צעעפענטן זאַק, איבער אַ גרויסער פלאַכער טאַץ און די אַרבעס האָבן זיך צעקייקלט לויט דעם בלינדן ווילן פון צופאַל און גורל, איבער דער גאַנצער גרויס פון דער פלאַכער טאַץ, און זיי האָבן זיך צעקייקלט אַזוי, אַז איינע איז געבליבן אָפּגערוקט פון דער צווייטער און איינע איז מיט דער צווייטער אַ לאַנגע צייט נישט געקומען אין באַרירונג.

דאָס איז געווען די צייט פון פּאַקן און מאָזלען פאַר דעם גרינעם אימיגראַנט.

די צאָל פון די אַרויסגעפאָרענע אין אַנדערע שטעט אָדער אין די ווייטע אידישע קאָלאָניעס, איז נישט געווען קיין גרויסע, אָבער אַ סך אַנדערע יחידים פון דער גרויסער צעפאַלענער אימיגראַנטן מאַסע, וועל-כע האָבן זיך אויף דערווייל געכאַפּט צו אַ וועלכער עס איז אַרבעט כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט, האָבן נאָך געוואַרט ביז עס

וועט קומען די שניט-צייט, אָדער ווי מען האָט עס שוין גערופן אויך אויף אידיש — די „קאָסעטשע", כדי צו פאָרן אין די קאָלאָניעס אויף אַרבעט, וואו דער נישט-פאַכמאַן קאָן מער פאַרדינען ווי אין הויפּט-שטאָט אַלס אָנפאַנגער.

שווערע טעג האָבן די צעוואָרפענע יחידים פאַרבראַכט ביי זייער שווערער פּראַצע וואָס איז פאַר זיי אויסגעפאַלן נאָך פיל שווערער, ווייל די אַרבעטס-מעטאָדן זיינען דאָ געווען אַנדערע ווי אין די אַלטע היימען און נאָך פּיינפולער זיינען פאַר זיי געווען די נעכט אין די קליינע „סאָל-טערסקע" שטיבלעך און הילצערנע קעמערלעך וואו זיי האָבן געוואוינט.

די מעבל אין אַזאַ שטיבל אָדער קעמערל, איז צום גרויסן רוב באַשטאַנען פון בלויז איין מעבל-שטיק, דאָס איז געווען אַן אַלט שמאָל אייזערן בעטל מיט אַ מאַטראַצל („קאָלטשאָן") וואָס איז געווען אויסגעשטאָפּט מיט שמאַטעס און גאַנץ אָפט האָט דער פאַקנדיקער און מאָזלענדיקער גרינער אַפילו נישט געהאַט דאָס מאַטראַצל, נאָר ער האָט אויף די דראָטן פון בעטל אויסגעשפּרייט זיינע אַלטע מלבושים און געשלאָפן אויף זיי.

אַ חוצ'ן בעטל, זיינען אויף עטלעכע אַריינגעשלאָגענע טשוועקעס אויף די ווענט געהאַנגען עטלעכע מלבושים, אַ בלעכן שפּיגעלע, אַ קראַגן מיט אַ קראַוואַט און צומאָל אויך פאָטאָגראַפיעס פון טאַטע-מאַמע, אַ כלה אָדער געליבטע מיידל וועלכער מען האָט צוגעזאָגט ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַריבערצוברענגען און דאָ צוזאַמען בויען אַ גליקלעכע צוקונפט.

די פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט פון אַזאַ קליינטשיק שטיבל, אָדער פון הילצערנעם קעמערל אויף אַ דאַך, אין וועלכן עס האָט אַריינגעפייפט דער ווינט, האָבן נאָך שטאַרקער פאַרטיפט דעם ווייטיק און די בענקשאַפט פון עלנטן אימיגראַנט.

גליקלעך זיינען שוין געווען די, וועלכע האָבן אויך געהאַט אין זייער קעמערל אַ טישל מיט אַ ביליק פון שטרוי-געפלאָכטן בענקל און אָנשטאָט אויסשפּרייטן דאָס פאַפיר פון פעקל שפּייז אויפן בעטל, דאָס בעטל זאָל דינען גלייכצייטיק אויך אַלס טיש און בענקל, האָט שוין אַזאַ גליקלעכער אימיגראַנט געקאָנט זיצן מער-ווייניק מענטשלעך, ביי אַ טישל און עסן און אַריינקוקן אין איינעם פון די ביכער וואָס ער האָט זיך מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים.

די „צעשאָטענע אַרבעס" איבער דעם גרויסן שטח פון בוענאָס איירעס, די אידישע אימיגראַנטן פון דער שיף „אַטלאַנטאַ", האָבן זיך געפילט ווי אָפּגעריסענע בלעטלעך פון אַ גרויסן שיין-צעגרינטן בוים, וועל-

כע דער ווינט האָט צעבלאָזן אויף אַלע זייטן און יעדעס אָפּגעזונדערטע בלעטל האָט נאָך געפּילט אין זיך דעם זאַפּט פון בוים, פון וועלכן ער האָט פריער געהאַט זיין יניקה און די גרעסטע שרעק ביי אַזאַ פאַרוואָר־פענעם עלנטן גרינעם אימיגראַנט איז געווען, אַז דאָס ביסל זאַפּט פון זיין גייסטיקער יניקה זאָל נישט אינגאַנצן אויסטריקענען און ער זאָל נישט ווי דאָס פאַרטרוקנטע הארבסט־בלעטל זיין פאַראורטיילט צום אומקום.

די פאַרשידענע אַרבעט, צו וועלכע דער רוב יידישע אימיגראַנטן האָבן זיך דערשלאָגן, האָבן פון אָנהויב בשום אופן נישט געקאָנט הויבן זייער געמיט־צושטאַנד. אַפילו די פאַבליוט וואָס האָבן באַקומען אַרבעט ביי זייערע פאַכן, האָבן זיך געפילט ווי אָנפאַנגער, ווי לערן־אינגלעך, ווייל די אַרבעט־סיסטעמען זיינען געווען גאַנץ אַנדערע ווי אין די אַלטע היימען.

פלייש־העקער, האָבן זיך אויף זייערע באַקומענע פאָסטנס געפילט ווי פאַרלוירן, ביז זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אומגיין מיט דער זעג אָנשטאָט מיט דער האַק און סטאָליאַרעס האָט עס געקאָסט אַ סך בלוט פון זייערע פּראָוואָנדיקטע הענט, ביז זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אומ־גיין מיט דער עלעקטרישער זעג־מאַשין.

אַ סך פון די וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן ביי זייער פאַך, זיינען שפּעטער אַריבער צו אַנדערע פאַכן און עס איז זיי לייכטער געווען אוים־צולערנען דאָס נייע פאַך, ווי צו ענדערן די אַרבעטס־מעטאָדן פון זייערע אַלטע פאַכן.

די אַרבעט וואָס האָט זיך דעמאָלט אַמבעסטן באַצאָלט, איז געווען סטאָליערײ־אַרבעט. די יידישע אימיגראַנטן פון פריערדיקע יאָרן, די עלטערע און יונגערע תושבים, האָבן שוין געהאַט אַנטוויקלט אַ היפּשע מעבל־אינדוסטריע וועלכע האָט זיך — אַ דאַנק די פעאיקע „קוענטעני־קעס”, די פעאיקע פאַרקויפער אויף ראַטן־אויסצאָלונג וואָס האָבן די מעבל מאַסנהאַפט פאַרשפּרייט — שנעל צעבליט און עס האָבן געפעלט פאַכמענישע הענט וואָס זאָלן פאַרפילפאַכן די מעבל־פּראָדוקציע, האָט מען אַריינגענומען אַרבעטער אויף דער לער און אויפזעער, „קאַפּאַ־טאָסן”, האָבן צוגעוויזן ווי מען דאַרף עס מאַכן און אַרבעטזאַמע יאָטן האָבן שנעל אויסגעלערנט די מלאכה און אָנגעהויבן פאַרדינען גענוג, אַפילו אויף אָפּצושפּאָרן אַ פּעזע.

אַ גענוג היפּשע צאָל פון די פאַכלאָזע „אַטלאַנטאַ”־אימיגראַנטן האָבן באַקומען אַרבעט אַלס מעבל־לוסטרירער און הויזן־פּרעסער.

אויבנאויפיק האָט עס אויסגעזען, אַז דאָס איז אַ לייכטע אַרבעט

וואָס יעדער קאָן זי מאַכן, און ווייל אַ סך פּאַכלאָזע האָבן זיך געוואָרפן דערצו, האָבן די באַלעבאַטים דאָס אויסגענוצט און געצאָלט די קלענסטע אַרבעטס־לוינען; אינדעראמתן זיינען די ביידע אַרבעטן געווען שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע און אַ סך אַרבעטער וואָס האָבן זיך מיט דער צייט ספּעציאַליזירט סיי אין פּרעסער־פאַך ווי אַלס מעבל־לוסטרירער, האָבן דערנאָך גוט פאַרדינט.

דער האַנדל אויף „קוענטע", דאָס הייסט, אויף ראַטן־אויסצאָלונג, איז שוין געווען שטאַרק אַנטוויקלט.

די סוחרים, וועלכע מען האָט גערופן „קוענטעניקעס", האָבן שוין געהאַט אַ גרויסע און רייכע קאָאָפּעראַטיווע אין אַן אייגענעם בנין אויף דער גאַס וויקטאָריאַ און אין דער צייט וואָס ווערט דאָ געשילדערט, האָט זיך געשאַפן אויך אַ צווייטע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיווע און דער יערלעכער האַנדלס־אומזאַץ פון ביידע קאָאָפּעראַטיוועס האָט שוין באַטראָפן מיליאָנען פּעזעס.

אָבער די גרינע, נאָר־וואָס געקומענע אימיגראַנטן, האָבן זיך געפילט אומגליקלעך אַלס אָנגעשטעלטע „קלאַפּער" ביי די רייכע קוענטעניקעס.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז די קוענטעניקעס האָבן געזוכט צופיל אויסצונוצן דעם גרינעם פּאַכלאָזן אימיגראַנט, פאַרקערט, זיי האָבן אים גאַנץ אָפט באַצאָלט די פופצן אָדער צוואַנציק פּראָצענט פון באַטרעף וואָס דער „קלאַפּער" האָט פאַרקויפט אויף באָרג און דערנאָך האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז דער קונה האָט נישט געוואָלט באַצאָלן אַפילו די ערשטע ראַטע...

די „קלאַפּערס" האָבן זיך געפילט אומגליקלעך, ווייל די באַשעפטיקונג גופא איז זיי נישט געווען צום האַרצן און ווייל זיי האָבן זיך גענומען צו ד ע ר אַרבעט, ווייל זיי האָבן זיך נישט געקאָנט דערשלאָגן צו קיין אַנדערער.

אין די פאַרשידנסטע גאַסן און געסלעך האָט מען געקאָנט טרעפן אַ בלאָנדזשענדיקן „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנט מיט דעם פּעקל אויף דעם אַקסל, ווישנדיק דעם שווייס פון שטערן און הערן זיינע אויסרופן:

„— איי קאַלטשאַס, קאַרפּעטאַס, באַראַטאַ אַ פּלאַסאָ!..."

אָבער, כאָטש כמעט אַלע „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן (מיט קליינע אויסנאַמען) האָבן זיך שוין געהאַט דערשלאָגן צו פאַרשידענע אַרבעטן און צום גאַסן־האַנדל און זיי האָבן שוין פאַרדינט ווער מער און ווער ווייניקער אויפן שטיקל ברויט, האָבן זיי זיך אָבער אין זייער צעוואָרפנקייט אַלס עלנטע יחידים, געפילט זייער אומגליקלעך.

די וואָס האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע פּאַכן, האָבן כּמעט אי־בערגעשטופּט די טעג מיט זייער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן צווישן אַנדערע אַרבעטער און זייער עלנט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ווען זיי זיינען נאָך דער אַרבעט אַהיימגעקומען אין זייערע עלנטע וואוין־קע־מערלעך.

אָבער די „קלאַפּער אויף פּראָצענטן" האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט זייער עלנט די גאַנצע 24 שעה אין מעת־לעת און מעסטנדיק די גאַסן מיט דעם שווערן פּאַק וועלכן זיי האָבן כּסדר איבערגעוואָרפן פון איין אַקסל אויפן צווייטן, האָבן זיי געפילט, אַז דער עלנט און די בענקשאַפט דריקט אויף זייער געמיט שווערער ווי דער פּאַק.

און פונדעסטוועגן, האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן, אַז אברהם פריד־מאַן איז געווען גערעכט, זאָגנדיק, אַז אַמאָל, ווען ע ר איז געקומען קיין אַרגענטינע, איז געווען ערגער.

די עלנטע צעשאָטענע יחידים, ווי נאָר זיי האָבן זיך מער־וויינ־יק איינגעאָרדנט, זאָל זיין אַפילו, אויף דעם אָרימסטן אופן, אַבי איינגע־אָרדנט, האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן די רעדאַקציעס פון די יידישע צײַ־טונגען וואו זיי האָבן אין די פאַרטאָג־שעה'ן געזוכט די אַנאָנסן פון אַר־בעטס־געבער און זיי האָבן זיך שוין היינט געקאָנט פאַרגינען צו באַ־צאָלן די צען סענט פאַר אַ צייטונג און אין די פילע צעוואָרפענע שטיב־לעך פון עלנטע אימיגראַנטן האָט מען שוין געקאָנט זען אַ „אידישע צייטונג" אָדער „די פּרעסע", אין וועלכער דער עלנטער האָט געפונ־נען גרוסן סיי פון זיין אַלטער היים און סיי פון דעם געזעלשאַפטלעך־יידישן לעבן אין בוענאָס איירעס.

די צוויי טעגלעכע יידישע צייטונגען זיינען געווען די פאַרבינדלער צווישן די צעשאָטענע יחידים. און שפּעטער, צווישן די אויפּסניי גע־שאַפענע קליינע גרופּעס אין די פאַרשידענע ווינקלען פון גרויס בוענאָס איירעס.

פון די צוויי יידישע צייטונגען האָבן זיך די נאָר־וואָס מער־וויינ־יק איינגעאָרדנטע אימיגראַנטן דערוואוסט וועגן די עקזיסטירנדיקע אינס־טיטוציעס און פאַריינען און אויך וועגן די סינדיקאַלע באַוועגונגען צווישן די יידישע אַרבעטער און פון די פּאָליטישע ערגעניזאַציעס אין די צייטונגען האָט מען זיך דערוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן קיבעצאַרניעס וואו עס קומען זיך צונויף שרייבער און פּאָמעלעך האָבן זיך די גרינע אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אין די אָוונט שעה'ן פון די עלנטע שטיבלעך, מען האָט זיך געלאָזן זוכן סביבה וואו מען קאָן אַריינכאַפּן אַ גייסטיקע אָפּפרישונג און פונקט ווי פריער האָט מען באַדאַרפט „פּאָקן און מאָזלען" ביז מען

האָט זיך באַוויזן צוצושלאָגן צו עפּעס אַן אַרבעט אָדער באַשעפטיקונג, אַזוי האָט מען איצט געמוזט איבערקומען דאָס גייסטיקע פּאַקן און מאָז־לען, ביז מען האָט זיך אָפּגעזוכט אַ שטיקל סביבה פאַרן גייסטיקן אויס־לעבן זיך.

די יידישע צייטונגס־רעדאַקציעס גופא זיינען געוואָרן די זאַמל־פּונקטן פאַר די גרינע, וועלכע זיינען אין די אָונט־שעה׳ן געקומען נאָכ־פרעגן אויף בריוו פון די אַלטע היימען; די נעבעכדיקע עקזיסטענצן זיינען נאָך געווען אַזוי אומזיכער און די אָרימע שטיבלעך אָדער קע־מערלעך וואו מען האָט געוואוינט, זיינען נאָך געווען אַזוי פּראָוויזאָריש, אַז די זיכערסטע אַדרעס וואָס מען האָט געקאָנט אָנגעבן אין די בריוו, איז געווען צו אַ צייטונג, אָדער צום צענטראַל־קאָמיטעט פון אימיגראַנטן שוץ־פאַריין.

אין דער צייט, האָט זיך די רעדאַקציע פון „„די אידישע צייטונג״ געפונען אויף דער גאַס לאַרעאַ נעבן קאָריענטעס און „די פּרעסע״ — אויף אַמבו, אַן אַכט בלאָקן, אָדער „קוואַדרעס״ וויים פון די צייטונג און צווישן די צוויי רעדאַקציעס, האָט געוואוינט דער צענטראַל־קאָמי־טעט פאַר הילף און אַט אַ די עטלעכע גאַסן און געסלעך, זיינען געוואָרן דער צוזיאַונגס־פּונקט פאַר די צעשאָטענע, פאַראייניצלטע גלידער פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע וואָס די שיף „אַטלאַנטאַ״ האָט געבראַכט קיין בוענאָס איירעס און וועלכע זיינען כסדר פאַרפּילפאַכט געוואָרן פון די נייע אימיגראַנטן־מאַסעס וואָס אַנדערע שיפן האָבן געבראַכט צו די ברעגעס פון לאַ־פּלאַטאַ־טייך.

די גאַס קאָריענטעס האָט זיך געצויגן לענג־אויס צווישן די צוויי יידישע רעדאַקציעס און דאָרט האָט זיך געפונען אַ קאַפע־הויז וואָס האָט געהערט צו אַ יאַפּאַנער און די קעלנערס זיינען געווען יאַפּאַנער. דער קאַפע האָט זיך גערופן קאַפע „כאַפּאָנעז״ און אַזוי ווי עס ציט פליגן צו וואַרימקייט און ליכט, אַזוי האָט דער „כאַפּאָנעז״ צו זיך געצויגן די עלנטע און בענקענדיקע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען פון די וויטסטע שטאָט־געגנטן געקומען אין די אָונט־שעה׳ן אין יידישן צענטער אויף קאָריענטעס, אָנגעפילט דעם קאַפע „כאַפּאָנעז״ און געשאַפן אַ לעבעדיקע באַוועגונג דורך גרופּירן זיך אויפן טראָטואַר אַרום דעם קאַפע.

און נישט אומזיסט איז דער קאַפע „כאַפּאָנעז״ געוואָרן דאָס ליכט וואָס האָט צוגעצויגן די פאַרבענקטע, מער־ווייניק באַוואוסטזיניקערע אימיגראַנטן וואָס האָבן געזוכט אַ דערנענטערונג צום געזעלשאַפטלעך־יידישן לעבן; אין דעם קאַפע זיינען זיך דאָך צונויפגעקומען די יידישע שרייבער פוןביידע רעדאַקציעס! דאָרט האָט מען געזען די שרייבער

נח ווינטאַל און ישראל העלפּמאַן, דאָרט האָט מען געהערט ריידן וועגן די דיכטער משה פינטשעווסקי און אבאַ קליגער און דאָרט האָט מען ביי עמיצן געזען אַ ביכל אונטער דעם טיטל „ביי די ברעגן פון פּלאַטאַ", וואָס איז געווען אַ פיינער ליטעראַרישער פּאַרמעסט פון דער דעמאָלס־דיקער קליינער אַרגענטינער יידישער שרייבער־גרופּע און דאָרט האָט מען געהערט ריידן וועגן דער ביבליאָטעק פון דער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט דעם שם אַלס די בעסטע און מען האָט אויך געהערט ריידן וועגן דער צענטראַלער אַרבעטער־ביבליאָטעק וואָס האָט געהערט צו דער זייער טעטיקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, אָבער אין וועלכער עס האָבן זיך שוין אַריינבאַקומען די זאָמען פון מחלוקות, וואָס האָבן דערפירט צו אַ שפּאַלטונג פון רעכטע און לינקע און די אַלע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־ענינים זיינען געלופטערט געוואָרן אין און אַרום דעם קאַפע „כאַפּאַנעז" און נישט זעלטן זיינען די ענינים געלופטערט געוואָרן מיט שטייגנדיקער וואַרימקייט ביז היץ און עס איז געקומען צו סקאַנדאַלן און פּעטש; אָבער, ווייל די סקאַנדאַלן זיינען נישט געווען צוליב פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר צוליב אידעאַלן, וועלכע האָבן צווישן די נייע אימיגראַנטן געפונען אַ סך אָנהענגער, האָט עס געצויגן אין דעם יידישן צענטער און עס האָט זיך אָנגעהויבן די איינגלידערונג פון די עלנטע, אין די פאַרשידענע קרייזן און קרייזלעך און צו די פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס.

אין קאַפע „כאַפּאַנעז" האָבן זיך אויך פאַרזאַמלט די יידישע אַקטיאָרן; דאָרט האָבן זיי געשפּילט דאָמינאָ, „דאַדאָס" און אַנדערע שפּילן, אָבער צווישן די שפּילן איז געווען גענוג צייט פאַר פאַרשידענע רכילותן און אַריינזאָגעכצן און דיסקוסיעס מיט די שרייבער און בעת די דיסקוסיעס האָט מען זיך געקאָנט דערוויסן וועגן דער גרויסער מאַכט וואָס די „חברה־לייט" האָבן איבער דעם יידישן טעאַטער, וואָס וועט נאָך לאַנג מוזן בלייבן אין די „וויקעלעך", ביז עס וועט זיך קענען שטעלן אויף אייגענע פיס, אַלס יידישע קונסט־ און קולטור־אינסטיטוציע.

נאָך די יידישע צייטונגען, צענטראַל־קאָמיטעט פאַר הילף און קאַפע „כאַפּאַנעז", איז די שטאַרקסטע צוציאונגס־קראַפט פאַר די נייע אימיגראַנטן, געווען דאָס יידישע טעאַטער.

דיזעלבע צעשאָטענע אימיגראַנטן פון „אַטלאַנטאַ", וואָס האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן אין קאַפע „כאַפּאַנעז", האָבן זיך שפּעטער אויך געטראָפן אין יידישן טעאַטער און צוויי שיפס־ברידער פון דער „אַטלאַנטאַ", אַברעמעלע וויסבלאַט און גרישאַ לעווין, וועלכע זיינען אויף דער שיף געווען צווישן דער גרופּע אינטעליגענטן, האָבן זיך שוין

גאנץ אָפט באַטייליקט אין די דיסקוסיעס אין „כאַפּאַנעז״ און אויך גע־נומען אַ וואָרט וועגן דעם שווידערלעכן מצב פון יידישן טעאַטער.

די צוויי „אַטלאַנטאַ״-שיפס-ברידער האָבן זיך שוין געהאַט מער־זייניק איינגעאָרדנט. אַברעמל ווייסבלאַט, וואָס האָט שוין געהאַט אויס־געפּרואווט פאַרשידענע אַרבעטן, האָט ענדלעך באַקומען אַ רענצל מיט מוסטערן פון ביליקע פאַנטאַזיע-אַרטיקלען און ער האָט געזוכט און גע־מאַכט קונים אויף שטום-לשון און גרישאַ לעווין, וועלכער האָט זיך אויף דער שיף פאַרליבט אין אַ לעמבערגער מיידל, האָט זיך גענומען צום „פּעקל״, אָנגעהויבן „קלאַפּן״ און עס האָט אים „געגליקט״, ער האָט זיך שנעלער ווי אַנדערע באַוויזן איינצואָרדענען צוזאַמען מיט זיין באַשער־טער, אין אַ קליין שטיבל פון אַ „קאָנוועניענטיזשע״, אין וועלכן זיי האָבן אַריינגעשטעלט אַ בעט, אַ טישל מיט צוויי שטרויענע בענקלעך, מיט אַן אָרים ביסל קיך-געשיר, און דאָס פּאָרל וואָס האָט אָנגעהויבן זייער לי־בע-שפּיל אויף דעם אינטימען ווינקעלע פון דער שיף „אַטלאַנטאַ״, האָט זיך געפילט איבערגליקלעך!

אין קאַפע „כאַפּאַנעז״ אָדער אינדרויסן, אַרום דעם קאַפע, האָבן זיך בסדר צוזאַמענגעטראָפן מער פון דער אינטעליגענטער גרופּע פון דער שיף „אַטלאַנטאַ״, אָבער בערנאַרד פיינהאָלץ, איז צווישן זיי נישט געווען.

דער איינציקער פון די שיפס-ברידער מיט וועלכן פיינהאָלץ איז נאָך געשטאַנען אין פאַרבינדונג, איז געווען דוד פעלצמאַן. אָבער אויך מיט אים, איז ער בלויז געשטאַנען אין בריוולעכער פאַרבינדונג, ווייל פעלצ־מאַן איז געווען ווייט, אין דעם יידישן שטעטעלע אין פּראָווינץ ענטרע ריאָס, פונוואַנען ער האָט פיינהאָלצן זייער אָפט געשריבן זיינע יאָמער-בריוו און פיינהאָלץ האָט אים אויף יעדע עטלעכע בריוו געענט־פערט מיט איינעם, אַ מוסר-בריוו, וואָרענענדיק אים, אַז ער זאָל זיין ווייניקער סענטימענטאַל און אַז ער זאָל בעסער אויסוויישן זיינע ברילן־גלעזער, כדי צו קענען זען די רעאַליטעט פון לעבן...

פיינהאָלץ האָט אויסגעפירט דאָס זייניקע.

ער אַרבעט אין אַ גרויסער פאַרמאַציע און ער איז שוין נישט קיין פּעאָן, קיין פּראָסטער טרעגער אין דעם גרויסן מאַגאַזין, ער איז שוין אַן אויפזעער און ער שטייגט יעדע עטלעכע וואָכן אויף אַ מער פאַר־אַנטוואָרטלעכן העכערן פּאָסטן פון דער גרויסער אַפּטייק-פירמע.

פיינהאָלץ זעט דאָס לעבן מיט רעאַלע בליקן. ער ווייס, אַז ער גע־פינט זיך איצט אין אַמעריקע, וואו מען קאָן אַ סך דערגרייכן, אָבער מען מוז שווער אַרבעטן כדי צו קענען דערגרייכן. ער גייט נישט אין די קאַ־פעען, ער זוכט נישט קיין געזעלשאַפט, ער האַלט זיך אין פ אַ ר מ י ר ן,

און ער היט זיך פאַר דעם קלענסטן איבערשלאַג. אין די פרייע שעה'ן לערנט ער ווייטער, לייענט ביכער און לעצטנס איז ער אין זיינע פרייע שעה'ן פאַרנומען מיט אַ פּלאַן ווי אַזוי איבערצואַנדערשן די אַרבעט אין זיין מאַגאַזין און ער צייכנט און מאַכט חשבונות לאַנגע שעה'ן ביז אין די שפּעטע נעכט אַריין.

פונדעסטוועגן, ווי שפּעט עס זאָל נישט זיין און ווי ווייניק עס איז אים נאָך געבליבן צייט צום שלאָפן, קאָן ער נישט אַזוי לייכט איינשלאָפן. צוערשט האַלט אים נאָך וואַך דער פּלאַן וועלכן ער האָט פאַרטראַכט און ער איז זיכער, אַז אויב עס וועט זיך אים איינגעבן צו איבערצייגן איינעם פון זיינע שעפן וועגן דער וויכטיקייט פון זיין פּלאַן, וועט ער אַ סך דערגרייכן און ווען ער באַמיט זיך שוין אַרויסצושטויסן פון מוח די געדאַנקען וועגן פּלאַן, כדי צו קענען אַנטשלאָפן ווערן, דערמאָנט ער זיך אָן זיין מאַניושאַ און ערשט איצט כאַפּט ער זיך, אַז דער גאַנצער פּלאַן און אַלע זיינע טראַכטענישן, זיינען דאָך נאָר צוליב איר, צוליב זיין מאַניושאַ, וועלכע וואַרט דאָרט — לויט זי שרייבט צו אים כסדר אין אירע בריוו — מיט טויזנט בענקשאַפטן, אַז ער זאָל זי שוין אַריבערנעמען צו זיך און זיי זאָלן צוזאַמען זיין גליקלעך, אַזוי ווי זיי האָבן זיך צוגעשוואוירן נאָך אין וואַרשע, איידער ער איז אַרויסגעפאָרן פונדערהיים, קעגן זיינע עלטערנס ווילן.

מיט זיין קאָנסעקווענטער פּראַקטישקייט, האָט פיינהאָלץ געזוכט מיט רעאַלע שטרעבונגען צו דערגרייכן אַ פעסטע פּאָזיציע פאַר זיין ווייטערדיקן לעבן, אָבער זיין פּראַקטישקייט האָט נישט געקאָנט דערשטיקן די בענקשאַפטן צו דער אויסדערוויילטער פון זיין האַרץ און ער האָט געטראַכט וועגן זיין מאַניושאַ אין יעדער פרייער מינוט, ווען זיין מוח האָט זיך נאָר באַפרייט פון זיינע פּראַקטישע אויסרעכענונגען.

בעת פיינהאָלץ איז מיט זיכערע טריט געגאַנגען פאָרווערטס פון איין דערפאָלג און פון איין דערגרייכונג צו דער אַנדערער, האָבן זיינע שיף־ברידער פון דער גרופּע אינטעליגענטן דיסקוטירט אין קאַפע „כאַפּאַנעז" און געזוכט צו שאַפן פאַר זיך אַ קולטור־סביבה, וואו זיי זאָלן זיך נאָך דעם לאַנגן און שווערן אַרבעטס־טאָג, קענען אויסלעבן גייסטיק.

די צעשאָטענע אימיגראַנטן־מאַסע פון דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָט שוין געהאַלטן ביים איבערקומען אויך דאָס גייסטיקע פּאַקן און מאַזלען, זיי האָבן זיך שוין מער־ווייניק אויפסניי גרופּירט און נייע אימיגראַנטן־מאַסן וואָס זיינען כסדר אָנגעקומען מיט פאַרשידענע שיפן, האָבן זיך אויפסניי צעשאָטן אין יחידים און מיטגעמאַכט און דורכגעלעבט דיזעלבע ליידן און פּיין, וואָס האָבן אָבער שוין נישט אַזוי לאַנג געדויערט,

זייל בוענאָס איירעס איז שוין געווען היפּש באַרייכערט פון אַקטיווע ייִדישע קולטור־טוער און די ניי־אָנגעקומענע באַוואוסטזיניקערע יונגע ייִדישע אימיגראַנטן, האָבן שוין געהאַט וואו און צו וועמען זיך צוצו־טוליען און געפינען אַ סביבה.

איינע פון די וויכטיקסטע זאַמל־סטאַציעס וואו עס האָבן זיך צוזאַ־מענגעטראָפן אַ סך שיפס־ברידער פון דער „אַטלאַנטאַ" און אויך די צעשאָטענע אימיגראַנטן־מאַסן פון אַנדערע שיפן, איז געווען אין פאַר־הויז (וועסטיבולאָ) און אויף דער גאַלעריע פון ייִדישן טעאַטער, וואו עס האָט נאָר געקאָסט דרייסיק סענט אַ בילעט. קיין טייערערע בילעטן אויף בעסערע פּלעצער, האָבן די גרינע נאָך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קויפן.

ב

## מען זינגט און מען וויינט

דאָס יידישע טעאַטער אין בוענאָס איירעס, איז אין 1923 געשטאַ־נען אויף אַ קלעגלעכן מצב.

יחידים קולטורניקעס, שוין עלטערע תושבים, וועלכע האָבן צוליב זייער קולטור־טועריי, נישט „געמאַכט אַמעריקע", נאָר געבליבן האָרע־פּאַשניקעס, האָבן זיך באַקלאָגט, אַז דאָס יידישע טעאַטער אין בוענאָס איירעס, איז אין דעקאַדענץ און האַלט שוין ערב אונטערגאַנג.

זיי האָבן מיט שטאָלץ דערמאָנט די שיינע צייטן אין בוענאָס איי־רעסער יידישער טעאַטער, ווען עס האָבן דאָ גאַסטראָלירט די פיינמאַנס, שפּעטער אַ מאָרים מאָשקאָוויטש וואָס איז געוואָרן אַ באַרימטער אַק־טיאָר אויף דער ענגלישער בינע אין לאָנדאָן און זיי האָבן זיך געלעקט די ליפּן, ווען זיי האָבן דערמאָנט זייער ליבלינג סעם גאָלדענבורג, וועל־כער האָט פון בוענאָס איירעסער פובליקום באַקומען די ערשטע אָנער־קענונג און ער איז געוואָרן אין ניו־יאָרק איינער פון די גרעסטע סטאָרן אויף דער יידישער בינע.

זיי האָבן דערמאָנט די גרויסע אויפפירונגען פון „קין", „אוריאל אַקאָסטאַ", „סאַנין" און אַנדערע פּיעסן פון אוניווערסאַלן רעפּערטואַר און היינט? וואָס גיט מען? מען שפּילט אַ מאַכערייקע — „די כלה מיט די דריי חתנים" כדי עס זאָל זיין פריילעך, אָדער מען חזרט איבער די אין מלחמה־צייט דערפאָלגרייכע פּיעסע „מלחמה־כלות", כדי אויסצו־קוועטשן אַביסל רחמנותדיקע טרערן ביי די דיקע ווייבער פון די „חברה־לייט", וואָס זיצן אונטן אין די ערשטע רייען...

זיי האָבן דערמאָנט אָן דער צייט, ווען בערטאַ זינגערמאַן, איידער זי איז נאָך געוואָרן די גרעסטע אַרגענטינער רעציטאַטאָרין אויף שפּאַ־ניש, איז געווען אַ יידישע אַקטריסע און געשפּילט לאהן אין „דיבוק" און וואָס? אַזאַ קינסטלערין איז אַוועק אויף די שפּאַנישע בינעס און מיט וואָס זיינען מיר געבליבן?

די תושבים קולטור־טוער האָבן אויך נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען,

אַז עס האָט דאָ עקזיסטירט אַ פיינער דראַמאַטישער קרייז אונטער דעם נאָמען „יעקב גאָרדין", וועלכער האָט נישט נאָר אַליין אויפגעפירט די בעסטע יידישע פּיעסן, מערסטנס טאַקע פון גאָרדין־רעפּערטואַר, נאָר די אָנפירער פון דעם דראַמאַטישן קרייז זיינען אויך געווען קעמ־פער פאַר אַ בעסערן פּראָפעסיאָנעלן יידישן טעאַטער און זיי האָבן אַזוי לאַנג געקעמפט, ביז דער קרייז גופא האָט זיך אויפגעלייזט און אַט, ביי וואָס מיר זיינען געבליבן, ביי דער „כלה מיט די דריי חתנים"...

אַברעמל ווייסבלאַט און גרישאַ לעווין און אַנדערע ניט־לאַנג אָנגע־קומענע באַוואוסטזיניקע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געשלאָסן באַקאַנט־שאַפט מיט די האָרעפּאַשנע תושבים אויף דער גאַליאַרקע, האָבן זיך מיט נייגעריקייט צוגעהערט צו די שילדערונגען פון די בעסערע און שענערע צייטן, אָבער זיי האָבן זיך אויך באַלד דערוואוסט, אַז די צייטן זיינען גאָרנישט געווען אַזוי שיין, ווייל די אַלע גוטע פּיעסן וואָס מען האָט געשפּילט, זיינען געווען בלויז שיינע אויסנאַמען, פאַר וועלכע מען האָט געמוזט מאַכן קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען דורך אַרויסשיקן בילעטן־פאַרקויפער, וואָס האָבן ממש געשלעפּט דאָס ווערטע פּובליקום אויף כּוח אין טעאַטער אַריין.

זיי האָבן זיך אויך דערוואוסט, אַז דאָס יידישע טעאַטער האָט גע־האָט צוויי קאַטעגאָריעס בילעטן־פאַרקויפער, וואָס איין קאַטעגאָריע, וועלכע האָט פאַרקויפט בילעטן צו די „חברה־לייט", האָט פון די באַקו־מענע פּראָצענטן געמאַכט אַ גוט לעבן און די אַנדערע, וואָס האָבן באַ־דאַרפט פאַרקויפן בילעטן צו די בעסערע פּיעסן פאַר אַנשטענדיקע פאַ־מיליעס, האָבן געליטן נויט און הונגער און זיי האָבן זיך געמוזט זוכן אַנדערע פּרנסות. און דעריבער איז דאָס טעאַטער אַראָפּגעפאַלן צו די „כלה מיט די דריי חתנים"...

אויף דער זאַמל־סטאַציע אין יידישן טעאַטער, האָבן זיך די נאָר־וואָס האַלבוועגס איינגעאָרדנטע אימיגראַנטן דערוואוסט פון אַ סך זאַכן, וואָס האָבן גאָר ווייניק געקאָנט דערהויבן זייערע געמיטער; זיי האָבן געהערט באַוויינען אַ נעכטיקן טריבן טאָג, בעת דער היינטיקער טאָג איז נאָך טריבער...

אַ שטיקל טרייסט און מער דערהויבונג פאַר די געמיטער, האָבן די יוגנטלעכע סביבה־זוכער געפונען אין און אַרום דעם קאַפע „כאַפּאַנעז".

דאָרט איז לעצטנס געקומען אַ היפּשע אויפלעבונג, אַ דאַנק דעם, וואָס דער אימיגראַציע־שטראָם האָט מיטגעבראַכט עטלעכע יונגע יידי־שע שרייבער און אַרטיסטן צו די ברעגן פון פּלאַטאַ, און די לעצטע, ווי שווער עס זיינען נאָך געווען פאַר זיי די ערשטע שריט אין דעם נייעם

לאַנד, האָבן פּאָרט אַריינגעבראַכט אין דער ליטעראַריש־אַרטיסטישער סביבה אַ היפּשע אויפלעבונג.

דאָ האָט מען נאָך געהערט ריידן מיט התפּעלות וועגן דעם וויזיט וואָס ה. ד. נאָמבערג האָט מיט אַ יאָר צוריק אָפּגעשטאַט אין אַרגענטינע און וועגן דעם טיפן רושם וואָס ער האָט דאָ איבערגעלאָזן מיט זיין קורץ אַרטיקעלע אין „די אידישע צייטונג" — „און די ייק"אַ שווייגט", אַן אַרטיקעלע וואָס האָט אַרויסגערופן שטורם און אויפּברויז קעגן די האַנד־לונגען פון די ייק"א־באַאַמטע לגבי די יידישע קאָלאָניסטן אויף די אַרגענטינער ייק"א־פעלדער.

דאָ האָט מען גערעדט וועגן נאָמבערגס לייסטונגען פאַר דער אָרגאַ־ניזירונג פון די יידישע שרייבער און פון די יידישע אַקטיאָרן, מען האָט דערמאָנט, אַז די יידישע אַקטיאָרן האָבן זיך נאָך בעת נאָמבערגס דאָ זיין אָרגאַניזירט, נאָר באַלד נאָך זיין אַוועקפאָרן, איז זיך די אָרגאַניזאַ־ציע צעפאַלן און דאָ האָט מען שוין אויך גערעדט, אַז איצט, ווען די יידישע שרייבער־משפחה האַלט זיך אין פאַרגרעסערן, וואָלט מען גע־דאַרפט גרינדן אַ ליטעראַטן־פאַריין.

דאָ, אין און אַרום דעם קאַפע „כאַפּאַנעז", האָט מען גערעדט און דיסקוטירט וועגן יעדן נייעם ליד און וועגן יעדער נייער דערציילונג וואָס האָט זיך באַוויזן אין די צוויי טאָג־צייטונגען און דער רוב פון די גרינע האָט שוין געוואוסט אַז דאָ איז די צענטראַלע סטאַציע פון דער בוענאָס־איירעסער יידישער גייסטיקייט און אינטעלעקטואַליטעט.

אַברעמל וויסבלאַט און גרישאַ לעווין, האָבן זיך זייער דערפרייט ווען זיי האָבן זיך איינמאָל אין „כאַפּאַנעז" געטראָפן מיט זייער שיפס־ברודער, דעם יידישן שרייבער פון פוילן, וואָס כאָטש ער איז געפאָרן אויף דער „אַטלאַנטאַ" אויבן, צווישן די פּאַסאַזשירן, איז ער אָבער יעדן טאָג „אַראָפּגעקומען צו דער מאַסע", געחברט זיך מיט אַלעמען און אַפילו אָרגאַניזירט אַ גרופּע אַמאַטאָרן צו מאַכן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אויף דער שיף.

זיי האָבן געהאַט צו אים טענות, פאַרוואָס דאָרט, אויף דער שיף, האָט ער אָרגאַניזירט אַ דראַמקרייז און דאָ פרואווט ער עס אַפילו ניט צו טאָן און דאָ דרייען זיך דאָך אַרום צענדליקער שיפס־ברידער און אַנדערע באַוואוסטזיניקע יוגנטלעכע אימיגראַנטן וואָס גייען ממש אויס פון בענקשאַפט און זיי זוכן סביבה, וואו זיי זאָלן קענען פאַרזעצן זייער יידיש קולטור־לעבן פון דער אַלטער היים...

דער שרייבער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער קאָן נאָך דערווייל גאָרנישט אונטערנעמען, ווייל ער דאַרף אַרויספאָרן זיך באַקענען מיט

דעם לעבן פון די יידישע קאָלאָניסטן און ווען ער וועט צוריקקומען קיין בוענאָס איירעס, וועט ער זען וואָס מען קאָן עפּעס אויפטאָן ממשותדיקס אויפן קולטורעלן געביט.

די נייע יונגע שרייבער און דיכטער, וועמענס דערציילונגען און לידער זיינען שוין געדרוקט געוואָרן, האָבן אָבער פון זייער שרייבן נישט געקאָנט פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט.

די צייטונגען זיינען נאָך געווען יונגע און די אַרויסגעבער, סיי פון „די פּרעסע״ וואָס איז געווען אַ קאָלעקטיווע אונטערנעמונג פון שרייבער און דרוקער, ווי „די אידישע צייטונג״, וואָס האָט געהאַט איין באַלעבאָס, האָבן זיך נאָך גענוג געמוטשעט און געקעמפט פאַר דער עקזיסטענץ פון זייערע אויסגאַבן און אויב די באַלעבאַטישע צייטונג האָט נאָך באַצאָלט אַ קליינעם האָנאָראַר פאַר אַ מיטאַרבעטונג, האָט „די פּרעסע״ אפילו קיין קליינעם האָנאָראַר אויך נישט געקאָנט באַצאָלן און דער דאָזיקער עקאָנאָמיש-קלעגלעכער מצב פון די ניי-אָנגעקומענע שרייבער, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף אַ גענוג בולטן אופן אין זייערע שאַפונגען.

געווען צווישן די ניי-אָנגעקומענע אימיגראַנטן יונגע שרייבער וואָס האָבן זיך געמוזט נעמען צום „פּעקל״, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט און דער טרויעריקער מצב איז געשילדערט געוואָרן אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן אין קורצע דערציילונגען, פעליעטאָנען און לידער.

דעמאָלט איז שוין דאָ געווען דער דיכטער און דראַמאַטורג לייב מלאך און ער האָט צוזאַמען מיט דעם היגן דראַמאַטורג שמואל גלאַזער-מאַן אַרויסגעגעבן אַ וואָכן-זשורנאַל מיטן נאָמען „פּאַר גרוים און קליין״ און אין דעם זשורנאַל זיינען דערשינען אַקטועלע לידער וואָס זיינען שנעל געוואָרן זייער פּאָפּולער, מען האָט זיי רעציטירט און געזונגען און גאַנץ אָפט דערביי געווישט אַ טרער.

אַ שרייבער האָט געדיכטעט:

„...איר קענט דאָך אוודאי די היגע פּרנסה
צו גיין אין דער גאַס מיט אַ פּעקל;
צו קלאַפּן אין טויערן פון אָרימע הייזער
און קוועטשן ביי רייכע דאָס גלעקל...

איר ווייסט דאָך אוודאי, אַז איטלעכער גרינער

וואָס קען דאָ פון לאַנד נאָך די שפּראַך נישט,
מוז מוטשען זיך שווער דאָ אויף ברויט צו פאַרדינען,
ווען ער האָט דערצו נאָך קיין פאַך נישט...

איז — זוכנדיק, כאַפּט ער זיך ס'ערשטע צום „פּעקל",
צו אַרבעטן „קוענטע" פאַר יענעם,
ער גייט אין דער גאַס מיט אַ פּאַק אויף דער פּלייצע,
ער דאַרף זיך נישט שעמען — ווער קען אים?

טאָ גייט ער, דער גרינער און קלאַפּט אין די טויערן
און בעטלט כסדר אַ קונה,
און טראַכט זיך אין האַרצן: — אַמעריקע גנב...
פּרנסות... — וואו כ'האָב נאָר אַ שונא..."

אָדער:
„...גייט דער דיכטער מיטן פּעקל, קלאַפּט אין יעדער טיר;
און אין מוח וועבט אַ סטראָף זיך, פאַר אַ נייעם שיר...
עפּעס וויינט ביי אים אין האַרצן אַזאַ שטיל געפיל
אויסגיין טויזנט קוואַדראַטן טעגלעך, וואוזשע איז דער ציל?

קלאַפּן אין אַ יעדן טויער, זוכן אַ קליענט,
ריידן שטום אַן אומבאַקאַנטן לשון מיט די הענט...
ווישן זיך דעם שווייס פון פּנים מיט דער פלאַך פון האַנט,
ביז אַ קונה גיט פאַרדינען, ברויט — באַשמירט מיט שאַנד...

זעצן אויף אַ שוועל זיך ערגעץ ווען ער פילט זיך מיד,
און אין מוח פלאָנטערט אַליץ זיך עפּעס פאַר אַ ליד...
גייט דער דיכטער מיטן פּעקל, קלאַפּט אין יעדער טיר,
און אין מוח וועבט אַ סטראָף זיך, פאַר אַ נייעם שיר!..."
(פראַגמענטן פון מיין פּאָעמע „דאָס פאַרשוואונדענע פּעקל",—נ. צ.)

אויף דער הומאָריסטישער זייט פון די פאַרגרעסערטע זונטיק-נו־מערן „די פּרעסע" און אין „גרויס און קליין", זיינען דערשינען פּראָ־דיעס אויף אַלטע פּאָפּולערע פאָלקסטימלעכע לידער און אַזוי ווי די מע־לאָדיעס זיינען געווען באַקאַנטע, האָט מען באַלד געהערט זינגען די לידער אין די וואַרשטאַטן און ביי יעדער געלעגנהייט פון אַ צוזאַמענ־

קום פון עטלעכע גרינגע און שפּעטער זיינען די פּאַראַדיעס אויך געזונ־
גען געוואָרן אויף אָוונטן וואָס זיינען פאָרגעקומען פון צייט צו צייט.

דער יידישער שרייבער פון פּוילן, (אגב, דער שרייבער פון דעם בוך) איז שוין געהאַט אַרויסגעפאָרן פון בוענאָס איירעס קיין ענטרע ריאָס, כדי זיך דאָרט צו באַקענען מיט דעם לעבן פון די יידישע קאָלאָ־ניסטן, ווען אָרעמע אַרבעטער־פאַמיליעס און עלנטע אימיגראַנטן אין זייערע אָרעמע קעמערלעך האָבן געזונגען זיינע פאַרעפנטלעכטע פּאַ־ראַדיעס אויף אַלט־היימישע לידער און „קלאָפּערס", וואָס האָבן זיך געשלעפּט איבער די לאַנגע און ווייטע גאַסן פון גרויסן בוענאָס איירעס, מיט די שווערע פּעק אויף די אַקסלען, האָבן אין זיך אַריינגעזונגען די פּאָפּולער־געוואָרענע פּאַראַדיע אויף אברהם רייזענס „העמערל, העמערל קלאַפּ", וואָס האָט זיך געזונגען אַזוי:

„. . . קלעפּערל, קלעפּערל קלאַפּ,
קוק נישט — דאָס פּעקל איז שווער
און ס'רינט דיר פון פּנים דער שוויים
און גיסט זיך צונויף מיט דיין טרער . . .

קלעפּערל, קלעפּערל קלאַפּ;
ביז ווען מען דיין סחורה געפעלט,
געקומען אַ בריוו פונדערהיים,
מען וואַרט דאָרט, דו זאָלסט שיקן געלט . . .

קלעפּערל, קלעפּערל קלאַפּ;
דאָס לעבן איז דאָך נישט קיין שפּאַס;
קלאַפּ אַזוי לאַנג ביז דו ועסט
פאַלן פון מידקייט אין גאַס . . ."

זינגענדיק די לידער, האָבן די „פּעדלער" גאַנץ אָפט פאַרגאָסן אַ טרער. זיי האָבן אין די לידער געפונען אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער עלנטן לעבן און עס איז פאַר זיי געווען אַ שטיקל טרייסט, וואָס שרייבער פילן זיי מיט און באַזינגען זייער פיין.

עס זיינען געווען די ערשטע וואָכן און חדשים נאָך דעם אָנקומען פון די אימיגראַנטן, וואָס דער עלנט און די פּיין האָט כמעט קיינעם פון זיי נישט אויסגעמיטן; די פּיין איז שוין נישט געווען צוליב הונגער און דאַכלאָזיקייט, ווייל כמעט אַלע אימיגראַנטן וואָס זיינען געקומען מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָבן שוין עפּעס געטאָן און ווי ווייניק און

זוי קליין עס זיינען געווען די פאַרדינסטן, האָט מען שוין געהאַט צו באַצאָלן דירה-געלט פאַר דעם אָרעמען קעמערל, אָדער פאַר דעם פינצ־טערן שטיבל אין קאָנווענטיזשע און עס האָבן שוין נישט אויסגעפעלט די געציילטע סענטן פאַר וועלכע מען האָט געקאָנט באַקומען אַ גאַנץ גוטן מיטיק-מאָלצייט אין אַ ביליקן רעסטאָראַן.

דער עלנט און די פיין וואָס האָט געדריקט, איז געווען אַ גייסטיקע, צוליב בענקשאַפט, צוליב דעם פעלן פון סביבה וואו מען זאָל זיך קע־נען גייסטיק אויסלעבן און וואו מען זאָל קענען איינער פאַרן אַנדערן אויסריידן דאָס האַרץ און דורך חברשע שמועסן און דורך קומען אין קאָנטאַקט מיט דעם צרות-רבים, געפינען אַ טרייסט און אַרויסהויבן זיך פון דער צערפולער איינזאַמקייט אין דער ווייטער פרעמד.

פיל לייכטער איז שוין געווען דאָס לעבן פון די אַלע וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען אין דער סביבה פון קאַפע „כאַפּאַנעז", פון דער ליטעראַרישער און אַרטיסטישער קיבעצאַרניע, וואו מען האָט מיט אַזוי־פיל פּאַטאָס גערעדט און דיסקוטירט וועגן אַלץ אין דער גרויסער וועלט, אַז מען האָט זייער לייכט געקאָנט פאַרגעסן אָן זיך אַליין.

לייכטער איז אויך געווען פאַר די אימיגראַנטן וואָס האָבן שוין גע־קאָנט זיך פאַרגינען צו קויפן אַ ביליקן בילעט אויף דער גאַליאָרקע אין יידישן טעאַטער, אָבער אַ סך, זייער אַ סך זיינען נאָך געווען די, וועל־כע האָבן עלנטע אין זייערע אָרעמע קעמערלעך געליטן און געבענקט און באַוויינט זייער איינזאַמקייט און זיך געפייניקט מיט זייער טרויער...

ג

# יידישע קאָלאָניסטן

די יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, האָט שוין געהאַט אַ שם איבער דער גאַנצער יידישער וועלט, איבערהויפּט אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע, וואו די יידישע עמיגראַציע איז געוואָרן אַ מאַסנהאַפ־טע און די טויזנטער ערב־עמיגראַנטן זיינען געשטאַנען פאַר דער גרוי־סער פראַגע — „וואוהין?".

ה. ד. נאָמבערגס וויזיט אין אַרגענטינע און זיינע אַרטיקלען אין וואַרשעווער „מאָמענט", האָבן געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם און זיין אויסלויבן אַ ווערק וואָס מרדכי אַלפּערסאָן, אַ יידישער קאָלאָניסט, האָט אָנגעשריבן וועגן „דרייסיק יאָר יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע", האָט געוועקט די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע יידישע קרייזן אין די אַלטע היימען צו דעם וויטן לאַנד, פונוואַנען מען האָט געפלעגט באַ־קומען בלויז טרויעריקע גרוסן פון פאַרשוואונדענע מיידלעך און פרויען, וואָס זיינען דאָ אַריינגעפאַלן אין די נעצן פון די ווייסע שקלאַפן־הענד־לער.

די ציטונגען פון אייראָפּע און נאָרד־אַמעריקע, וועלכע האָבן פריער געהאַט אַן אינטערעס צו פאַרעפנטלעכן שילדערונגען פון אַרגענטינע בלויז פון פּיקאַנטן כאַראַקטער אין פאַרבינדונג מיט דעם טרויעריקן שקלאַפן־האַנדל, האָבן דערפילט דעם אינטערעס פון די לייענער צו דעם נייעם און ריינעם יידישן לעבן וואָס האָט אָנגעהויבן אויפגיין מיט דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און זיי האָבן געזוכט צו באַקו־מען שילדערונגען פון אָט אַ דעם נייעם אויפגייענדיקן יידישן לעבן און רייכערע ציטונגען האָבן אַפילו דעלעגירט ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטן קיין אַרגענטינע, כדי צו שעפּן ידיעות פון פאַרלעסלעכע קוואַלן.

דער יידישער שרייבער פון פּוילן איז צוזאַמען מיט אַ יידישן קאָ־לאָניסט פון באַסאַווילבאַסאָ געפאָרן זען די יידישע קאָלאָניעס אין פּראָ־ווינץ ענטרע ריאָס.

כדי צו באַווייזן פאַר דעם שרייבער, ווי שטאַרק זיין שטעטל אין

ענטרע ריאָס איז באַקאַנט אַלס יידיש שטעטל, האָט ער ביי דער קאַסע פון דער באַן־סטאַנציע מאַקאַריטאַ, געבעטן צוויי בילעטן „אַ וואַר־סאָוויאַ", דאָס הייסט — קיין וואַרשע און דער קאַסיר האָט אים מיט אַ שמייכל דערלאַנגט צוויי באַן־בילעטן קיין באַסאַווילבאַסאַ.

אַלס אַן אַריינפיר צו דער רייזע, איז דער שפּאַס פון דעם קאָלאָ־ניסט געווען אַ גוטער סטימול פאַר דעם יידישן שרייבער און ער האָט דורך די זעכצן־זיבעצן שעה וואָס די רייזע האָט געדויערט, געמאַכט אַ היפּש ביסל פאַרצייכענונגען אין זיין נאָטיץ־ביכל וועגן זיינע אָנגע־נעמע רייזע־איינדרוקן.

דער קאָלאָניסט איז געווען אַ באַריידעוודיקער און ער האָט דעם שרייבער דערציילט אַן אַ שיר עפּיזאָדן און אַנעקדאָטן וועגן דעם לעבן פון די יידישע קאָלאָניסטן; עפּיזאָדן און אַנעקדאָטן פריילעכע און טרויעריקע, פון וועלכע עס האָט זיך געפילט דער געשמאַקער און גע־זונטער ריח פון פעלדער, פון פעטער צעאַקערטער ערד און פון שוויים, פון באַשטיוולטן האַרעפּאַשנעם יידישן קאָלאָניסט, און וואָס נענטער די באַן איז געקומען צו באַסאַווילבאַסאַ, אַלץ מער איז ביים שרייבער געוואַקסן דער אינטערעס און די נייגעריקייט צו דעם נייעם יידישן לעבן מיט וועלכן ער וועט דאָ באַלד קומען פּנים אל פּנים.

די ערשטע באַקאַנטשאַפט וואָס דער שרייבער האָט געשלאָסן אין באַסאַווילבאַסאַ, איז געווען מיט אַ געוועזענעם יידישן אַקטיאָר, וואָס האָט איצט דאָ געהאַט אַ שיין געשעפט מיט זייגערס און מוזיקאַלישע אינסטרומענטן.

מאָרים און פאַני אייזנבערג האָט געהייסן דאָס געוועזענע אַרטיסטן־פּאָרל, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געקומען קיין ענטרע־ריאָס צו־זאַמען מיט אַ גאַנצער אַרטיסטן־טרופּע שפּילן יידיש טעאַטער, נאָר די געשעפטן זיינען געגאַנגען אַזוי שלעכט, אַז די טרופּע איז זיך צעפאַלן, די אַקטיאָרן וואָס האָבן געהאַט אויף הוצאות, זיינען צוריקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס, נאָר מאָרים און פאַני אייזנבערג האָבן נישט געהאַט אויף הוצאות און בעטלען האָבן זיי נישט געוואָלט, האָט זיך מאָרים דערמאָנט, אַז ער האָט אַמאָל פאַרריכט אַ זייגער און ער איז געוואָרן אַ זייגערמאַכער.

וועגן זיין זייגערמאַכעריי זיינען אַרומגעגאַנגען אַ סך אַנעקדאָטן און וויצן, אָבער דער שענסטער וויץ איז געווען, אַז פון דער זייגער־מאַכעריי איז ער שנעל געקומען צו אַ געשעפטל פון זייגערס און אַנדערע אַרטיקלען וואָס ער האָט באַקומען אויף קרעדיט פון בוענאָס איירעסער

הורט־געשעפטן און אַנקוקנדיק זיין געשעפט מיט סחורה, האָט מען אים געקאָנט שאַצן פאַר אַ ייד אַ גביר.

אַזוי ווי אַברהם און פערעלע פרידמאַן אין בוענאָס איירעס, אַזוי האָבן אויך מאָרים און פאַני אייזנבערג אין באַסאַווילבאַסאָ גענומען אויף זיך צו העלפן יעדן שרייבער אָדער אַרטיסט וואָס איז אַריינגע־פאַלן אין דעם שטעטל, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן ליידן דאָס, וואָס זיי האָבן געליטן.

מאָרים און פאַני אייזנבערג האָבן דעם שרייבער נישט געלאָזן זוכן קיין אַנדער אַכסניה; מאָרים האָט דעם שרייבער באַקענט צוערשט מיט דעם שטעטל, וואָס איז טאַקע געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיק יידיש שטעטל, נאָר פאָרט נישט ענלעך צו די יידישע שטעטלעך אין די אַלטע היימען.

נישט קיין קלויזניקעס מיט געבויגענע קעפּ וואָס איילן איבערן וועג צום בית־המדרש צו לערנען זייער שיעור און נישט קיין פּראַנטלעך מיט די שטעקעלעך אין די הענט וואָס מען האָט דאָרט געזען, נאָר האָרע־פּאַשנע אידן מיט בערד וואָס זיינען פון פאַרשידענע זייטן אָנגעקומען צו פאָרן אויף צוויי־רעדלדיקע וועגעלעך וואָס רופן זיך „סולקים", זיי זיינען דאָ געקומען פון זייערע קאָלאָניעס איינקויפן פאַרשידענע מכשי־רים צו זייער אַרבעט, אָפּנעמען פון דער פּאָסט די יידישע צייטונגען וואָס זיי האָבן אַבאָנירט אין ב. איירעס און פון אַנדערע לענדער און אגב, אויך כדי צו הערן וואָס עס טוט זיך עפּעס אויף דער גרויסער יידישער וועלט.

אין באַסאַווילבאַסאָ האָט זיך דער שרייבער באַקענט מיט דעם לערער פון דער ייק"א־שול, וועלכער האָט זיך דאָס ערשטע באַקלאָגט אויף די „קורסאָס רעליכיאָסאָס", אויף די רעליגיעזע לימודים וואָס די ייק"א האַלט אין אירע שולן פאַר אָבליגאַטאָריש, כאָטש דאָס ברענגט פאַר דער יידישער דערציאונג פון די קינדער מער שאָדן ווי נוצן, ווייל דאָס וויכטיקסטע פון די רעליגיעזע קורסן באַשטייט נאָר פון אויסלערנען דאַווענען און זאָגן קדיש...

אַן אַנגענעמע איבעראַשונג איז פאַר דעם שרייבער געווען די באַ־קאַנטשאַפט מיט אַ יידישן שניידער אין באַסאַווילבאַסאָ, אָדער ווי מאָ־רים אייזנבערג האָט אים גערופן: — דער שניידער וואָס שרייבט לידער.

דער שניידער וואָס האָט געשריבן לידער, איז געווען אַברהם מאָש־קאָוויטש.

ווען דער שרייבער־גאַסט איז אַריינגעקומען צו אים, האָט מאָש־קאָוויטש שנעל אַוועקגעלייגט דאָס געניי־עכץ און אַן איבעראַשטער

פון פּלוצימדיקער פרייד, האָט ער באַגריסט דעם גאַסט און נאָכדעם ווי ער האָט געשטעלט אַ רייע פראַגן וועגן די יידישע שרייבער אין בוע־נאָס איירעס, האָט ער דערציילט וועגן זיין טעטיקייט אין באַסאָוויל־באַסאָ, אַ חוץ דעם שניידעריי פון וועלכן ער פאַרדינט דאָס שטיקל ברויט.

— מיר האָבן דאָ אַ ביבליאָטעק און אַ דראַמאַטישן קרייז, מיר פירן דאָ אויף הירשביינס און גאָרדינס פּיעסן און מיר פירן דאָ דורך דיסקו־סיע־אָוונטן איבער פאַרשידענע ליטעראַרישע ווערק און... — האָט מאַשקאָוויטש רויטלענדיק זיך פאַרגעזעצט: — צווישן איין רעקל און דעם צווייטן, כאַפּ איך צומאָל די פּען און שרייב אָן אַ געדיכטל...

— האָט איר שוין עפּעס פאַרעפנטלעכט?

— אַז מען וואוינט ווייט פון די רעדאַקציעס! איך לייען צומאָל פאַר מיינע זאַכעלעך אויף אונדזערע חברישע אָוונטן און זיי געפעלן, אָבער אַוועקשיקן זיי אין די רעדאַקציעס, טרויע איך זיך עפּעס ניט... זוייס איך? נו, מן הסתם וועלן זיי נאָך פאַרעפנטלעכט ווערן... און... אויב איר האָט צייט און געדולד, קאָן איך אייך ווייזן אַ פּאָר פון מיינע זאַכעלעך...

דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַוועקגעשאַרט דאָס רעקל וואָס ער האָט געהאַלטן אין נייען, אַרויסגערוקט דאָס טיש־קעסטעלע און אַרויסגענו־מען אַ דיקן העפט.

— כ׳וועל אייך קודם לייענען איינס פון מיינע ע״שטע בענק־לידער.

רויטלענדיק זיך האָט ער געמישט די בלעטער פון דעם העפט און ענדלעך זיך אָפּגעשטעלט, געמאַכט אַ קורצע פּויזע און אָנגעהויבן:

„ווי אַ יונגע גאַלאַנדרינע
אין דער וויטער ארגענטינע,
פול מיט גלויבן אין מיין הארצן
בין איך פון מיין היים געקומען.

כ׳האב געשוועבט אין הויכע רוימען
און אַזויפיל צארטע טרוימען,
צארטע ברכות פון מיין מאמען,
וואָס איך האב מיר מיטגענומען.

כ׳בין דערשוואומען — פרעמדע ברעגן,
פרעמדע היימען, פרעמדע וועגן,
אַלץ וואָס נאָענט, ליב און הארציק,
איז פון אַלטער היים פארשוואונדן.

ווי אַ יונגע גאַלאַנדרינע
אין מיין ניי־לאַנד אַרגענטינע,
שוועבט מיין האַרץ אין דינעם פלאַטער,
טויזנט־פעדעמדיק געבונדן!"

אייזנבערג און דער שרייבער־גאַסט האָבן אַפּלאָדירט און געמור־טיקט פון דעם אַפּלאָז, האָט מאַשקאָוויטש איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך פון זיין העפט, ווידער געמאַכט אַ קורצע פויזע און נאָך אַ קורצן פאַרוואָרט, אַז איצט וועט ער לייענען אַ געדיכט וואָס ער האָט געשאַפן אונטער דעם איינדרוק פון זיין באַקענען זיך מיט די יידישע קאָלאָניעס, האָט ער אָנגעהויבן:

„קאָלאָניסטן יידישע, אַ געזונט אין זייערע ביינער!
ווי זיי פאַרדינען, ערלעכער דאָס ברויט פאַרדינט נישט קיינער!

זייערע האַרעפּאַשנע הענט אין בלאָטע אויסגעשמירטע,
זיינען שענער פון די ווייסינקע, מיט דימענטן באַצירטע.

זיי זיינען אָנגעקומען דאָ פון לענדער וויט צופאָרן,
איז דאָס אַרגענטינע־לאַנד זייער נייע היים געוואָרן.

און געטראָפן שטרעקעס ערד, ווילד און פוסט, פאַרלאָזן,
נישט קיין וועג און נישט קיין שליאַך, נאָר הויכע ווילדע גראָזן.

זיינען זיי צו נייער ערד געוואָרן צוגעבונדן,
איר אין רייכטימער צעבליט מיט בלוט פון זייערע וואונדן.

איצטער ליגן שטרעקעס ערד גדלותדיק צעשפּרייטע
אין דער לענג און אין דער ברייט מיט תבואה פול פאַרזייטע!

איצטער ליגן שטאָלץ צעבליט אַרגענטינער וויסטן —
אויסגעוואַקסן איז אַ דור פון יונגע קאָלאָניסטן.

און עס איז אַ פויער־דור אַ יידישס אויפגעקומען,
קאָלאָניסטן יידישע, געלויבט איז אייער נאָמען!..."

אייזנבערג האָט פאַרגעסן אַז ער האָט געלאָזן זיין זייגער־געשעפט אויף גאָטס באַראָט, אים האָט הנאה געטאָן וואָס זיין שרייבער־גאַסט איז צופרידן וואָס ער האָט אים אַריינגעפירט צו דעם שניידער וואָס שרייבט לידער און לאַנג זיינען זיי אַזוי געזעסן און מאַשקאָוויטש האָט

אַרויסרעציטירט פון דעם העפט איין ליד נאָך דעם אַנדערן און יעדעס מאָל ווען דער שרייבער-גאַסט האָט אים געזאָגט אַ גוט וואָרט, האָבן זיך זיינע צעשטראַלטע אויגן אָנגעפולט מיט טרערן.

אַ צענדליק לידער האָט מאַשקאָוויטש אַרויסרעציטירט פון דעם פול-באַשריבענעם העפט, דאָס זיינען געווען מערסטנס לויב-געזאַנגען פאַר דעם יידישן קאָלאָניסט און אידעאַליזירטע שילדערונגען פון דעם לעבן אין די יידישע קאָלאָניעס און שוין צומאָרגנס, ווען דער שרייבער-גאַסט האָט באַזוכט די קאָלאָניעס און אַ קאָלאָניסט האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַריין, האָט ער פעסטגעשטעלט דעם אמת פון מאַש-קאָוויטשעס שילדערונג, אַז —

„אַ מחיה איז אַריינצוקומען אין שטוב פון קאָלאָניסט,
פאַרהאָרעוועטע מי בלאַנקט פון יעדן ווינקעלע אַרויס
און ס׳שוועבט אַ פרומע ערלעכקייט אַרום אין גאַנצן הויז,
אַ מחיה איז אַריינצוקומען אין שטוב פון קאָלאָניסט!

דו קומסט אַריין, מען נעמט דיך אויף, גוט־מאָרגן, פריי און ברייט
און תיכף טראָגט מען אונטער דיר אַ גלאָז מיט פעטע מילך
און ברויט מיט פוטער, סמעטענע און קעז און וואָס דו ווילסט
און אַלץ אַרום איז אַזוי פריש מיט הענט מיט אייגענע געמאַכט!...“

און —

„ס׳ליגן די פעלדער די יידישע
ווייט אין דער לענג און אין דער ברייט,
ליגן מיט גדלות באַפּרוכפּערטע,
פון יידן, פון יידן פאַרזייט!

אַ ברכה, אַ ברכה אַ הייליקע
שוועבט אויף די פעלדער אַרום,
עס האָט דאָך דער ייד ביים פאַרזייען זי
תפילה געטאָן אַזוי פרום!... — — —“

יאָ, אַ ברכה האָט דער שרייבער-גאַסט געזען שוועבן איבער די ווייטע און ברייטע פעלדער פון די יידישע קאָלאָניסטן. דאָס איז געווען אַרום סוכות-צייט, ווען אין די זאַנגען האָבן אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן די ערשטע קערנער און די הערצער פון די יידישע קאָלאָניסטן זיינען

געווען אָנגעפולט מיט געבעט צו גאָט, אַז דער רעגן זאָל קומען אין צייט און מיט אַ מאָס און אַז די גערעטעניש זאָל זיין אַ גוטע.

ביי די יידישע קאָלאָניסטן האָט זיך דער שרייבער־גאַסט דערוואוסט פון זאַכן, וואָס זיינען פאַר אים געווען אינגאַנצן ניי. ער איז צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געקומען פּנים אל פּנים מיט אַזעלכע געזונטע האַרעפּאַשנע יידן וואָס ריידן מיט פרייד וועגן זייער שווערער פּראַצע, זוען זיי קנעטן די טיפע בלאָטעס מיט זייערע שטיוואַלעס, פירנדיק דעם אַקער וואָס שניידט זיך אַריין אין דעם פעטן האָניק־לעקעך — ווי זיי רופן אָן די פרוכטבאַרע ערד.

אַן אַנגענעמע גייסטיקע איבערלעבונג איז פאַר אים געווען אַ יום־טוב ביי די קאָלאָניסטן; דאָס איז געווען חול־המועד סוכות, ווען דער דראַמאַטישער קרייז וואָס איז באַשטאַנען פון קאָלאָניסטישע זין און טעכטער, האָט געמאַכט אַ פאָרשטעלונג און אויפגעפירט פּרץ הירש־ביינס „,גרינע פעלדער", וואָס כאָטש אָן אַ געהעריקער בינע און אָן די ראַפינירטע אויסשטאַטונגען, האָט פון דעם באַלעמער אַראָפּגעווייעט אַזויפיל אמתדיקייט, אַזויפיל פּרימיטיווע פשטות, פון וועלכער פּראָפע־סיאָנעלע אַרטיסטן וואָלטן געקאָנט אַ סך לערנען ווי אַזוי מען דאַרף שפּילן אין „די גרינע פעלדער" און ווען פּרץ הירשביין אליין וואָלט גע־זען אַזאַ פאָרשטעלונג, וואָלט ער זיכער אויסגערופן: — אָט אַ דאָס האָב איך געמיינט!...

זעקס וואָכן איז דער שרייבער־גאַסט אַרומגעפאָרן איבער די יידי־שע קאָלאָניעס. דורך דער צייט, האָט ער זיך פון די קאָלאָניסטן דער־וואוסט וועגן אַ סך קלאַגעס וואָס זיי האָבן קעגן דער ייק"א־אַדמיניס־טראַציע.

אָבער די צייט האָט זיך געוויזן גוט, און וואָס העכער עס האָבן זיך געהויבן די זאַנגען און וואָס פעטער און פולער זיי זיינען געוואָרן, אַלץ פריידיקער און לוסטיקער זיינען געוואָרן די קאָלאָניסטן און אָנ־שטאָט באַקלאָגן זיך, האָבן זיי זיך געגרויסט מיט דעם שימערירנדיקן גאָלד וואָס זיי האָבן מיט זייער שווערער האַרעוואַניע אַרויסגעהויבן פון דער מיט שוויים־צעאַקערטער ערד.

איין קאָלאָניסט האָט אַרומגעפירט דעם שרייבער־גאַסט אויף זיינע פעלדער און אָנווייזנדיק מיט זיין אויסגעשטרעקטער פאַרמאָזאַליעטער האַנט אויף דעם וויטן אַרום וואָס האָט זיך ממש געבאָדן אין גאָלד־גלאַנץ פון כמעט צייטיקע תבואות, האָט ער אויסגערופן: — אַ נו, פּרואווט דאָ ערגעץ אַריינוואַרפן אַ נאָדל, וועט איר זען די געדיכטע שפע וואָס די באַארבעטע ערד האָט דאָ פון זיך אַרויסגעגעבן! קיין

נאָדל האָט נישט קיין פּלאַץ אַראָפּצופאַלן צווישן דער געדיכט־אַרוים־געוואַקסענער שפּע און זאָל נאָר גאָט העלפן, אַז עס זאָל נישט קומען קיין איבערשלאָג, וועט אונדזער היי־יאָריקע „קאָסעטשע" (שניט) אַראָפּ־גענומען ווערן מיט דעם אמתן געזאַנג, אַזוי ווי דוד המלך האָט געזאָגט:
— „הזורעים בדמעה, ברינה יקצורי!..."

דאָס פּנים פון דעם קאָלאָניסט וואָס האָט געהייסן פּערלשטיין, האָט געשטראַלט פון פרייד און פון אַנטציקונג. און עס איז געווען פון וואָס אַנטציקט צו ווערן! ווייט אַרום, וואו דער בליק איז נאָר געפאַלן, האָט זיך געזען דאָס אַרויסגעוואַקסענע גאָלד, וואָס האָט זיך פון דעם לייכ־טעטן ווינטל אָנגעהויבן באַוועגן ווי אַ גרויסער גאָלדענער שטראָם וואָס ווערט געלאַשטשעט פון דער זון.

די זאַנגען זיינען געווען כמעט אַ מאָן די הויך. דער קאָלאָניסט האָט אָפּגעריסן איין זאַנג, זי צעריבן מיט די פאַרמאָזאָליעטע האַנט־פלאַכן און מיט שטאָלץ באַוויזן אַ זשמעניע פעט־בייכיקע ווייץ־קער־נער: — אָט אַ דאָס, זעט איר, איז די ברכה וואָס גאָטס ערד גיט אַרויס פאַר די, וואָס באַאַרבעטן זי מיט ליבשאַפט!...

אַ וואָך שפּעטער, ווען עס האָט שוין ממש געהאַלטן ערב „קאָ־סעטשע", האָט פון ערגעץ אָנגעיאָגט אַ דיקע שוואַרצע כמאַרע באַגלייט פון אַ „טאַרמענטאַ", די כמאַרע האָט זיך ווי אויגנבליקלעך אויסגע־שפּרייט איבער די יידישע פעלדער, שאַרפע בליצן האָבן ווי באַמיט זיך צו צעשניידן די כמאַרע און ביי יעדן אויפשיין פון בליץ, האָט מען געקאָנט זען, ווי די הויכע זאַנגען בויגן אַראָפּ זייערע קעפּ צו דער ערד פון שרעק און פּלוצלינג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ שלאָקס־רעגן באַגלייט פון אַ גרויסן האָגל, וואָס יעדעס שטיקל אייז איז געווען ווי אַ נוס די גרויס וואָס איז מאַסנהאַפט געפאַלן אויף די אין שרעק אַראָפּגעבויגענע צייטיקע זאַנגען און מיט פוריע אַרויסגעדראָשן פון זיי די קערנער און ווען דער שרייבער־גאַסט האָט אויף זיין צוריקוועג ווידער געטראָפן דעם קאָלאָניסט פּערלשטיין, האָט ער אים כמעט נישט דערקענט.

דאָס צעשטראַלטע פּנים זיינס, איז איצט געווען פינצטער. דער הויך־געשטרעקטער האַרעפּאַשנער ייד, איז איצט געשטאַנען מיט אַ גע־בויגענער פּלייצע און ווייזנדיק אויף די פעלדער, האָט ער טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיט אַ זיפץ אויסגערופן:

— איין האַלבע שעה טאַרמענטאַ און האָגל, האָבן צונישט געמאַכט אונדזער חדשים־לאַנגע שווערע פּראַצע און אונדז פון האַנט אַרויסגע־שלאָגן דאָס שטיקל ברויט...

# ד

## דריי בריוו פון דוד פּעלצמאַן

— 1 —

צו בערנאַרד פּיינהאָלץ
בוענאָס איירעס.

מיין טייערער, ליבער פריינט:

איך דאַנק דיר פון טיפן האַרץ פאַר דיין שנעלן ענטפער; איך פיל זיך דאָ נאָך אַלץ זייער עלנט און דיינס אַ בריוול דערהאַלט מיך ממש ביים לעבן.

אָבער פאַרוואָס שרייבסטו מיר אַזוי ווייניק? דו ווייסט דאָך, אַז דיין דערפאָלג פרייט מיך פונקט אַזוי ווי ער וואָלט געווען מיינער און אויב דו שטייגסט דאָרט אויף דיין פּאָסטן אויף כסדר מער אָנגעזעענערע פּאָזיציעס, פאַרוואָס שרייבסטו מיר נישט ווי אַזוי, וואָס און ווען? דו ווייסט דאָך, איך בין אויף אַלץ וואָס קומט פאָר מיט דיר, נייגעריק צו וויסן אַלע איינצלהייטן און איך בעט דיך, שרייב מיר אַרום אַלצדינג, ווייל איך האָב דאָ נישט קיין שום אַנדערע פרייד, אַ חוץ פון דעם לייענען דיינס אַ בריוו.

וועגן מיר דאָ, אין דעם העק-שטעטעלע אין ענטרע-ריאָס, וואו עס איז אָפּילו נישטאָ קיין באַן־סטאַציע, מען זאָל זיך קענען אָפּפרישן מיט זען פאַרבייפאָרן אַ נייעם מענטש, איז דאָס לעבן אויף אַזוי ווייט אַנדערש ווי אין דער גרויסער שטאָט, אַז איך קוק און וואונדער זיך, ווי אַזוי די מענטשן לעבן דאָ, ווי אַזוי זיי מאַכן דאָ מיט זייערע ליידן און פריידן, בעת איך אַליין, דריי זיך אַרום ווי אין אַ פאַרשיכורטן צושטאַנד און באַמי זיך אין מיין באַרוישטקייט צו באַגרייפן אין וואָס פאַר אַ וועלט איך בין דאָ מגלגול געוואָרן...

דו פרעגסט מיך ווי עס גייט מיר דאָ מאַטעריעל און וואָס פאַר אַן אויסזיכטן איך האָב דאָ פאַר מיין צוקונפט? נו גוט, איך וועל עס פּרוּוון דיר צו באַשרייבן:

איך האָב דיר שוין געשריבן, אַז אין דעם שטעטעלע זיינען פאַראַן בלויז עטלעכע שטיבלעך וואו עס וואוינען, האַנדלען און אַרבעטן עט־לעכע יידישע פאַמיליעס וואָס ציען די פרנסה פון די אַרומיקע יידישע קאָלאָניסטן.

עס איז דאָ אַ גרויסער שייער, דאָ רופט מען עס „גאַלפּאָן״, וועל־כער ווערט היינט גערייניקט און געפּוצט, מען גרייט אים צו אַלס שול פאַר די ימים־נוראים און די אַרבעט האָט אַריינגעבראַכט אַביסל לע־בעדיקייט אין דעם טויטן שטעטל.

אַרבעט האָב איך גענוג. עס קומען צו מיר יידישע קאָלאָניסטן מיט זייערע ווייבער און קינדער, דאָס זיינען גאַנץ אַנדערע מענטשן ווי מיר זיינען געוואוינט צו זען אין די גרויסע שטעט; דאָס זיינען אָפנהאַרצי־קע מענטשן, וואָס טראָגן זייער פאַרביטערטקייט, זיינען זיי גוטמוטיק און צוגעלאָזן און מיר שיינט, אַז איך וואָלט זיי געקאָנט ליב באַקומען, ווען עס שרעקט מיך נישט אַזוי זייער רויע קראַפט, זייער געזונטקייט וואָס זיי שעפּן פון דער שווערער אַרבעט אויף די ווייטע און ברייטע פעלדער און ווען זייער אָנוועזנהייט וואָלט מיך, דעם אויסגעצערטן אינ־טעליגענטל, נישט געמאַכט פילן שפּלדיק, אַזוי ווי אַ קאַרליק קעגן ריזן...

ביז מיין אָנקומען, האָבן די יידישע קאָלאָניסטן דאָ בלויז געוואוסט, אַז ווען אַ צאָן טוט שטאַרק ווי, דאַרף מען אים אַרויסרייסן און פּטור אַ עסק. ווען איך האָב איינעם געזאָגט, אַז דעם צאָן קאָן מען נאָך פאַר־ריכטן, אַז דאָס איז בלויז אַ נערוו, וועלכן מען קאָן אָפּטויטן און פאַר־פּלאָמבירן דעם צאָן, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט אומצוטרוי, געטראַכט אַ ווײַלע און דאַן אויסגערופן: — רייסט אים אַרויס און אַ סוף זאָל נעמען צום ווייטיק!...

עס האָט מיך געקאָסט אַ סך מי, ביז איך האָב זיי איבערצייגט, אַז אַ צאָן איז פאַר דעם מענטשן פּונקט אַזוי נויטיק ווי אַ פוס אָדער אַ האַנט און פּונקט אַזוי ווי מען לאָזט זיך נישט אָפּשניידן אַ פוס אָדער אַ האַנט ווען עס מאַכט זיך אַ געשווירל, נאָר מען זוכט אויסצוהיילן, אַזוי דאַרף מען אויך זוכן אויסצוהיילן אַ צאָן, סיידן, אין אומבאַדינגטע פאַלן, ווען עס איז אַבסאָלוט נויטיק אַן אַמפּוטאַציע, נו, דעמאָלט רייסט מען אים אַרויס, כדי אויסצומיידן אַ גרעסערע געפאַר.

נו, דאַנקען גאָט, אַביסל האָב איך זיי שוין איבערצייגט; איך האָב פאַרהיטן די שיינע פראָנט־ציין ביי צוויי קאָלאָניסטישע כלה־מייד־לעך און דאָס האָט געמאַכט אַזאַ עפעקט, אַז איך רייס שוין ציינער בלויז ביי די אַלטע און די יונגע פרעגן מיך שוין און בעטן מיך, איך זאָל

נאָכטראַכטן, צי מען מוז שוין דעם צאָן אַרויסרייסן, אָדער אפשר קאָן מען אים נאָך אויסהיילן און פאַרפלאָמבירן.

יאָ, זיי מיר מוחל, דו האָסט דאָך מיך געפרעגט ווי עס גייט מיר מאַטעריעל און איך בין דאָ פאַרקראַכן אויף זייטיקע וועגן...

מאַטעריעל, קאָן איך זיך נישט באַקלאָגן. איך האָב אַרבעט גענוג און איך האָבן שוין אָפּצונעמען אַ היפּש ביסל געלט פון מיינע פּאַציענטן, אָבער דערווייל, לעב איך אויף באָרג, פּונקט אַזוי ווי דער שטעטלשער דאָקטאָר און פּונקט אַזוי ווי דער שניידער, שוסטער, בעקער און די קליטניקעס, וואָס פאַרשרייבן אַלץ אין ביכלעך און אַבי עס וועט זיין „קאָסעטשע” און די קאָלאָניסטן וועלן זיך אויסגלייכן די ביינער, דעמאָלט וועלן זיי אונדז באַצאָלן די חובות, אַזוי ווי עס פירט זיך דאָ יאָר־איין און יאָר־אויס.

דער מאַטעריעלער איינשטעל איז דאָ אַזוי, אַז אַפילו מיר, די שטעטלשע מענטשן וואָס האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צו דער ערד־אַרבעט, מוזן קוקן אויף די הימלען און בעטן גאָט אויף אַ גוטער גערעטעניש, ווייל אין שטעטל לעבט מען נאָר אין זכות פון דער שפע וואָס קומט פון קאָלאָניסטישער פראַצע.

עס זיינען דאָ פאַראַן קאָלאָניסטן וואָס האַלטן זיך פאַר גרויסע אויסקענער אויף דער נאַטור און זיי פאַרזיכערן, אַז לויט אַלע סימנים, וועט הייי־יאָר זיין אַ גרויסע גערעטעניש און הלואי זאָל עס טאַקע אַזוי זיין, וועל איך זיכער אָפּנעמען אַזויפיל געלט, אַז איך וועל זיך קענען דערלויבן דעם לוקסוס, זיך אַריבערצוכאַפּן כאָטש אויף אַ וואָך צייט קיין בוענאָס איירעס, וואו איך וועל דיך קענען זען און פאַרברענגען אין געזעלשאַפט מיט דיר, מיין טייערסטער פריינט אויף דער ווייטער, שיי־נער אַרגענטינער ערד, וואָס דאַרף זיין אונדזער נייע היים, און איך פריי זיך מיט דער האָפענונג, אַז אינגיכן וועל איך דיר קענען פערזענ־לעך איבערגעבן אַלעס וועגן מיין לעבן און מיינע בענקשאַפטן דאָ און איך וועל זיך אויך קענען מיטפרייען מיט דיר צוליב דיינע דערפאָלגן, וואָס וועלן דיך זיכער דערפירן צו אַ גליקלעכער צוקונפט.

נו, וועדליק דיין קורץ בריוול, האָב איך דיר שוין געשריבן אַ צו גרויסן בריוו און איך פאַרענדיק אים מיט אַ פאַכנדיק האַרץ פון האָפע־נונג, דיך צו קענען אינגיכן זען.

דיין אויפריכטיק־געטרייער פריינט

**דוד פעלצמאַן.**

— 2 —

מיין טייערע בערנארד:

איך בין דיר זייער דאנקבאר פאר דעם גרויסן און אויספירלעכן בריוו וואס דו האסט מיר געשריבן. איך האב אים צוויי מאל איבערגע־לייענט און וואס זאל איך דיר זאגן? — ער לייענט זיך ווי אן אינטערע־סאנטע דערציילונג.

דיין שילדערונג, ווי אזוי דו האסט אנגעהויבן די ארבעט אויף דיין פאסטן אין דער גרויסער פארמאציע, וואו דו שטייגסט אזוי שנעל פון אמט צו אמט, קאן דינען אלס גוטער באווייז, וואס פאר א גוטע און שעפערישע עלעמענטן די אלטע היימען האבן פארלוירן צוליב זייער אויסוואנדערונג אהער און וואס פאר א געווינס עס איז פאר ארגענ־טינע, וואס די שיפן ברענגען כסדר אהער אזעלכע יונגע שעפערישע כוחות.

איך בין זיכער, אז דיין פלאן צו רעארגאניזירן די מאגאזינען אויף א נייעם אופן, וועט זיכער פון דיינע שעפן אנגענומען ווערן און דאס וועט דיך זיכער ארויפפירן העכער מיט עטלעכע שטאפלען אויף דער לייטער פון דיין קאריערע.

ווי דו זעסט, טייערער בערנארד, בין איך היינט אין א גוטער שטי־מונג. די עלנטע איינזאמקייט וואס האט אזוי געדריקט אויף מיין געמיט, האט אנגעהויבן נאכלאזן. עס איז געווען לעבעדיק אין אונדזער שטעטל און עפעס האט דאס לעבן אנגעהויבן מיר אנטקעגנצושמייכלען און איך פיל, ווי עפעס נאך־נישט אנאליזירטע געשעענישן גלעטן מיין נשמה און עס רייצט מיך דאס נאך אומקלארע פון מיינע האפענונגען.

די טעג צו דער „קאסעטשע" דערנענטערן זיך. איך בין אין מיין גאנצן לעבן געווען ווייט פון פעלדער און איך האב נישט געהאט קיין אנונג וואס דאס מיינט אזוינס פעלד־ארבעט, אבער ווען איך האב נעכטן געמאכט א שפאציר מיט א קאלאניסט איבער זיינע פעלדער, ווען איך האב געזען דעם זיך וויגנדיקן גאלדיקן ים פון כמעט צייטיקע זאנגען און געהערט דעם לויב־געזאנג פון קאלאניסט צו דער מאמע־ערד, האב איך געפילט, ווי עס גייט אויף אין מיין הארץ אזא נייע פרייד, פון וועלכער איך האב קיינמאל אפילו נישט געחלומט.

חוץ דעם, האב איך דא איבערגעלעבט עטלעכע טעג פון דערהוי־בונג, עטלעכע טעג פון טרייסט, אין וועלכע איך האב געזען, אז נאך אלעם, בין איך דא נישט אזוי עלנט; א דראמאטישער קרייז צוזאמענגע־

שטעלט פון קאָלאָניסטישע זין און טעכטער, האָבן דאָ דורכגעפירט אַ יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונג, וועלכע האָט געשמעקט מיט דעם ריח פון „גרינע פעלדער" און כאָטש דער פערסאָנאַזש באַשטייט פון האָרע־פּאַשנע פּראָסטאַקעס, מיט בלויז איין בחורל, אַ וואויל־לערנער וואָס וואָגלט אַרום און זוכט ערגעץ אַן אָנהאַלט, האָט זיך אַ פּאָעטישער אַראָ־מאַט געשפּרייט פון דער בינע איבער דעם גאַנצן גרויסן איבערגעפולטן שייער, וועלכער איז אויף דעם אָוונט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעאַ־טער.

און נישט נאָר וואָס דער פּאָעטישער אַראָמאַט האָט אַראָפּגעווייעט פון דער בינע, נאָר עס זיינען טאַקע צווישן די „כודאָזשניקעס", צווישן די שפּילער, געווען אמתע פּאָעטן וועלכע שרייבן לידער און דערציילונ־גען פון יידיש־קאָלאָניסטישן לעבן.

און אַז עס הויבט אָן קומען דאָס גוטע, קומט עס מיט אַזאַ שפע, אַז מען ווייסט פשוט נישט, מיט וועלכן מען זאָל זיך פריער פרייען! עס זיינען דאָ נעמלעך אָנגעקומען צענדליקער „„גרינע" כדי צו אַרבעטן ביי דער „קאָסעטשע" און צווישן זיי, האָב איך געטראָפן עט־לעכע פון אונדזערע שיפס־ברידער פון דער „אַטלאַנטאַ". אין שטאָט, האָבן זיי ביז היינט נישט באַוויזן זיך צו דערשלאָגן צו עפּעס און זיי זיינען דאָ געקומען גרייטע צו דער שווערסטער אַרבעט, אַבי צו פאַרדי־נען ערלעך דאָס שטיקל ברויט.

ווען איך האָב געהערט פון אונדזערע שיפס־ברידער זייערע טרויערי־קע שילדערונגען פון ליידן און פּיין, וואָס זיי האָבן דורך די עטלעכע חדשים איבערגעלעבט אין בוענאָס איירעס, האָב איך, אין מיין גאַנצן עלנט אין דעם פאַרוואָרפענעם העק־שטעטל, אָנגעהויבן זיך אַליין מקנא זיין וואָס איך בין דאָ, און נישט דאָרט, ווייל וואָס־זאָס, נאָר קיין הונגער און נויט, האָב איך דאָ נישט געליטן.

צוויי פון אונדזערע שיפס־ברידער, דו וועסט זיך זיכער דערמאָנען אָן זיי, זיינען שוין געווען אַזוי פאַרצווייפלט, אַז זיי האָבן שוין געטראַכט וועגן אַ סוף מאַכן צו זייערע יונגע לעבנס, אָבער די האָפענונג, אַז זיי וועלן דאָ ביים שניט פאַרדינען גענוג, צו האָבן אויף הוצאות צוריק צו פאָרן אין זייערע אַלטע היימען, אָט אָ די האָפענונג האַלט זיי נאָך אויף און איך בין זיכער, אַז אַבי זיי וועלן נאָר פאַרדינען דאָ זייער אַרבעט, וועלן זיי נישט בלייבן אין אַרגענטינע.

איך שרייב דיר וועגן די צוויי, ווייל איך ווייס זיכער, אַז דו וועסט זיך דערמאָנען אָן זיי.

איינער איז מיכל קליין, דער בונדיסט, דער וואָס האָט אונדז אַי־

בערן גאַנצן וועג אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" יעדן טאָג מכבד געווען מיט שאָקאָלאַד. דו געדענקסט די שווערע וואַליזע מיט שאָקאָלאַד וואָס ער האָט זיך מיטגעפירט פון זיין פאַטערס שאָקאָלאַד-פאַבריק? נו, אי־בערן גאַנצן וועג האָט ער געטיילט זיסקייטן צו די שיפס-ברידער און אין בוענאָס איירעס, איז אים געוואָרן יעדן טאָג ביטערער...

דער צווייטער, משה זשאַרלאַווסקי, וועמען מיר האָבן גערופן — דער פּרעסער, ווייל ער האָט ווייניק געהאַט די גרעסטע פּאַרציעס וואָס די קעסט אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָט אים צוגעטיילט, נאָר ער האָט נאָך געמוזט צונויפקלייבן די שריים וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן, כדי צו שטילן זיין אייביקן הונגער.

קליין האָט מיר דערציילט וועגן זשאַרלאַווסקיס ליידן אין בוענאָס איירעס. אים האָט דער הונגער מער געפּייניקט ווי יעדן אַנדערן און איינמאָל האָט ער אויסגעשלאָגן אַ שויב פון אַ וואורשטן-געשעפט און אַרויסגעכאַפּט אַ לאַנגן וואורשט און אַנטלאָפן, אָבער מען האָט אים אַנגעיאָגט און געכאַפּט און פון רחמנות צו דעם אויסגעהונגערטן גרי־נעם, האָבן יידן אָפּגעבעטן דעם פּאָליציאַנט, ער זאָל אים נישט אַרעס־טירן...

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד זיך צו טרעפן דאָ מיט מיינע שיפס-ברידער און איך האָב זיך ממש געשעמט פאַר זיי, וואָס לגבי זיי, בין איך דאָ ממש אַ גביר...

און ווי האָט מען דאָס געפּלעגט זאָגן ביי אונדז, אין קאָוונע? — אַ מענטש בעט אַמאָל ביי גאָט אַביסל שפּייז, כאַטש אַ לעפל, און גאָט שיקט אים צו אַ פולע שעפל... אַזוי האָט זיך דאָ פּלוצלינג, אַ חוץ די עטלעכע שיפס-ברידער וואָס זיינען געקומען אַרבעטן ביים שניט אויף די פעלדער, אויך געיאַוועט אונדזער שיפס-ברודער דער שרייבער, וואָס איז געפאָרן אויף דער „אַטלאַנטאַ" דאָרט אויבן, צווישן די פּאַסאַזשירן.

ער איז דאָ געווען צוזאַמען מיט אונדז ביי דער אַמאַטאָרן-פאָר־שטעלונג און מיר האָבן דערנאָך פאַרבראַכט צוזאַמען אַ גאַנצע נאַכט, דערציילנדיק זיך וועגן די פאַרשידענע איבערלעבענישן אין משך פון די ערשטע עטלעכע חדשים אין דעם נייעם לאַנד.

דער שרייבער פאָרט דאָ אַרום כדי זיך צו באַקענען מיט דעם לעבן פון די יידישע קאָלאָניסטן און איבעראַל נעמט מען אים אויף זייער פיין און ער גיט קאָנפערענצן און פאַרלעזונגען פון זיינע שאַפונגען און די דריי טעג וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט, זיינען פאַר מיר געווען אַזעלכע אַנגענעמע, אַז איך וועל זיי דוכט זיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

נו, איך האָב מורא, אַז איך האָב זיך שוין דאָ צופיל צעשריבן וועגן

זאכן, וואָס וועלן דיך אפשר גאָרנישט, אָדער גאָר ווייניק אינטערעסירן, וויל איך דעריבער פאַרענדיקן דעם בריוו מיט אַ פּאָר ווערטער פון דעם מין, וואָס דו רופסט עס אָן „פּראַקטיש" און „פּאָזיטיוו"...

עס פעלן נאָך געציילטע טעג צום שניט און די אויסזיכטן זיינען די בעסטע און ביי מיר ליגן צוויי ביכלעך, וואָס אין איינעם איז פאַרשריבן וואָס איך בין שולדיק אין די קליינטן פאַר געבאָרגטע שפּייז און אין צווייטן, זיינען פאַרשריבן די חובות וואָס איך האָב אָפּצונעמען ביי די קאָלאָניסטן פאַר געריסענע, קורירטע און פלאָמבירטע ציינער. אַבי איך וועל אויפמאָנען די האָנאָראַרן, וועל איך באַצאָלן אין די קליינטן און עס וועט מיר בלייבן גענוג געלט אויף צו באַשטעלן ביי דיר די מכשירים און מעדיקאַמענטן וואָס איך דאַרף האָבן צו מיין פּראָפעסיע און... איך רעכן, אַז איך וועל זיך מוזן אַריבערכאַפּן קיין בוענאָס איירעס, וואו איך וועל זיך זען מיט דיר, האַרציקער פריינט און אויך מיט דער אויסדערוויילטער פון מיין האַרץ, מיט אונדזער שיפס-שוועסטער גיטעלע האבער, וואָס איך פיל, אַז זי ווערט מיר טייערער פון טאָג צו טאָג און איך בין באַאומרואיקט וואָס זייט צוויי וואָכן האָב איך פון איר נישט קיין שום ידיעה.

אין מיין היינטיקער גוטער שטימונג האָף איך אָבער, אַז אַלץ איז גוט און וועט זיין גוט און דערמיט פאַרענדיק איך מיין בריוו מיט די האַרציקסטע גרוסן צו דיר,

**דיין דוד פעלצמאַן.**

— 3 —

...בערנאַרד, האַרציקער פריינט מיינער! ווי שטאַרק איך בין דיך מקנא! ביידע האָבן מיר אינדערזעלבער צייט, איך דאָ, אין מיין איינזאַמקייט און דו — דאָרט, אין דער גרויסער שטאָט, געליטן פון אַ שרעקלעכער אַנטוישונג, אָבער דו, יונגער גרויסער פריינט מיינער, דו גיסט זיך נישט אונטער; דיין ענערגיע איז שטאַרקער פון דער אַנטוישונג און זי האַלט אויס דעם קלאַפּ פונעם גורל און איך בין זיכער, אַז די זון וועט פאַר דיר מאָרגן ווידער אויפשיינען; אָבער איך? איך האָב מורא, אַז איך וועל דעם גרויסן בראָך נישט איבערלעבן!

גערעדענקסט ווי איך האָב דיר אין אַ פריערדיקן בריוו געשריבן? — אַז גאָט גיט דעם מענטשן פרייד, גיט ער זי מיט דער פולער האַנט, אָבער ווען ער שיקט אָן אויף אונדז אַ שטראָף, אַזוי ווי די וואָס ער האָט אָנ־

געשיקט אויף די יידישע פעלדער אין ענטרע ריאס, איז גרענעצלאז די גרויזאמקייט פון דער שטראף.

א שטורם־ווינט, וועלכן מען רופט דא „טארמענטא", האט חרוב געמאכט די גאנצע שפע פון ברויט וואס די ערד האט פון זיך ארויסגע־געבן. די יידישע קאלאניסטן וועלכע האבן נעכטן ערשט געזונגען מיט פרייד, זיינען היינט פארצווייפלט פון טרויער. אזוי ווי אבלים דרייען זיי זיך ארום דא אין שטעטל און ווי אבלים פילן זיך אויך די קלייטניקעס, וועלכע האבן זייער גאנץ דאבערי מזל אוועקגעגעבן אויף בארג ביז צו דער קאסעטשע און איצט זיינען זיי געבליבן אן סחורה און אן געלט.

עס קאן זיין, אז יעדער פון די געליטענע דא טראכט דאס זעלבע, נאר מיר דוכט זיך, אז קיינעם האט דער אומגליק נישט אזוי שטארק געטראפן ווי מיך. איך האב שוין אין מיין לעבן א סך, זייער א סך גע־ליטן און איך האב דיר שוין אמאל געשריבן, אז דאס לעבן האט מיך אויסגעלערנט ליידן. די ליידן פון לעבן האב איך אלעמאל אויפגענומען אזוי נאטירלעך, ווי עס וואלט באדארפט אזוי זיין און ווי עס וואלט גאר אנדערש נישט געקאנט זיין. מיינע האפענונגען אין דער אלטער היים זיינען געווען אזעלכע קליינע, אז די אנטוישונגען האבן נישט גע־קאנט זיין קיין גרויסע. אבער דא, כאטש ווייט פארווארפן אין א העק־שטעטל, עלנט, איינזאם, האבן זיך אין מיר פונדעסטוועגן צעשפילט אזעלכע זיסע האפענונגען וואס האבן מיך גענערט און אריינגעגעבן אין מיר אזויפיל מוט, אז איך האב געהאט כוח צו באקעמפן די ליידן פון בענקשאפט און גיין ווייטער און ווייטער, מיט דער נאנטער אויסזיכט צוצוקומען צום אספאלטירטן וועג פון מיינע חלומות.

יעדן טאג זיינען צוגעקומען ציפערן אין מיין האנאראר־ביכל און יעדע נאכט האב איך געמאכט דעם באלאנס און אויסגערעכנט וואס איך וועל אלץ קענען אויפטאן, ווען איך וועל אויפמאנען דעם לוין פאר מיין ארבעט און פלוצלינג — גארנישט; איך דארף ווארטן א גאנץ יאר און צוזאמען מיט די קאלאניסטן בעטן גאט, ער זאל ארויסווייזן זיין גרויס רחמנות צום ארבעטנדיקן מענטשן און שענקען א גוטע גערעטעניש.

א גאנץ יאר! און איך דריי זיך דא ארום אין מיין שטוב מיט פאר־מאכטע אויגן, איך וויל נישט זען די אינסטרומענטן וואס דינען מיר צו מיין ארבעט, איך וויל גארנישט זען, איך וויל, אז דער גאנצער ארום זאל זיין פינצטער, ווי פינצטער עס איז ביי מיר אין הארצן, ווייל איך פיל, ווי איך וואלט באדארפט אפזיצן א גאנץ יאר אין א פינצטערער תפיסה, כאטש איך בין נישט באגאנגען קיין שום פארברעך, סיידן, עס

איז געווען אַ פאַרברעך פון מיין זייט, צו שפּילן זיך מיט אַזעלכע שיינע האָפענונגען...

טייערער פריינט מיינער!

עס איז דאָך נישט בלויז דער אומגליק וואָס האָט מיך געטראָפן דאָ, נאָר עס שפּאַלט זיך מיר ממש דער מוח פון אַריינטראַכטן, וואָס עס האָט דאָרט, אין בוענאָס איירעס, געקאָנט געשען מיט גיטעלען, מיט דער אויסדערוויילטער פון מיין האַרץ, וואָס וויפל בריוו איך האָב איר שוין געשריבן, און קיין איין ענטפער נישט באַקומען. דאָס איז נישט פּשוט און דער נאָגנדיקער ווייטיק שטייגט איבער אַלע מיינע אַנדערע ליידן.

איך האָב ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געטראַכט מיט אַזויפיל האָפענונג, ווי גוט מיר וועט זיין וואָס איך וועל זיך דורכפאָרן, באַזוכן בוענאָס איירעס, זען דיך, טייערער בערנאַרד, זען גיטעלען און קומען צו אַ טאָלק מיט איר און טראַכטנדיק וועגן איר, האָב איך זיך שוין געזען צוזאַמען מיט איר אין באַן, אויף צוריקוועגס, אַהערצו, אין דעם קליינעם קאָלאָניסטישן שטעטל, וואו איך וועל שוין נישט זיין עלנט, גיטעלע וועט שוין זיין מיט מיר צוזאַמען... זי וועט מיר אין די אָוונטן רעציטירן היינעס לידער... אוי, פריינט, איך האָב מורא, אַז איך וועל מיין איצטיקע פיין נישט קענען אַריבערטראָגן!...

אין מיין גרויסער פיין, פיל איך אויך מיט די פיין פון די צענדליקער יידישע יונגעלייט וואָס זיינען דאָ געקומען אַרבעטן ביי קאָסעטשע און אַמשטאַרקסטן פיל איך מיט די עטלעכע שיפס-ברידער אונדזערע, טאַקע אַזוי, ווי זיי וואָלטן געווען מיינע אמתע ברידער.

מיכל קליין און משה זשאַרלאָווסקי האַלטן זיך דערווייל אויף ביי אַ קאָלאָניסט אין שטוב. מיכל האָט מיך גנכטן באַזוכט, ער האָט מיר דערקלערט, אַז אויב ער וועט זיך נישט קענען אויסבאָרגן ערגעץ אויף הוצאות, וועט ער זיך לאָזן קיין ב. איירעס צופוס. צופוס... עס איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז איך זאָל גיין מיט אים צוזאַמען. דאָ, איז נישטאָ ביי וועמען צו באָרגן; אַלץ איז פאַראָרעמט און פאַרחושכט. איך וואָלט אפשר געקאָנט האָפן, אַז דו וועסט קענען מיר העלפן מיט אַ הלואה, אָבער דיין איצטיקער דורכפאַל, דערלויבט מיר נישט אַפילו צו טראַכטן וועגן דעם, סיידן, אונדזער פריינט אַברעמל, אָדער ווי דו רופסט אים: — ראַמעק, סיידן ער זאָל קענען מיר העלפן, אַז איך זאָל קענען זיין אין דער הויפטשטאָט, און זען וואָס דאָרט איז געשען מיט גיטעלען.

ווי עס זאָל נישט זיין, לייג איך דאָ ביי דעם אַדרעס און איך בעט

דיך, נעם זיך אביסל צייט און גיי אהין, זע, צי איז גיטעלע נאך דארט און שרייב מיר באלד, אבער טאקע באלד, צי זי וואוינט נאך ביי דער פאמיליע בוקסבוים און אויב נישט, דערוויס זיך וואו זי געפינט זיך און פרעג ביי איר צי זי האט מיינע בריוו דערהאלטן און אויב חלילה, איך וויל גארנישט טראכטן וועגן דעם... אויב דו וועסט זיך נישט קענען דערוויסן וואו זי געפינט זיך, זאלסטו צופארן מיטן טראמוויי נומער 55 ביז באעדא נ׳ 1400, דארט וואוינט אברהם פרידמאן, דער ייד מיט די ברילן, פון אימיגראנטן-שוץ-קאמיטעט, און בעט אים אין מיין נאמען, ער זאל עפעס טאן, אז מען זאל זיך דערוויסן וואס מיט גיטעלען איז געשען...

נו, פאר מיין אנגעוויטיקט פארפייניקט הארץ, וועט שוין היינט זיין גענוג. איך אייל זיך, איך וואלט געוויאלט, אז דער בריוו זאל וואס פריער זיין ביי דיר, כדי איך זאל וואס שנעלער באקומען דיין ענטפער.

זיי געזונט און געדענק אן דיין אומגליקלעכן חבר

**דוד פעלצמאן.**

ד

## דורכפאַל און אַנטוישונג

בערנאַרד פיינהאָלץ האָט שוין באַקומען אפשר צען בריוו פון ענטרע ריאָס, אין וועלכע דוד פעלצמאַן בעט אים רחמים, ער זאָל באַזוכן די פאַמיליע בוקסבוים און זען וואָס דאָרט איז געשען מיט זיין אויסדערוויילט מיידל גיטעלע האבער, אָבער פיינהאָלץ האָט צו טאָן מיט זיינע אייגענע צרות און ער לייגט אָפּ דאָס גיין צו די בוקסבוימס פון איין טאָג אויפן אַנדערן.

פיינהאָלץ האָט געליטן פון אַ גרויסער אַנטוישונג.

ער האָט זיך שוין געזען אויף דער שוועל צו זיין קאַריערע, ער דאַרף זי נאָר אַריבערטרעטן און ער וועט זי דערגרייכן, אָבער פּלוצלינג האָט מען אים פון דער שוועל אַ וואַרף געטאָן אויף צוריק און אַזאַ האַסטיקן וואַרף, אַז ער איז אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן פון דעם הויז אין וועלכן עס איז געשטאַנען זיין האָפענונגס־לייטער צו קענען שטייגן העכער און העכער.

פיינהאָלץ איז נישט געווען קיין פאַנטאַזיאָר. ער האָט זיך נישט געלייגט קיין פויגעלעך אין בוזעם. ער איז געווען אַ יונגער בחור מיט אַ סך ענערגיע און מיט אַ באַוואוסטזיניקן רעאַלן צוגאַנג צום לעבן און ער האָט געוואוסט, אַז נאָר מיט אַרבעט, נאָר מיט מעשים קאָן מען עפּעס דערגרייכן און זיינע טואונגען, זיינען געווען מיט אַ סדר, אַזוי ווי לויט אַ פון פריער צוגעגרייטן פּלאַן; אָבער, ער איז נאָך געווען צו יונג און גענוג נאאיוו, און כמעט גאָרנישט ראַפינירט און אַבי ער האָט פון זיין פאַרגעזעצטן העכערן אַנגעשטעלטן אין דעם אַפּטייק־מאַגאַזין געהערט אַ גוט וואָרט, האָט ער אים געשענקט אַ בלינדן צוטרוי און דאָס האָט דערפירט צו זיין גרויסן דורכפאַל.

אין די ערשטע טעג פון זיין אַרבעט אין די ריזן־מאַגאַזינען פון דער באַרימטער בוענאָס־איירעסער אַפּטייק־פירמע, האָט ער זיך מאָמענטן־ווייז געפילט ווי אין אַ קאָשמאַר. הונדערטער קאַסטנס מיט אַפּטייק־ און דראָגעריע־אַרטיקלען זיינען יעדן טאָג אַריינגעקומען אין די מאַגאַזינען

און הונדערטער זיינען ארויס, אבער די ארבעט איז געווען א שווערע, ווייל ווען מען האט אריינגעבראכט די קאסטנס, האט מען זיי אוועקגע־שטעלט איינעם אויפן אנדערן אן א סדר, נישט אין אכט נעמענדיק וועלכע ארטיקלען מען קאן ברויכן פריער און וועלכע שפעטער און עס איז אויסגעקומען, אז גראד די קאסטנס מיט מער ברויכבארע ארטיקלען זיינען געשטאנען פון אונטן און מען האט כסדר באדארפט אראפהויבן שווערע קאסטנס פון אויבן כדי צו קענען ארויסליפערן די געפאדערטע ארטיקלען און צענדליקער פעקלעך האבן א גאנצן טאג געהאלטן אין איין איבערשטעלן די שווערע קאסטנס פון איין ארט צום אנדערן.

געווען דארט דריי קאסטנס מיט ארטיקלען וואס פארקויפן זיך זייער זעלטן און עפעס אזוי ווי אויף א להכעיס, זיינען זיי כסדר ארויפ־געשוואומען פון אויבן, אויף אנדערע קאסטנס, וועלכע מען האט כסדר ארויסגעפאדערט און נישט נאר וואס דאס האט פאראורזאכט איבעריקע ארבעט, נאר עס האט אויך געדויערט צו לאנג ביז מען האט געקאנט ארויסליפערן פון מאגאזין דאס געפאדערטע.

די התמדה מיט וועלכער פיינהאלץ האט געלערנט די שפאנישע שפראך, האט אים געגעבן גוטע רעזולטאטן. שנעלער און פינקטלעכער ווי די אנדערע שווארץ־ארבעטער אין מאגאזין, האט ער באוויזן לויט די ליסטעס אפצוזוכן די נעמען און נומערן פון די ארטיקלען וואס מען האט ארויסגעפאדערט און דאס איז גוט באמערקט געווארן פון די צוויי אויפזעער און בלויז נאך עטלעכע טעג זיין אין מאגאזין, האט פיינהאלץ נישט באדארפט מער אליין הויבן די קאסטנס, נאר בלויז אנווייזן אן אנדערן, וועלכן קאסטן מען דארף עקספעדירן.

ווען פיינהאלץ איז באפרייט געווארן פון הויבן די שווערע קאסטנס, האט ער זיך אנגעהויבן צוקוקן צו דעם נישט־פלאנירטן ארבעט־סיסטעם, צו דער גהינומדיקער ארבעט אן א טאלק און ער האט געפילט, אז ער וואלט דא בכוח געווען אויפצוטאן גרויסע זאכן וואס וואלטן נישט בלויז פארלייכטערט די ארבעט, נאר זיי וואלטן אויך פאר דער פירמע איינ־געשפארט א סך צייט און געלט און ער האט געזוכט א געלעגנהייט צו קענען ריידן מיט דעם הויפט־מאגאזינער, מיט דעם שעף איבער די מא־גאזינען, וועלכן ער האט נאך אפילו נישט געקענט פערזענלעך.

אזא געלעגנהייט האט פיינהאלץ שנעל באקומען, ווען אין א גע־ווימן טאג, איז דער שעף אראפגעקומען אויף אן אינספעקציע אין די מאגאזינען. דער שעף איז נאך געווען א יונגערמאנטשיק מיט פיינ־ארויפגעשפיצטע שווארצע וואנסעלעך, פינקלדיקע שנעל־ארומלויפנדיקע

שווארצע אויגן און מיט וואויל־יונגעריש־פראנטישע מאנירן און באווע־גונגען.

ער האט פיינהאלצן געמאכט א קאמפלימענט. ער האט געהערט אז ער איז א פעאיקער יאט, אז ער האט שנעל אוואנסירט פון א פראסטן פערזאן צו ווערן א סוב־קאפאטאס און ער ווייס אויך, אז פיינהאלץ האט עפעס פלענער ווי אזוי מען קאן דא די מאגאזינען איינארדענען אויף א פראקטישערן און בעסערן אופן און עס פרייט אים וואס א יונגער יאט, נאך א „גרינגא” דערצו, האט אזויפיל מוט זיך צו ווען דראפען אויף דער לייטער פון א קאריערע און ער איז גרייט אים צוצוהעלפן דערגרייכן זיין ציל.

די ווערטער פון דעם פראנטישן שעף האבן פיינהאלצן שנעל אנגע־ווארעמט און ער איז ארוים מיט לשון. זיכער האט ער נישט געקאנט ריידן אזוי פליסיק ווי דער שעף האט גערעדט צו אים, אבער ער האט זיך געצוג גוט און דייטלעך געקאנט אויסדריקן אין שפאניש און אנ־ווייזנדיק אויף די הויך־ארויפגעשאסענע שטויסן קאסטנס און קעסטלעך, האט ער גענומען אויפקלערן, אז דאס טויג נישט אזוי, אז דא דארף מען אנדערש איינארדענען די מאגאזינען, אז דא פאדערט זיך נישט בלויז א רעארגאניזאציע, נאר טאקע אן ארגאניזאציע, ווייל די גאנצע ארבעט דא, גייט אן אבסאלוט פלאנלאז...

דער פראנטישער שעף האט אוועקגעקערט דאס פנים, כדי פיינ־האלץ זאל נישט זען זיין איראנישן שמייכל, וואס האט בלויז א שוועב געטאן אויף איין סעקונדע און באלד זיך געענדערט אויף א וואוילינגערי־שע חברל׳עכע פריילעכקייט; ער האט פיינהאלצן געקלאפט אין פלייצע מיט צופרידנקייט און אים אויסגעדריקט זיין גרויסן אינטערעס צו זיי־נע פלענער און געבעטן אים, אז ער זאל דאס צושטעלן שריפטלעך, כדי ער זאל עס קענען שטודירן און צושטעלן צו דער דירעקציע פון דער גרויסער אונטערנעמונג.

גאנצע צוויי וואכן האט ביי פיינהאלצן גענומען דאס אויסארבעטן און פארצייכענען זיינע פלענער אויף פאפיר. פאר זיינע אויגן האט א סך מאל פארבייגעשוועבט דאס קליינע מאגאזינדל אין קעלער פון זיין פאטערס אפטייק אין ווארשע און ער האט געזען די לוים א סדר אנגע־שטעלטע גרויסע און קלענערע שאכטלען און קעסטלעך פון די פארשי־דענע אפטייק־ארטיקלען און דאס קליינע מאגאזינדל פון זיין פאטערס אפטייק האט אים געדינט אלס מוסטער אין מיניאטור ווי אזוי צו ציי־כענען די פלענער פאר די גרויסע מאגאזינען פון דער בארימטער אפ־טייק־פירמע.

קודם האט ער פארצייכנט, אז עס מוזן אין די מאגאזינען אפגע־טיילט ווערן פלעצער לויטן אבעצע, עס זאלן זיין אפטיילונגען „א", „ב" און „צע" און אזוי ווייטער, כדי יעדער ארטיקל, לויט דעם אנהויב אות פון נאמען, זאל האבן זיין באשטימטן פלאץ.

דאס איז געווען די לייכטע ארבעט פון זיינע פלענער. שווערער איז געווען ביי אים דאס אויסארבעטן די טאבעלן וועלכע ארטיקלען עס געברויכן זיך מערער און וועלכע ווייניקער, וואס דאס איז געווען זייער נויטיק צו וויסן, כדי די מער־געברויכבארע ארטיקלען זאלן שטענדיק זיין צו דער האנט; פון דער קליינער דערפארונג וואס ער האט געהאט דורך דער קורצער צייט פון זיין ארבעט אין די מאגאזינען, האט ער נאך נישט געקאנט האבן די באשטימטקייט צו קענען אויסארבעטן די פרעציזע טאבעלן, האט ער צו דעם וואס ער האט געמאכט פראוויזא־ריש, צוגעשריבן די נויטיקע באמערקונגען און קאמענטארן און ענדלעך האט ער געהאט א פארטיקע ארבעט.

דורך דעם הויפט־אויפזעער האט פיינהאלץ געלאזט וויסן דעם שעף, אז ער האט שוין די פלענער און דער שעף האט אים ארויפגעבעטן צו זיך אין אפיס.

ווען פיינהאלץ איז אריינגעקומען צו אים, האט דער פראנטישער שעף אוועקגעלייגט די צייטונג אין וועלכער ער האט ביז איצט אריינ־געקוקט און פיינהאלץ האט דאס ערשטע פעסטגעשטעלט, אז דער שעף האט געלייענט די זייט וואו עס ווערן געדרוקט די באריכטן פון פערד־געיעגן מיט „פיכעס" און נומערן פון געווינסן, וואס ווערן אילוסטרירט מיט די פאטאגראפיעס פון די פרעמירטע פערד און זייערע זשאקייען.

דער זעלבער שעף וואס האט זיך אונטן, אין די מאגאזינען, גע־האלטן פריי, וואויל־יונגעריש און חבריש, האט זיך דא, אין זיין ביורא, געהאלטן גדולדיק, מיט דער גאנצער פאריסענער גאוה פון א קאריע־ריסט וואס האט דערגרייכט א הויכן פאסטן. ער האט זיך געוויגט און געדרייט אויף דעם באוועגלעכן אמעריקאנער שטול און פיינהאלץ האט געפילט, ווי א פרעסטל וואלט דורכגעלאפן איבער זיין גאנצן קערפער.

דער שמועס האט נישט לאנג געדויערט. אייגנטלעך, איז עס גאר־נישט געווען קיין שמועס. דער פראנטישער שעף האט אים געפרעגט צי ער האט שוין פארטיק זיינע גרויסע פלענער (דערביי האט א קוים באמערקבארער דינער שמייכל א שוועב געטאן איבער זיין פנים), און פיינהאלץ האט ארויסגענומען דאס פעקל פאפירן און אוועקגעלייגט אויפן טיש.

דער יונגער שעף האט צעעפנט די פאפירן און ווען פיינהאלץ האט

געוואַלט אַנהויבן געבן געוויסע מינדלעכע אויפקלערונגען, האָט דער שעף קאַלט געזאָגט, אַז ווערטער זיינען דאָ איבעריק, פלענער דאַרף מען זען אויף פּאַפּיר און אַבי זיי זיינען גוט, וועט מען אים שוין לאָזן וויסן.

פיינהאָלץ איז אַראָפּ צוריק אין די מאַגאַזינען. ער האָט באַלד דערפילט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט מיט זיין איבערגעבן גלאַט אַזוי די אויסגעאַרבעטע פלענער, ער האָט גלייך דערפילט, אַז דער יונגער פראַנט מיט די אַרויפגעשפּיצטע דינע וואָנסעלעך, וואָס האָט איינטערעס צו די פערד־געיעגן, האָט אים דאָ געגומען אויפן זיכער, אָבער, די זאַך איז שוין געווען אַ פאַרפאַלענע און ער האָט זיך באַמיט אויפצולעבן אין זיך די האָפענונגען ווי ער האָט זיי געהאַט בעתן אַרבעטן איבער די פלענער, ער האָט געוואָלט, אַז זיין צווייפל אין דעם פראַנטישן שעף זאָל האָבן געווען אַ טעות.

שווערע עטלעכע טעג האָט פיינהאָלץ איבערגעלעבט ביז ער האָט באַקומען דעם נאָך שווערערן קלאַפּ. מאָמענטנווייז האָבן אין אים אויפגעלויכטן די האָפענונגען, אַז זיינע פלענער וועלן מאַכן אַ גוטן רושם און ער וועט וואַקסן, ער וועט דערהויבן ווערן צו העכערע אַמטן, ער וועט פאַרדינען מערער און קענען אַריבערברענגען זיין מאַניושאַ און עס האָט אים אָקעגנגעלויכטן אַזאַ ליכטיקע וועלט און אַזאַ פריידיק לעבן, אָבער באַלד איז געקומען דער נאָגנדיקער צווייפל און דער גרויסער אומצוטרוי צו דעם פראַנטישן שעף און ווי יאָרן האָבן זיך געצויגן די טעג פון דערוואַרטונג אויף דעם ענטפער, אויף דעם יאָ אָדער ניין פון זיינע האָפענונגען.

און ענדלעך איז געקומען דער ענטפער.

דער הויפּט־אויפזעער פון די מאַגאַזינען, דער „קאַפּאַטאַס מאַזשאָר" האָט אים גערופן צו זיך אין ביוראָ, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם אָפגעצוימטן ווינקל צום סוף פון די מאַגאַזינען, דאָרט האָט ער אים צוריקגעגעבן די צעקנייטשטע פּאַפּירן וואָס דער שעף שיקט אים אָפּ מיט אַ נעגאַטיוון ענטפער.

פיינהאָלץ, מיט זיין שטענדיק פעסטן כאַראַקטער האָט איצט געפילט ווי די פיס ברעכן זיך אונטער אים. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער געפּרואווט אויסגלייכן די צעקנייטשטע פּאַפּירן און זיינע ליפּן האָבן זיי פאַר זיך אַרויסגעמורמלט: — איך האָב עס געוואוסט אין פאָראויס... איך האָב עס געפילט...

דער „קאַפּאַטאַס מאַזשאָר", אַן עלטערער מענטש מיט אַ קיילעכדיק פריינטלעך־שמייכלענדיק פנים האָט געזען די צעטראָגנקייט פון דעם

יונגן פּעאיקן און אַרבעטזאַמען מענטש און ער האָט מיט פּריינטלעכן מיטגעפיל פאַרגעוואָרפן פיינהאַלצן, פאַרוואָס ער האָט די פּלענער אי־בערגעגעבן דוקא צום שעף, ווייל עס קאָן זיין, ווען ער ווייזט זיי פריער אים, וואָלט אַלעס גאַנץ אַנדערש געווען... ער ווייס גאָרנישט וואָס דאָ געפינט זיך אַזוינס אין די פּלענער, נאָר עפּעס מוז דאָ זיין גאָר אויסער־געוויינלעכעס, ווייל ער האָט פון דעם „כעפע" באַקומען דעם אויפטראַג נישט נאָר אים אומצוקערן די „פּאַפּירן", נאָר אויך אים אָפּצוזאָגן פון זיין אַרבעט...

דער קלאַפּ וועלכן פיינהאַלץ האָט איצט באַקומען, איז געווען אַ זייער שטאַרקער, אָבער ווייל ער איז געווען אַזוי שטאַרק און אַזוי פּיל־באַר, איז די רעאַקציע אין אים געווען נאָך פיל שטאַרקער. די פּיס וואָס האָבן אונטער אים נאָרוואָס געציטערט, האָבן זיך אויסגעגלייכט און זיין גאַנצער קערפּער איז עפּעס ווי פאַרשטייפט געוואָרן און אַזוי, אַ גע־שטרעקטער, מיט אַ מינע פון שטאָלצער זיכערקייט, האָט ער אַ וואָרף געטאָן די צעקנייטשטע פּאַפּירן מיט זיינע פּלענער אויפן טיש און אויס־דריקנדיק זיין זיכערקייט, אַז דער שעף האָט אָפּקאָפּירט זיינע פּלענער, האָט ער צוגענומען דעם קאָנווערט מיט דעם רעשט לוין וואָס דער קאַ־פּיטאַן האָט אים דערלאַנגט, זיך געזעגנט מיט אים און מיט פעסטע טריט פאַרלאָזן דעם מאַגאַזין...

* * *

פיינהאַלץ איז נישט געווען דער איינציקער פון די „אַטלאַנטאַ"־אי־מיגראַנטן וואָס האָט געליטן אַזאַ דורכפאַל און אַנטוישונג.

דורכפאַל און אַנטוישונג זיינען געווען די באַגלייט־דערשיינונגען אויף די וועגן וואו די אַזוי גערופענע „גרינגאָס" האָבן אין דעם ווייטן און פרעמדן לאַנד געשטעלט זייערע ערשטע טריט.

געווען אַ צאָל פון די „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן, וואָס האָבן פּשוט צוזאַמענגעבראָכן אונטער דעם שווערן דרוק פון די נייע לעבנס־באַדינ־גונגען אין דער ווייטער פרעמד און זיי זיינען, ווער פריער און ווער שפּעטער, צוריקגעפאָרן אין זייערע אַלטע היימען, וואו זיי האָבן טאַקע נישט דערוואַרט קיין שום גליקן, אָבער, כדי כאָטש צו זיין צווישן איי־גענע און אין אַלט־היימישער סביבה.

די צאָל צוריקגעפאָרענע איז געווען אַ קליינע, אפשר ביז דריי פּראָ־צענט און מען האָט זיי באַצייכנט מיט דעם נאָמען „שוואַכלינגע". די גרויסע אימיגראַנטן־מאַסע האָט אָבער פאַרמאָגט אַ געוואַלטיקע ענערגיע

און ווען זי איז זיך פונאנדערגעפאלן אויף יחידים, האט יעדער יחיד גע־זוכט און געקעמפט אויף זיין שטייגער, געגאנגען פון אנטוישונג צו דורכ־פאל און פון דורכפאל צו אנטוישונג, געפאלן און זיך צוריק אויפגעהויבן און מיט אנגעשטרענגטער ענערגיע געגאנגען ווייטער און ווייטער.

אויך אוורעמל ווייסבלאט האט געהאט אנטוישונגען און דורכפאלן, אבער ער איז נישט מיד געווארן צו גיין אויף דעם דערנער־וועג פון גרינעם אימיגראנט, ביז ער וועט באווייזן אויסצוטרעטן פאר זיך א זי־כערע סטעזשקע.

און ער האט עס באוויזן.

ער האט געוואונען דעם צוטרוי פון א סוחר, וועלכער האט אים געגעבן א קליין רענצעלע מיט מוסטערן פון פארשידענע ביליקע גאל־דענע פאנטאזיע ארטיקלען, ער זאל זוכן קליענטן אין די קלענערע צי־רונג־געשעפטן און כאטש ער האט זיך נישט געקענט אויסטענהן אויף שפאניש, האט ער באקומען באשטעלונגען און ער האט שוין אין פאר־העלטעניש צו אנדערע שיפס־ברידער פון „אטלאנטא", געמאכט „גוטע געשעפטן", ער האט שוין אין ערשטן חודש מיט דעם קליינעם רענצעלע אין האנט פארדינט אריבער הונדערט פעזעס...

דעם צווייטן חודש האט ער שוין פארדינט מערער און האבנדיק שוין א מער־ווייניק געזיכערט שטיקל ברויט, האט ער אנגעהויבן פילן דעם גייסטיקן הונגער, וואס האט אים יעדן פארנאכט געבראכט אין קאפע „כאפאנעז", אין דער קיבעצארניע, וואו עס האט געשווירבלט און געגריבלט פון יידישע שרייבער, קולטור און פארטיי־טוער און וואו עס האבן זיך געצויגן די ענדלאזע דיסקוסיעס.

אין איינעם א פארנאכט איז ווייסבלאט איבערראשט געווארן דער־זעענדיק זיין שיפס־ברודער פיינהאלץ אויף דעם ראג גאס לארעא און קאריענטעס.

פיינהאלץ איז כמעט קיינמאל נישט געקומען אין דעם געדיכט־יידישן צענטער. ער האט נישט געהאלטן פון די דיסקוסיעס, פון דעם „שטויסן וואסער", ווי ער האט זיך אמאל, נאך אויף דער שיף, בעת ער האט געלערנט שפאניש פון דעם ווערטער־בוך — אויסגעדריקט; ער האט געהאלטן פון פראקטישע מעשים, פון לערנען און טאן, אבער, נאך טרויעריקע טעג פון פיינלעכע איבערלעבענישן נאכדעם ווי ער האט פארלוירן זיין פאסטן, איז ער געקומען אהער, אפשר וועט ער דא טרעפן עמיצן פון זיינע שיפס־ברידער, כדי נישט צו זיין אזוי עלנט אין זיין אומגליק.

— ראמעק! — האט ער אויסגערופן, דערזעענדיק ווייסבלאטן.

אברעמל האָט אים ארומגענומען און חבריש וואָרעם געקלאַפּט אין פּלייצע.

זיי זיינען אוועק אין א זייטיקער גאַס, אריין אין א קאַפע און נאָך א האַלבע שעה, האָט שוין ווייסבלאַט געוואוסט פון דעם גרויסן דורכפאַל וואָס זיין שיפס-ברודער און חבר האָט געליטן און ער האָט אים געמוטיקט, אז נאָך איז גאָרנישט פאַרלוירן, אז ארבעטן אין אַן אַפּטייק-מאַגאַזין מיינט נאָך נישט אַלץ, אז מען קאָן זיך ביי יעדער אקטיוויטעט פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט און אז אבי פיינהאַלץ וויל, נעמט ער אים פאַר א שותף צו זיין „קאַרעטאַכע", ווייל צוזאַמען וועט עס זיכער גיין בעסער — דו, בערנארד, דו האָסט דאָך די שפּראַך, דו קאָנסט דאָך ריידן און איך דאַרף געווינען דעם קליענט אויף שטום-לשון!...

פיינהאַלצן האָט נישט גערייצט אַט-אָ די נייע באַשעפטיקונג, אָבער, ער האָט אָנגענומען זיין חברס פּראָפּאָזיציע, כדי זיך ארויסצוהויבן פון דעם עלנט און שווערן געמיט-צושטאַנד וואָס האָט אים נאָך זיין דורכפאַל אזוי שווער געפּייניקט.

ווייסבלאַט האָט פיינהאַלצן געוויזן די פּרייזן-ליסטעס מיט די אויסגערעכנטע נעבען פון די אַרטיקלען, זיי האָבן זיך באַשטעלט צו טרעפן צומאָרגנס אינדערפרי, און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך געזעגנט, איז ווייסבלאַט אוועק אין קאַפע „באָפּאָנעז" און פיינהאַלץ — איז געגאַנגען אהיים.

ווידער האָט פיינהאַלץ געטראָפן א בריוו פון פעלצמאַנען. אין בריוו בעט זיך פעלצמאַן מיט רחמים, ער זאָל גיין צו די בוקסבוימס און זיך דערוויסן עפּעס וועגן גיטעלען, ווייל ער שרעקט זיך זייער, ער איז איבערציינגט, אז מיט איר איז עפּעס געשען, ווייל שוין צוויי חדשים ווי ער האַלט אין איין שרייבן צו איר און קיין ענטפער איז נישט געקומען.

דאָסמאָל האָט שוין פיינהאַלץ באַשלאָסן, אז מאָרגן וועט ער גיין צו די בוקסבוימס און ער האָט אפילו אָפּגעזוכט און גענומען צו זיך דעם אדרעס, אָבער אויך צומאָרגנס האָט ער עס נישט געטאָן, ווייל די נייע אַרבעט איז אים נישט געווען צום הארצן, און נאָך א גאַנצן טאָג ארומגיין איבער לאַנגע און ווייטע גאַסן, איז ער געווען אזוי מיד און דערשלאָגן, אז ער האָט פאַרגעסן אָן פעלצמאַנס געבעט-בריוו און ווען ער איז ענדלעך אין א געוויסן טאָג, צוזאַמען מיט ווייסבלאַטן אוועק אויף דעם אָנגעגעבענעם אדרעס, האָט ער זיך דערוואוסט אז די פאַמיליע בוקסבוים האָט זיך שוין פון דאָרט ארויסגעקליבן, און אוועק וואוינען ערגעץ אין א ווייט געסל אין דער געגנט „פאַטערנאַל".

דורך דריי וואָכן צוזאַמענאַרבעט מיט זיין חבר אברעמל ווייס-

בלאַט, האָט פיינהאַליץ צוריקגעוואונען זיין גלייכגעוויכט און באַקומענדיק אַ נייעם בריוו פון פעלצמאַנען, האָט ער שוין מער נישט אָפּגעלייגט, נאָר באַלד אויפצומאַרגנס צוזאַמען מיט זיין חבר אַוועק לויט פעלצמאַנס אָנווייזונג, צו דעם יידן אין די ברילן, צום סעניאָר פרידמאַן, וואָס האָט אַ געשעפט פון היטלען אויף דעם ראָג פון די גאַסן באָעדאָ און פּאַוואָן.

---

# וואו אין גיטעלע האבער ?

אין קאפע „כאפאנעז" איז לעבעדיק.

עס איז שוין נאך די ארבעטס־שעה'ן און עס קומען כסדר אריין גייע געסט. יעדער ניי־אריינגעקומענער האט שוין דארט זיינע באקאנטע און פריינט און ער שארט זיך צו צו איינער פון די גרופעס וואס רינגלען ארום די טישלעך, ביי וועלכע עס זיצן פארטיי־ און קולטור־טוער, אק־טיארן און שרייבער.

די שמועסן גייען אן אויפן הויכן קול און עס איז דא פון וואס צו שמועסן.

ביי איין טישל זיצט דער מיט־רעדאקטאר פון „די פרעסע" פיניע וואלד, וועלכער האט שוין הינטער זיך א מארטירער־געשיכטע פאר זיינע סאציאליסטישע איבערצייגונגען און ער וויל די אלע וואס זיצן מיט אים און די וואס שטייען ארומגעשטעלט ארום זיין טישל, איבער־ציינגן, אז דער סאציאליזם קאן נאר געבויט ווערן אויף דעמאקראטישע יסודות.

יעקב אייזנשטיין, א דיכטער וואס האט געשריבן לידער פון שטורם און דראנג, אונטער דעם איינפלוס פון באוושאווער און עדלשטאט, האט צונישט געמאכט וואלדס דעמאקראטישן סאציאליזם, זאגנדיק, אז דאס מיינט נישט מער, וויווארטן ביים טויער פון דער וועלט ביז משיח וועט קומען און יעדן אריינווארפן טייבעלעך אין בוזעם אריין...

אן ארבעטער־טוער האטביידן מבטל געווען, ער האט אויפגעוויזן „ווי איינס און איינס איז צוויי", אז ווען יעדעס לאנד זאל פארמאגן כאטש איין טראצקי, וואלט שנעל פארווירקלעכט געווארן דער פאראל „פרא־לעטאריער פון אלע לענדער פאראייניקט אייך"!

אהרן בראדסקי, דער הויכער, אויסגעדארטער בחור מיט דעם פנים פון אן אסקעט, וועלכער האט שוין געהאט די זכיה אז זיינע פיעסן זאלן אויפגעפירט ווערן אין טעאטער און וועמענס ראמאן עס האט זיך גראד געדרוקט אין „די אידישע ציימונג", נאר דאס שטיקל ברויט האט ער

געמוזט זוכן צו פאַרדינען ביי שווערער פיזישער אַרבעט — האָט זיך געהיצט און אַרגומענטירט, אַז נישט די פּאַרטייען וועלן ברענגען די ישועה פאַר דער מענטשהייט, נישט די פּאָליטיק, נאָר די קולטור, די גייסטיקע דערהויבונג פון די מאַסן, דאָס אויסוואַרעמען אין די מענטשן די פּרינציפּן פון מאָראַל און עטיק, דאָס הייליקן די מידה פון רחמנות פון מענטש צו מענטש; נאָר די קולטורעלע אַנטוויקלונג פון די פעלקער וועט אַ סוף מאַכן צו קין'ס מאָרד-לוסט און הבל'ס פאַטאַלן גורל!...

אַן אַנדערער אַרבעטער-טוער, וואָס מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער לאָזט זיך אויף זיין געלעגער בייסן פון די וואַנצן, ווייל ער האָט נישט קיין האַרץ זיי צו טויטן, האָט געחוזק'ט פון בראָדסקין מיט זיין קליין-בירגערלעכן רחמנות, וואָס איז גרייט יעדע מינוט צו געבן דעם קראַנקן אַרבעטער אַ נדבה, אָבער נישט צו דערלייגן אים נאָך פופציק סענט אַ טאָג, אַז ער זאָל האָבן גענוג אויף ברויט, כדי נישט קראַנק צו ווערן...

די דיסקוסיע האָט זיך פאַרצויגן. קיינער פון די דיסקוטאַנטן האָט נישט געוואָלט אָראָפּלאָזן וויפיל נישט איז פון זיינע מיינונגען און פיניע וואָלד האָט געשטעלט דעם טאָן, אַז אַזוי ווי דער מהות פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אין זיך אַלע הנחות, ווייל זי גיט יעדן מענטש די פרייהייט צו האָבן און אויסדריקן זיין מיינונג, נו, קאָן שוין במילא נישט גערעדט ווערן וועגן נייע הנחות...

ביי אַ צווייטן טישל זיינען געזעסן אַן אַנדער גרופּע שרייבער, מיט די מיטאַרבעטער פון „די אידישע צייטונג" ישראל העלפמאַן און נח וויטאַל בראש.

דאָ איז אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקער שמועס וועגן אַ נייעם פעליע-טאָניסט וואָס האָט זיך באַוויזן אויף די שפּאַלטן פון „די פרעסע" מיט דער אונטערשריפט „יענקעלע גיבאַלעם".

„די פרעסע" איז ווי אַ זאַכלעכער באַוויז געלעגן אויסגעשפּרייט אויפן טישל און יעדער האָט געוואָלט וויסן ווער עס איז דאָס אַזוינס דער יענקעלע גיבאַלעם, וואָס שרייבט אַזוי שקאָצעוואַטע-אָנגרייפערישׂ און מיט אַזויפיל חוזק קעגן דעם דראַמאַטורג מאַרק אַרנשטיין, וועלכער איז געקומען קיין אַרגענטינע צו גאַסט און „די אידישע צייטונג" האָט אים מקבל פּנים-געווען מיט אַ סך פּאָמפּע, דורך אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן זיין גרויסקייט אַלס שרייבער און דראַמאַטורג און מחבר פון „ווילנער באַלעבעסל".

מען ווייסט גאַנץ גוט, אַז אויב „די צייטונג" זאָגט וועגן עמיצן אַ גוט וואָרט, וועט זיך שוין „די פרעסע" האַלטן רעזערווירט און פּאָזיטי-

מיק, נישט צו געבן איבעריקן לויב צו א פארווארטס פון דער צייטונג, אבער אזוי שארף, אזוי שטעכעדיק ארויסטרעטן קעגן א פארווארטס פון דער קאנקורענץ-צייטונג, דאס האט געטראפן צו ערשטן מאל און דער פעליעטאן איז געווען די „סענסאציע פון טאג" און אלע האבן געפרעגט:

— ווער איז עס דער וואס האט עס געוואגט? פונוואנען האט ער זיך געיאוועט? ווען איז ער געקומען און וואו האלט ער זיך אויף?

נח וויטאל האט דעם גאנצן ענין מבטל געווען:

— ווייס איך וואס! א קוואטש; יעדע פליג קאן זיך אוועקשטעלן אויף די ברייטע פלייצעס פון א העלפאנט און וועלן בייסן, אבער דער העלפאנט האט א גענוג דיקע פעל, אז ער זאל דעם בים נישט פילן...

ישראל העלפמאן האט זיך נאך שארפער געוויצלט אויפן חשבון פון דעם ארויסגעשוואומענעם אנאנימען יענקעלע גיבאלעס, אבער קעגן זיי, איז ארויסגעטראטן דער הויכער, שלאנקער י. ש. ליאכאוויעצקי, איינער פון די סאמע ערשטע יידישע זשורנאליסטן אין ארגענטינע, מיט-גרינדער פון „די אידישע צייטונג" און ארויסגעבער פון א סעריע ליטערארישע העפטן אונטערן טיטל „ביכלעך פאר יעדן":

— אלס עסטעט, בין איך זיכער נישט מסכים מיט דעם צו פראסטן, כמעט וואולגארן אופן פון ווארפן א קינסטלער די פעלערן אין פנים אריין; איך מוז אבער פעסטשטעלן, אז דער יענקעלע, ווייס ווי אזוי אומצוגיין מיט א פען און ער האט מיט זיין חוזקן פון מארק ארנשטיינס גרויסהאלטעריי און בלאזן פון זיך מיט זיין פוילישקייט, ווייל ער שרייבט אויך אויף פויליש, געטראפן אין פינטל.

בראדסקי און אייזנשטיין, וועלכע זיינען קענטיק מיד געווארן פון די פארטיי-פאליטישע דיסקוסיעס, זיינען צוגעקומען און הערנדיק וועגן וואס מען רעדט דא, האט זיך בראדסקי אויפסניי צעהיצט און אויס-געשריען:

— און איך וויל נישט וויסן צי ער איז גערעכט מיט זיין קריטיק, צי נישט, נאר אזוי חוזקן וועגן א קינסטלער, האלט איך, איז א חילול השם! מען טאר נישט אזוי! אויב איין שרייבער וועט נישט ארויס-ווייזן קיין ברעקל דרך-ארץ צום צווייטן, טא ווער וועט האבן דרך-ארץ פאר א שרייבער? קריטיק, מיינט אבסאלוט נישט, אז מען דארף נעמען אן איימער וואסער און פארלעשן מיט אים דעם הייליקן געטלעכן פונק וואס טליעט אין יעדן קינסטלערס נשמה ...

— אט, וועגן דעם גייט עס טאקע; — האט זיך אנגערופן דער יונגיטשקער יעקב פרנס, וואס איז שוין דעמאלט געווען באקאנט סיי אלס שרייבער און סיי אלס אקטיאר; — גיט א קוק, לייענט איבער

און איר וועט זען, אַז דער גיבאַלעס באַנוצט זיך מיט אַ מעטאָד פון וואַרפן שמוץ אויף יענעם, כדי צו קענען דערנאָך אויסשרייען: — זעט, ווי שמוציק ער איז!...

די צוויי דיכטער, יעקב אייזנשטיין און יעקב שטרייכער, האָבן פייערדיק פאַרטיידיקט דעם אומבאַקאַנטן און נישט געזעענעם אַנאָנימען יענקעלע גיבאַלעס; אייזנשטיין האָט געשריגן, אַז עס זיינען שוין אַוועק די צייטן, ווען מען האָט זיך געצאַצקעט מיט הילצערנע געטשקעס און געשמעקט צום ווייעריך פון פאַלשע מזבחות און מען דאַרף טאַקע אָט אַ די געטשקעס אַרויסשטעלן אין זייער גאַנצער לעבערלעכקייט און אַ סוף זאָל עס נעמען!...

שוין עטלעכע מאָל איז דער קעלנער צוגעקומען צו דעם טיש און געפרעגט צי וויל עמיץ אַ קאַווע, אָבער הוץ וויטאַל און העלפמאַן, וועלכע האָבן שוין געהאַט אויסגעליידיקט עטלעכע טעפעלעך, האָט קיינער פון די זיצנדיקע און פון די אַרומשטייענדיקע גאַרנישט געבעטן און דער יאַפּאַנטשיקל, דער קעלנער, האָט פאַרדריסלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַוועק אַ ברוגזער.

אָבער אָט האָט זיך די לאַגע געענדערט.

אבא עסטערזאָן אַן אַלטער תושב אין בוענאָס איירעס, וועלכער איז נאָר־וואָס געוואָרן פּרעזידענט פון פּויליש־יידישן פאַרבאַנד, איז אין באַגלייטונג פון אברעמל ווייסבלאַט פאַרבייגעגאַנגען דעם קאַפע און זעענדיק דורכן ברייטן פענסטער אַז עס זיצן דאָרט יידישע שרייבער, זיינען זיי אַריין אין קאַפע.

— אַז מען זעט פאַרשטייער פון יידישן געדרוקטן וואָרט, דאַרף מען אַריינגיין און זיי באַגריסן מיט אַ יידישן „בוינעס טאַרדעס״!... — האָט זיך עסטערזאָן אַ וויצל געטאָן.

די שטייענדיקע גרופּע שרייבער האָט זיך צעריקט און געמאַכט פּלאַץ פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן טוער און ווען דער קעלנער האָט פונדערווייטנס געזען אַז די סיטואַציע האָט זיך געענדערט, איז ער אויפסניי צוגעקומען מיט דער טאַץ אין האַנט. עסטערזאָן האָט געוואָרפן אַ בליק אַרום זיך און ער האָט באַלד געזען, אַז אַ חוץ אַ צוויי דריי שרייבער וואָס אַרבעטן אין רעדאַקציעס זיינען די אַנדערע שרייבער האָרעפּאַשנע אַרבעטער וואָס פאַרדינען קוים אויפן שטיקל ברויט, האָט ער טאַקע מיט אַ ברייטן זשעסט באַשטעלט ביים קעלנער: — „קאַפע פּאַראַ טאָדאָס״! און ווענדנדיק זיך צו די שרייבער האָט ער צוגעגעבן: — אָט אַזוי וועלן מיר זיך אַביסל אָנשיכורן מיט קאַווע און פאַרגעסן די צרות!...

— איר האָט אויך צרות? — האָט נח וויטאַל אַ פרעג געטאָן.

— אַלץ הייסט צרות! קיין מאַקס גלוקסמאַן בין איך נאָך נישט און איך דאַרף נאָך געגוג האָרעווען ביז איך וועל קומען צו עפּעס און דאָ האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו ווערן פּרעזידענט פון פּויליש־יידישן פאַרבאַנד און שוין צוויי טעג ווי איך לויף אַרום און ווער אויסגעריסן, זוכנדיק אַ יידיש מיידל פון גאַליציע, וואָס איז פאַרשוואונדן געוואָרן ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין...

דער קעלנער האָט צוגעבראַכט די באַשטעלטע קאַווע, די אַרום־שטייענדיקע האָבן געטרונקען שטייענדיקערהייט און אַבי אויסגעטרונ־קען, האָט זיי דער גאַנצער שמועס מיט דעם געזעלשאַפטלעכן יידן נישט אינטערעסירט און זיי זיינען איינציקווייז אַוועק צו אַנדערע טישלעך און עסטערזאָן האָט ווייטער דערציילט:

— איר זעט? אָט אַ דער יונגערמאַן, סעניאָר ווייסבלאַט, אַ האַלבער ליטוואַק, ער איז היינט געווען אַן עדות פון מיין לויפעניש און זוכעניש און נאָכפרעגעניש וועגן אַ יידיש מיידל, אַ געוויסע גיטעלע האָבער וואָס איז שפּורלאָז פאַרשוואונדן.

איינער פון די זיצנדיקע שרייבער, וואָס איז געווען אַ קאָרעספּאָנ־דענט פון אַמעריקאַנער „פאָרווערטס״, האָט דערשפּירט אַז ער קאָן דאָ האָבן אַ פּיקאַנטן מאַטעריאַל פאַר אַ קאָרעספּאָנדענץ, האָט געשטעלט פראַגן און געוואָרעמט עסטערזאָנען אַז ער זאָל דערציילן וועגן זיין טע־טיקייט מיט אַלע איינצלהייטן און עסטערזאָן האָט אָנגעהויבן אויפסניי:

ער האָט אָנגעהויבן מיט שילדערן זיין טעטיקייט פון אַ וואָך פריער, ווען ער איז אַרומגעלאָפן און געפּאָרשט וועגן אַ יונגער פרוי, מלכה פלעכטמאַן, וואָס איז פּלוצלינג, אַן אַ זיי געזונט, אַוועק פון איר אָרימער דירה אין אַ קאָנווענטיזשע־הויפל אויף דער גאַס סאַן לואיס.

— דער מאַן פון דער פאַרשוואונדענער פרוי הייסט שמחה פלעכט־מאַן. ער איז געקומען צו מיר אין פאַרבאַנד און געבעטן מיך מיט תחנונים, איך זאָל אים העלפן זוכן זיין פרוי, איך זאָל די שטאָט איבערקערן און זען צו ראַטעווען אַ יידישע טאָכטער וואָס שטאַמט פון אַ פיינער פאַ־מיליע אין אַטוואַצק.

נו, בין איך געגאַנגען מיט אים „די שטאָט איבערקערן״, אָבער זיין מלכהלע האָב איך נישט געפונען... מאַנכע איינצלהייטן האָב איך זיך יאָ דערוואוסט; איך האָב זיך דערוואוסט, אַז שמחה פלעכטמאַן איז מיט אַ צייט צוריק אַריין אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ זייד־געשעפט אויף דער גאַס סעריטאַ, דאָס גרויסע געשעפט געהער צו איינעם, אַ סעמקע רייבשטיין, אַ באַקאַנטער טיפּ פון די חברה־לייט, „וואָס האַנדלען נישט מיט קיין אתרוגים״ און איך פאַרשטיי, אַז דאָס האָבן די

חברה־לייט אויף א פלאנמעסיקן אופן אויסגעשפרייט די נעץ, ביז די שיינע יונגע פרוי האט זיך אין איר אריינגעווארפן...

— קאן מען גארנישט טאן קעגן אזא סעמקע רייבשטיין? — האט דער שרייבער וואס האט שוין געהאט א גוטן מאטעריאל פאר א נייער קארעספאנדענץ צום „פארווערטס", א פרעג געטאן.

— איר האט עפעס א סך באוויזן קעגן אים? זיי זיינען כיטרע ווי די שלאנגען און אפילו ווען מען האט שוין עפעס אן אנוויז, א ריכטיקע אי־בערצייגונג קעגן זיי, האבן זיי אבער אזויפיל רעלאציעס, אזויפיל באקאנט־שאפט אין די „הויכע פענסטער", אז אונזערע הענט זיינען צו קורץ, אויף צו קענען זיי דערלאנגען דעם אמתן קלאפ...

נו, איך האב פונדעסטוועגן איבערגעגעבן דעם ענין צום סעניאר גא־נאפאל, דעם פארוואלטער פון „עזרת נשים", ער וועט ווייטער פארשן דעם ענין און הלואי זאל זיך אים איינגעבן עפעס אויפצוטאן; פונקט אזוי, דוכט זיך, וועל איך מוזן איבערגעבן אויך דעם היינטיקן ענין מיט דעם פארשוואונדענעם גאליציאנער מיידל, וואס ליידער, האב איך זיך צו שפעט דערוואוסט וועגן דעם.

די מעשות וועגן פארשוואונדענע פרויען זיינען געווען אפטע דער־שיינונגען און די מערהייט פון די ארומזיצנדיקע האבן נישט געהאט קיין אינטערעס אויסצוהערן, אבער עס האט דאך נישט געפאסט אויפצושטיין פון די פלעצער ביז דער קאפע וועט זיין באצאלט; האבן זיי בייז גע־קוקט אויף דעם קארעספאנדענט פון „פארווערטס" וועלכער האט עס־טערזאנען ווידער געשטעלט א פראגע און עסטערזאן האט פארגעזעצט:

— גיטעלע האבער, לויט ווי אברהם פרידמאן האט מיר דערציילט, איז נאך געווען א מינדעריעריק מיידל און ער האט געמוזט אינטערווע־נירן, אז מען זאל זי ארפלאזן פון שיף. ער האט זי דערנאך געטראפן אין אן ארים שטיבל אויף דער גאס טשארקאס, ביי אירם א חברטע מיט איר מאן, א פארל ארבעטסזאמע מענטשן.

דער סעניאר ווייסבלאט מיט נאך א פריינט, ביידע שיפסברידער פון דעם מיידל, זיינען געקומען צו מיר אין נאמען פון א דריטן שיפס־ברודער, א דענטיסט, וואס געפינט זיך היינט אין ענטרע ריאס, ער הייסט פעלצמאן, און דער פעלצמאן האט כסדר ארויסגעוויזן זיין גרויסן אינטערעס פאר דעם מיידל און נישט באקומענדיק א לענגערע צייט פון איר קיין בריוו, האט ער געבעטן זיינע חברים, זיי זאלן גיין צו אברהם פרידמאן און ער האט זיי געשיקט צו מיר. און אט אזוי האב איך זיך געלאזן מיט זיי זוכן. מיר האבן שוין געוואוסט, אז די בוקסבוימס וואוינען נישט מער אויף טשארקאס און מיר האבן געזוכט און געפארשט

און ענדלעך האָב איך אויסגעפונען זייער אדרעס, אָבער גיטעלע איז דאָרט נישט געווען.

די בוקסבוימס זיינען אַ וואוילע ארבעטער־פאַמיליע. זיי וווינען אין דער געגנט פאַטערנאַל אַ סך בעסער ווי דאָ אין צענטער, זיי האָבן אַ קינד און די פרוי איז שוואַנגער מיטן צווייטן. זיי האָבן גע־האַלטן גיטעלען ווי אַ שוועסטער, אָבער זי, אַן אינטעליגענט מיידל, האָט זיך דאָרט געפילט שלעכט, איז זי אַוועק ארבעטן אין טראַמפּאַלסקיס שאָקאָלאַד־פאַבריק פאַר צוויי פּעזעס אַ טאָג און זי האָט זיך ארויסגע־קליבן פון זיי.

ווען זיי האָבן זיך ארויסגעקליבן אויף פאַטערנאַל, איז גיטעלע גע־קומען צו זיי עטלעכע מאָל, ביז זי האָט אויפגעהערט קומען און די בוקסבוימס האָבן נישט קיין צייט אויף גיין צו געסט, זיי דאַרפן ארבעטן און זיי ווילן זיך זיכער ארויפאַרבעטן. זיי האָבן אונז געגעבן גיטעלעס אדרעס אויף דער גאַס הומאַהואַקאַ, אָבער מיר האָבן זי אויך דאָרט נישט געפונען. מיר האָבן זיך בלויז דערוואוסט, אַז זי האָט דאָרט געצאָלט פּערציק פּעזעס אַ חודש פאַר דירה מיט פולער פּענסיאָן, אַז זי האָט יעדן אָוונט געשריבן בריוו און זייער אָפט האָט זי באַקומען בריוו, ביז ענדלעך האָט זי באַקומען אַ טעלעגראַמע, האָט זי זיך גע־זעגנט, געזאָגט אַז זי פאָרט אין אַ צווייטער שטאָט צו אַ רייכן פריינט אויף אַ פּאָסטן אַלס קאָרעספּאָנדענטין אין דייטש און זייט דעמלט, עס איז שוין אַ שיינע פאַר וואָכן, האָט מען זי מער נישט געזען.

דאָס איז אַלעס, און גיי זוך דעם ווינט. מיט דעם האָב איך פאַר־בראַכט דעם היינטיקן גאַנצן נאָכמיטיק, ליידער, אָן רעזולטאַטן און הלואי זאָל גאַנאַפּאָל האָבן מער מזל, ער זאָל עפּעס קענען דערגיין וועגן דעם יונגן אינטעליגענטן מיידל און קומען אויף אירע שפּורן.

נאָך דער דאָזיקער התנצלות פון אבא עסטערזאָן פאַר די שרייבער אין קאַפע „כאַפּאַנעז", האָבן פאָרשטייער פון „עזרת נשים", פון פויליש־יידישן פאַרבאַנד „אגודת אחים" און פון אימיגראַנטן שוץ פאַריין אומ־דערמידלעך נאָכגעפאָרשט און געזוכט שפּורן פון די פאַרשוואונדענע מלכהלע פלעכטמאַן און גיטעלע האָבער; הער גאַנאַפּאָל, וועלכער האָט געוואוסט וואו צו זוכן אַזעלכע שפּורן, האָט יעדע נאַכט באַזוכט די געגנטן פון באָקאַ ארום דעם פּאָרט, וואָס איז געווען פול מיט שענק־הייזער, וואו עס זיינען געווען די „ירידים" פון דער פּראָסטיטוציע, וואָס

איז אָנגעפירט געוואָרן פון די הארצלאָזע שקלאַפן־הענדלער — אָבער פון די צוויי נייע קרבנות האָט מען קיין שפּורן נישט געפונען און צו די פּראָטאָקאָלן וועגן דער טעטיקייט פון „עזרת נשים“, איז בלויז צוגע־קומען אַ נייער קאַפּיטל צו דער טרויעריקער געשיכטע פון ווייסן שקלאַפן־האַנדל אין אַרגענטינע.

ז

## עס שאַפן זיך אינסטיטוציעס

אויפן דאַך פון הויז אויף עקוואַדאָר 473, איז געשטאַנען אַ קליין הילצערן שטיבל, וואָס איז אינגאַנצן געווען ענלעך צו אַ סוכה אין די אַלטע היימען פון פּוילן און גאַליציע, נאָר בלויז, וואָס אנשטאָט מיט סכך, איז דאָס שטיבל געווען באַדעקט מיט צינק-בלעך.

צו דעם שטיבל איז נישט געווען לייכט צוצוקומען; צוערשט האָט מען אונטן, אַריינקומענדיק אין דעם טויער נומער 473, באַדאַרפט דורכגיין צוויי הויפלעך מיט דירות וואו עס האָבן געוואוינט די באַלע-באַטים פון הויז, אַלטע תושבים אין אַרגענטינע און עטלעכע שכנים און ערשט גאַנץ פון הינטן, צווישן דער קיך און קלאָזעט, האָבן זיך אין דער טונקלקייט ווי באַהאַלטן שמאָלע שטיינערנע טרעפּלעך וואָס האָבן אַרויפגעפירט אויפן ערשטן שטאָק וואו עס איז געווען אַ קליין אויבער-שטיבל, אין וועלכן עס האָט געוואוינט אַ יונג פּאָר-פאָלק וואָס איז נאָר-וואָס געקומען פון פּוילן.

ביי דער זייט פון דעם אויבער-שטיבל איז געשטאַנען אַ הילצערנע האַלב-דורכגעפוילטע טרעפּ-לייטער, אויף וועלכער מען האָט זיך מיט סכנות-נפשות באַדאַרפט אַרויפדראַפּען, כדי צו קומען אויפן דאַך צום הילצערנעם סוכה-שטיבל.

די מעבל אין שטיבל זיינען באַשטאַנען פון צוויי שמאָלע אייזערנע בעטלעך, אַ קליין טישל, איין שטול און אויף עטלעכע אַריינגעשלאָגענע טשוועקעס אין די הילצערנע ווענט, זיינען געהאַנגען מלבושים.

אין דעם שטיבל האָט עטלעכע טעג געוואוינט איינער אַליין, אַ צוואַנציק יעריקער בחור, וועמען די שיף „אַטלאַנטאַ" האָט אויף איר נייער רייזע געבראַכט צוזאַמען מיט אַ נייער יידישער אימיגראַנטן-מאַסע. דער יונגער בחור האָט שוין געאַרבעט אַלס „קלאַפּער", אָבער ער האָט נאָך צו ווייניק פאַרדינט אויף צו קענען אַליין צאָלן די טייערע דירה-געלט פאַר דעם צרהדיקן שטיבל און ער האָט פאַרעפנטלעכט אַן

אנאנם אין „די פרעסע", אז ער זוכט א חבר, („א קאמפאניערא") צו א צימער.

אויף דעם אנאנם האט זיך אפגערופן דער יידישער שרייבער פון פוילן, וואס איז גראד געהאט צוריקגעקומען פון זיינע רייזעס איבער די יידישע קאלאניעס און כאטש די „דירה" איז אים נישט זייער שטארק געפעלן, האט אבער דער פריילעכער הומארפולער בחור וואס האט דארט געוואוינט, געמאכט אויף אים א גוטן איינדרוק און ער איז געבליבן מיט אים אלס שותף צום שטיבל.

דער יידישער שרייבער האט געזאלט באלד נאך זיין באקענען זיך מיט דעם לעבן אין די יידישע קאלאניעס צוריקפארן קיין פוילן, אבער די בריוו וואס ער האט פון דארט באקומען, די שילדערונגען וועגן די פארערגערטע לעבנס-באדינגונגען, די אינפלאציע, גראבסקים בארימטע „עגלה", די „סאנאציע" מיט די לאזונגען פון „סוואי דא סוועגא" און די פאראַרימונג פון זיינע עלטערן, דאס אלץ האט אים באוואויגן, אז ער זאל זיך נישט איילן מיט זיין צוריקפארן און אגב, האבן אים שיף-ברידער מיט וועלכע ער האט זיך באגעגנט, אנגעווארעמט צו טעטיקייט, ער זאל זען עפעס אויפצוטאן און זיך באמיען צונויפצוגרופירן די צע-שאטענע עלנטע יחידים, ארגאניזירן זיי און שאפן א פלאץ פאר גייסטי-קער אויסלעבונג און אזוי איז עס געווארן, אז נאך עטלעכע שמועסן אין קאפע „כאפאנעז", זיינען זיך דא היינט צונויפגעקומען אין דעם היל-צערנעםביידל א צענדלינג יונגע מענטשן, כדי צו שאפן א שטיקל גייסטיקן צענטער *).

דאס טישל אינדערמיט און אויף די צוויי אייזערנע בעטלעך צו-גערוקט צו ביידע זייטן פון טישל זיצן די גרופע יונגע מענטשן, די פנימער פלאמען און גלאנצן אנטקעגן דעם שיין פון לויכטנדיקן עלעק-טרישן לעמפל.

נאך א דיסקוסיע וואס האט זיך פארצויגן ביז פארטאג, האט די גרופע באשלאסן צו שאפן אן אומפארטייאישן קולטור-פאריין מיט דעם נאמען „ארטיסטיש ווינקעלע".

---

*) אזוי ווי איך שרייב נישט איצט מיין אויטאביאגראפיע, ווערט אין די ווייטערדיקע שילדערונגען מער נישט פיגורירן דער „יידישער שרייבער פון פוילן" און זיינע שפעטערדיקע אקטיוויטעטן אלס שרייבער און מיטבויער פון געזעלשאפטן, ווייל „דער יידישער שרייבער פון פוילן" איז דער שרייבער פון דעם בוך.

מיט דעם באַשטימען דעם נאָמען פאַר דער אינסטיטוציע, האָבן אַלע געפילט אַז דאָס קינד איז שוין געבוירן, אַז עס לעבט און אַז מען דאַרף שוין אָנהויבן זאָרגן דערפאַר און באַלד טאַקע זיינען אויפגע־שטאַנען די ערשטע צוויי, אברעמל ווייסבלאַט און גרישאַ לעווין, זיי האָבן זיך די ערשטע געמאָלדן מיט זייערע ביישטייערונגען אויף צו קענען דינגען אַ דירה פאַרן „אַרטיסטישן ווינקעלע", זיי האָבן אַוועק־געלייגט אויף דעם קליינעם טישל צו צען פעזעס.

די צוויי בלאַנקענדיקע גרינע צענערלעך האָבן צוגעצויגן אַלעמענס בליקן, ווייל כמעט פאַר אַלע האָט דאָס געמיינט אַ גרויס פאַרמעגן און מען האָט מקנא געווען די צוויי „גבירים" וואָס קענען זיך פאַרגינען אַזוי צו וואַרפן מיט זייערע צענערלעך און יעדער האָט אָנגעהויבן זוכן ביי זיך אין די קעשענעס, ווער עס האָט אַרויסגעשלעפּט אַ פעזע, ווער צוויי און מאַנכע האָבן זיך געמאַכט האַרץ און אַרויסגענומען די איינ־ציקע פינפערלעך וואָס זיי האָבן געהאַט און אַוועקגעלייגט אויפן טישל און אין געציילטע מינוטן איז שוין אויפן טישל געלעגן אַ קאַרגער פּופּציקער.

איצט האָט זיך געשטעלט די פראַגע: — ווער וועט נעמען דאָס געלט? ווער וועט גיין זוכן אַ דירה? און דאָס געלט וועט דאָך זיין צו ווייניק, וואו וועט מען נעמען נאָך?...

עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, ווען די גרופּע האָט אויסגעקליבן צווישן זיך אַ קאַסיר, אַ סטאַטוט־קאָמיסיע און אַ סעקרעטאַר, וועלכע זאָל פאַרעפנטלעכן נאָטיצן וועגן דער גרינדונג פון „אַרטיסטישן ווינקל" אַלס אומפּאַרטייאישע יידישע קולטור־אינסטיטוציע.

---

אויף אַזעלכע און ענלעכע אופנים האָבן זיך אין פאַרשידענע געגנטן פון שטאָט אָנגעהויבן פאַרזאַמלען גרופּעס פּערזאָנען מיט ענלעכע אָר־גאַניזאַציע־צילן.

עלנטע יחידים האָבן געזוכט זיך צו פאַמיליאַריזירן און דאָ און דאָרט, ווען עמיץ האָט זיך דערוואוסט אַז זיינס אַ שיף־ברודער איז קראַנק געוואָרן, אָדער אַ שיף־שוועסטער האָט פאַרלוירן איר אַרבעטס־פּלאַץ, זי ליידט נויט און מען דאַרף זי פאַרהיטן פון זעלבסטמאָרד, אָדער וואָס נאָך ערגער, זי זאָל נישט אַריינפאַלן אין די אויסגעשפּרייטע נעצן פון די לויערנדיקע „חברה־לייט", די רופיאַנעס, האָט מען אָנגעהויבן זוכן די מיטלען צו העלפן און אַזוי ווי יעדער עלנטער אַליין איז געווען מאַכטלאָז, האָט מען געזוכט זיך צונויפצוגרופּירן כדי צו קענען עפּעס אויפטאָן און אָרגאַניזירן אַ געוויסע קעגנזייטיקע הילף.

געווען א טראַגישער פאַרפאַל מיט צוויי שוועסטער מיטן נאָמען וואַכאַווסקי, צוויי יונגע מיידלעך וואָס האָבן געאַרבעט אין אַ שאָקאָלאַד־פאַבריק. אינטעליגענט ווי זיי זיינען געווען, האָבן זיי אָבער אָן דער שפּראַך און אָן אַ פאַך נישט געקאָנט באַקומען קיין אַנדער פּאָסטן ווי אין דער שאָקאָלאַד־פאַבריק, וואו זיי האָבן געוויקלט קאַראַמעלקעס אין באַגילדעטע פּאַפּירלעך און פאַר דער לאַנגווייליקער אַרבעט האָבן זיי באַקומען ממש אַ הונגער־לוין, אָבער אויך דעם הונגער־לוין האָבן זיי נישט באַקומען גלאַט אַזוי, נאָר מיט דראָונגען פון אַן אַרבעטס־אויפזעער, אַ „קאַפּאַטאַס", אַז אויב זיי וועלן נישט זיין גוט צו אים, וועלן זיי זיך דאַרפן זוכן אַנדערע פּאָסטנס און די צוויי מיידלעך זיינען צוגעפירט געוואָרן צו אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט און דעצידירט און צוזאַמען אין זייער קליין אויבער־שטיבל, געמאַכט אַ סוף צו זייערע יונגע לעבנס.

דער שוידערלעכער פאַרפאַל האָט געמאַכט אַ מוראדיקן רושם אויף דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט. עס זיינען פאָרגעקומען ספּעציעלע זיצונגען אין אימיגראַנטן־שוץ־פאַריין, אין „עזרת נשים", אין פּויליש־יידישן פאַרבאַנד „אגודת אחים", מען האָט אַ סך גערעדט וועגן דער געשעעניש. מען האָט געפּלאַנט מיטל ווי אַזוי צו פאַרהיטן אַז אַזעלכעס זאָל מער נישט פאָרקומען, אָבער שטאַרקער דורכגעפילט די שוידער־לעכע טראַגעדיע פון די צוויי גרינע מיידלעך, האָבן די נייע אימיגראַנטן וואָס זייער עקזיסטענץ איז נאָך מיט גאָרנישט געווען געזיכערט און אין פּאַיע פון יידישן טעאַטער און אין די קאַפעען אין יידישן צענטער. האָט מען גערעדט נאָר וועגן דער שוידערלעכער געשעעניש און מען האָט געפאָדערט, אַז די שוין עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס זאָלן מער וואַכן איבער די לעבנס פון די ניי־אָנגעקומענע.

אָבער, די עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס, דער פּויליש־יידישער פאַרבאַנד און דער בעסאַראַבער לאַנדסלייט־פאַריין זיינען דעמלט אָנגע־פירט געוואָרן פון אַלטע תושבים, וועלכע האָבן געקוקט קרום אויף דעם נייעם לעבנס־שטייגער פון די „גרינע", וועמענס אויפירונג איז געווען אַ מער מאָדערנע.

אַלס פּרעזידענט פון פּויליש־יידישן פאַרבאַנד „אגודת אחים", האָט אבא עסטערזאָן דווקא געוואָלט, אַז אַ חוץ דער הילפס־טעטיקייט, זאָל דער פאַרבאַנד אויך אָנפירן מיט אַ קולטור־אַרבעט, אָבער, ווען איינער, אַ גרינער, האָט ביי אַ זיצונג פאָרגעשלאָגן אַז מען זאָל אויך אַריינעמען פרויען אַלס מיטגלידער, האָט זיך דער דעמאָלסדיקער וויצע־פּרעזידענט אויפגעשטעלט און געגעבן אַ זעץ אין טיש און אויסגערופן: — וואָס?

און אפשר זאָל מען זיי אויך אַריינעמען אין דער קאָמיסיאָן (פּאַרוואַל־טונג), זיי זאָלן דאָ זיצן מיט אונדז ביי איין טיש?...

דער גרינער וואָס האָט געוואגט צו מאַכן אַזאַ פאָרשלאָג, האָט געהאַט גענוג אַרגומענטן כדי צו באַווייזן, אַז ווען פרויען זאָלן דאָ זיצן ביים טיש, וואָלט טאַקע געווען אַ סך בעסער ווי עס איז; ער וואָלט געקאָנט אויסרעכענען די אינסטיטוציעס אין די אַלטע היימען וואָס האָבן פראָגרעסירט נאָר אַ דאַנק דעם וואָס פרויען האָבן אין זיי פולע גלייכבאַרעכטיקונג; אָבער, ער האָט איינגעזען, אַז די אַלע אַרגומענטן וועלן נישט קענען גובר זיין די קאָנסערוואַטיווע מענטאַליטעט פון די אַלטע תושבים און וועגן אַרויסשטויסן זיי האָט מען אפילו נישט געקאָנט טראַכטן, ווייל זיי זיינען דאָך געווען די, וואָס האָבן זיך געקאָנט לאָזן קאָסטן כדי אויפצוהאַלטן די אינסטיטוציע און די ניי־אָנגעקומענע, די גרינע, זיינען געווען אָרים, אָרים...

אגב, האָט מען צו די תושבים אויך נישט געקאָנט האָבן קיין סך טענות, ווייל די פרוי אין אַרגענטינע איז דעמלט געווען — ווי איינער האָט זיך אויסגעדריקט — אַ באַשעפעניש וואָס מען דאַרף האַלטן הינ־טער שלאָס און ריגל; עס איז געווען, אַז בעת אַלע קאָפּ־הייזער זיינען געווען אָנגעפּולט מיט מענער פון יעדן עלטער, וואָס האָבן דאָרט פאַרבראַכט זייער גאַנצע פרייע צייט, האָבן די פרויען געמוזט זיצן אין זייערע שטיבער, ניאַנטשען די קינדער, אָדער פאַריכטן די וועש פון זייערע מענער און גרייטן פאַר די מענער די „אָנבייסנס" (מיטיקער) און די וויעטשערעס (נאַכט־עסנס).

באַלעבאַטישע מענטשן האָבן זייערע טעכטער געהאַלטן „הינטער שלאָס און ריגל"; קיין בחור האָט זיי נישט געטאָרט באַזוכן אין שטוב, ווייל דאָס וואָלט שוין געשמעקט מיט מאָדערניזם וואָס קאָן דערפירן צו פרייע ליבע און אויב אַ מיידל האָט זיך שוין ערגעצוואו, אויף אַ חתונה צי אויף אַ תנאים, באַקענט מיט אַ בחור, האָט ער געקאָנט צוקומען בלויז ביז צום טויער פון איר וואוינונג און אַזוי, נעבן די טויערן, פאַר די אויגן פון שכנים און פון פאַרבייגייער אין גאַס, האָבן זיך געוועבט ראָמאַנסן, וועלכע האָבן זיך גאַנץ אָפט אַ סך ערגער פאַרענ־דיקט, ווי די מאָדערנע ראָמאַנסן פון אונזערע יוגנטלעכע אין די אַלטע היימען.

שווער, זייער שווער איז געווען פאַר די פרויען וואָס זיינען געקו־מען קיין אַרגענטינע צו זייערע מענער, דאָס צוגעוויינען זיך צו דעם אָרט לעבן. אַ סך פרויען זיינען פשוט קראַנק געוואָרן צוליב דעם נייעם

שווערן לעבנס-שטייגער און עס וועלן קיינמאָל נישט אויסטריקענען די טרערן וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן אויף זייער וויסטן מזל...

אָבער נאָך שווערער איז געווען דאָס לעבן פאַר די מיידלעך אימי-גראַנטקעס, וואָס אפילו די וואָס זיינען געקומען קיין בוענאָס איירעס צו זייערע קרובים, האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם רעזשים און זיי האָבן געזוכט זיך צו מאַכן זעלבסטשטענדיק און שוין אַלס זעלבסט-שטענדיקע, ביי שווערער פּרעצע און קליינע פאַרדינסטן, האָבן זיי נישט געהאַט קיין פּלאַץ וואו זיך צונויפצוקומען מיט זייערע באַקאַנטע בחורים, שיף-ברידער, ווייל כדי „אויפצוהאַלטן די מאָראַל", האָבן זיך די באַלעבאַטים פון די אָרימע אויבער-שטיבלעך און קעמערלעך, באַלד ביים פאַרדינגען זיי, אויסגענומען, אַז מען וועט נישט דערלויבן קיין וויזיטן פון „סאַלטעראָס" צו מיידלעך אָדער פון מיידלעך צו סאַלטע-ראָס...

אַזוי ווי די נייע אימיגראַנטן האָבן זיך בשום אופן נישט געקאָנט צוגעוויינען צו דעם „שטיין ביי די טויערן", איז דאָס יידישע טעאַטער געווען דאָס איינציקע פּלאַץ וואו זיי האָבן זיך געקאָנט צונויפקומען און ווייל מען האָט זיך נאָך נישט געקאָנט פאַרגינען דעם גרויסן לוקסוס צו גיין אָפט אין טעאַטער, האָבן דוקא די מיידלעך אָנגעהויבן ווירקן אַז עס זאָלן אָרגאַניזירט ווערן קרייזלעך אָדער פאַריינען פאַר קולטור-טעטיקייט און די טראַגישע געשעעניש מיט די שוועסטער וואַכאָווסקי, איז געווען אַ שטאַרקער אָנרעג פאַר די עלנטע, זיי זאָלן זיך וואָס שנע-לער אָרגאַניזירן. דאָס שלאָג-וואָרט פון די יונגטלעכע אימיגראַנטן איז דעמאָלט געווען, אַז ווען די שוועסטער וואַכאָווסקי וואָלטן נישט געמוזט אַטראָפּירט ווערן פון זייער עלנט, צו אַרבעטן גאַנצע טעג מיט געבויי-גענע רוקנס ביים פּאַקן קאַראַמעלקעס און נאָך דער אַרבעט פאַרצערן זיך פון בענקשאַפט אין זייער וויסטן וואוין-קעמערל, ווען זיי וואָלטן געהאַט כאָטש ערגעצוואו אַ שטיקל געזעלשאַפטלעכן אָנהאַלט, וואָלטן זיי זיכער נישט געווען פאַרענדיקט מיט זייערע יונגע לעבנס אויף אַזאַ טראַגישן אופן און אַזוי, אויף ענלעכע אופנים ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן דאָס „אַרטיסטישע ווינקעלע", זיינען אויך געשאַפן געוואָרן אַנדערע קרייזלעך און פאַריינען פאַר קולטור-טעטיקייט און קעגנזיי-טיקער און פּראָפעסיאָנעלער הילף.

דאָס ערשטע פון אַזאַ ניי געשאַפן קרייזל איז געווען, דאָס באַ-שטעלן אַ סטעמפּל און מעלדן דורך נאָטיצן אין ביידע טעגלעכע צייי-טונגען וועגן דער גרינדונג און וואו מען קאָן זיך קומען פאַרשרייבן אַלס מיטגלידער. און כאָטש אַ סך פון די ניי-געגרינדעטע פאַריינדלעך האָבן

נישט באַוויזן זיך איינצואַהוואַרצלען און בלויז די טויטע סטעמפּלען זיינען געבליבן אַלס זכר ביי די סעקרעטאַרן. אין זייערע אָרימע וואַוין־קע־מערלעך, זיינען אָבער מאַנכע פון זיי געבליבן לעבן און עס מוז פאַר־צייכנט ווערן דער פאַקט, אַז נאָר אַ דאַנק די צוויי צייטונגען וואָס האָבן אָפּגעגעבן געגוג פּלאַץ פאַר די מעלדונגען און נאָטיצן, האָבן די געשאַ־פענע אינסטיטוציעס געקאָנט עקזיסטירן און פּראָגרעסירן.

די מיטגלידער פון אַזעלכע אינסטיטוציעס האָבן געוואוינט ווייט איינער פון צווייטן, אַזוי ווי צעשאָטענע און פון ווינט צעשפּרייטע בלעטער פון אַ בוים. און די באַדינגונגען זיינען געווען אַזעלכע שווערע און די מיטלען אַזעלכע אָרימע, דאָך האָבן די פאַרעפנטלעכטע נאָטיצן און טעטיקייטס־באַריכטן געהאַט דעם כח צונויפצוברענגען די צע־שפּרייטע בלעטער און זיי צוריק פאַרבונדן אין געזונטע פרוכטבאַרע בוימער.

צווישן די גרינדער פון אַלע קרייזלעך און פאַריינען, סיי פון די וואָס זיינען אונטערגעגאַנגען און סיי פון די וואָס זיינען געבליבן לעבן און האָבן פּראָגרעסירט, האָט מען געקאָנט טרעפן אייגצלנע אָדער מע־רערע שיף־ברידער פון דער „אַטלאַנטאַ״.

אין איין ערשט־געגרינדעטן פאַריין וואָס האָט געדונגען אַ קליין שטיבל אויף דער גאַס לאַוואַזשע נעבן כונין, האָט מען געקאָנט טרעפן בערקען דעם טרעגער מיט זיין זון הענעך. דאָס זיינען זיי טאַקע געווען די איניציאַטאָרן צו גרינדן דעם פאַריין פאַר קעגנזייטיקער הילף, צוליב אַן אַקצידענט וואָס אַ טרעגער האָט געליטן און ער איז געוואָרן אַ קריפּל און מען האָט באַדאַרפט אונטערקומען מיט הילף, אַז דער געליטענער זאָל נישט דאַרפן צוזאַמען מיט זיין ווייב און דריי קינדער אויסגיין פון נויט.

בערקע מיט זיין זון האָבן זיך שוין געהאַט „אַרויפגעאַרבעט״. זיי האָבן שוין פאַרמאָגט אַ גרויסן וואָגן מיט צוויי פערד. זיי האָבן כסדר געאַרבעט פירנדיק מעבל פון די פאַבריקן צו די מעבל־געשעפטן און פון די מעבל־געשעפטן צו די קונים און הענעך האָט שוין אפילו גע־טראַכט וועגן אויסלערנען זיך אָנפירן מיט אַ לאַסט־אויטאָ, אַ „קאַמיאָן״ און צופרידענע פון זייער שטייגנדיקן מצב, האָבן זיי זיך פונדעסטוועגן דורכגענומען מיט דעם אומגליק פון זייער קאָלעגע און עס איז געווען כדאי צו הערן ווי דער טרעגער פון פעלצעווויזנע האָט געטענהט און איבערצייגט די איבעריקע יידישע טרעגער וואָס האָבן געהאַט זייער „סטאַנציע״ אויף דעם ראָג פון די גאַסן אוריבורו און קאָריענטעס, אַז קיי־נער איז נישט פאַרזיכערט קעגן אַן אומגליק און מ׳מוז זיך אָרגאַניזירן אין

א קעגנזייטיקן הילפס־פאריין און מיט צונויפגענומענע איינציקע פעזעס, איז דער פאריין געגרינדעט געוואָרן.

אויף אַזאַ אופן, צוליב אַן אַקצידענט מיט אַ מאַלער־אַרבעטער וואָס האָט געשטאַמט פון גאַליציע, איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער פאַר־באַנד פון גאַליציאַנער יידן.

די בוענאָס איירעסער תושבים וואָס האָבן געשטאַמט פון גאַליציע, זיינען פריער געווען אָרגאַניזירט אין אַן „עסטרייכישן פאַרבאַנד" און זיי האָבן נישט געוואָלט אויפהערן צו זיין עסטרייכער, ווען אפילו עסטרייך איז זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעפאַלן און גאַליציע האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די איבעריקע טיילן פון דער באַפרייטער פוילישער מלוכה.

ביי מאַנכע פון די גאַליציאַנער תושבים האָבן נאָך אין זייערע וואוינונגען געהאַנגען די בילדער פון קייזער פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר עסטרייכער און באמת זיך נישט צו פאַראַכטן זייער גאַליציאַנער אָפּשטאַם, אָבער מען האָט זיי דערקענט ווען מען האָט געהערט זייער גאַליציאַנער פאַרדייטשטן יידיש....

אַ שטאַרקן אָנטייל ביים גרינדן דעם גאַליציאַנער פאַרבאַנד, האָבן גענומען גתן פּרוכטער, אַ מיט־רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע" און דער יידישער שרייבער, וועלכע האָבן באַלד צוגעצויגן צו דער מיטאַרבעט אַ היפּשע גרופּע יוגנטלעכע אימיגראַנטן פון גאַליציע.

אַ דאַנק דער מיטאַרבעט פון ניי־אָנגעקומענע עלעמענטן, האָט זיך דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד באַלד אָנגעהויבן פירן אויף אַ מאָדערנער אופן און גלייכצייטיק מיטן שאַפן אַ הילפס־פאָנד, צו העלפן די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן פון גאַליציע שטעלן זייערע ערשטע טריט אין דעם נייעם לאַנד, איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס איז געוואָרן אַ צוציאונגס־קראַפט פאַר מיטגלידער וואָס האָבן געבענקט און זיך גע־נויטיקט אין אַ סביבה פאַר גייסטיקער אויסלעבונג.

די טעטיקייט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט זיך זייער שנעל אימ־פּאָנירט און געוועזענע „עסטרייכער" האָבן זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן פאַרשרייבן אַלס מיטגלידער און אַריינגעבראַכט די מאַטעריעלע מיטל צו קענען אויסברייטערן די הילפס־ און קולטור־טעטיקייטן, כדי צו ווערן אַן אָנגעזעענע יידישע קולטור־אינסטיטוציע.

די טעטיקייט און דער אָנזען פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד, האָט אויך געשטויסן דעם פויליש־יידישן פאַרבאַנד צו אַ בּאַנייטער טעטיקייט און אברהם פרידמאַן, ער, וואָס איז געווען דער גרינדער פון „אגודת אחים"

האָט אַליין געשטימט דערפאַר, אַז מען זאָל אַראָפּנעמען דעם צוגאָב „אגודת אחים" און דער נאָמען זאָל זיין בלויז „פּויליש יידישער פאַר־באַנד" און מען זאָל אויך מעגן אַריינעמען פרויען אַלס מיטגלידער.

ווען עס האָט זיך פאַרגרעסערט די מיטגלידער־צאָל פון ניי־געקו־מענע און עס האָט זיך פאַרשטאַרקט די קולטור־אַרבעט אין פאַרבאַנד, האָט אַ נייע פאַרזאַמלונג ווידער געענדערט דעם נאָמען און דער פאַר־באַנד האָט שוין געהייסן „פּויליש יידישער פאַרבאַנד פאַר קולטור און וויסן"...

די רעפאָרמען אין פּויליש־יידישן פאַרבאַנד זיינען שוין דורכגעפירט געוואָרן אונטער דער פירונג פון נייעם פּרעזידענט, פעליקס הערשקאָ־וויטש, וועלכער איז געווען אַ יודע־ספר און ער האָט געהאַט אַ באַ־וואוסטזיניקן צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אויך אין דער ווייטער געגנט וואָס רופט זיך „פּאַטערנאַל" האָבן זיך געשאַפן גרופּעס יידישע אַרבעטס־מענטשן וואָס האָבן זיך אָרגאַני־זירט אין קרייזלעך און נעבן דער קולטור־אַרבעט האָבן זיי אויך געשאַפן קליינע קרעדיט־קאַסעס מיט אַקציעס צו צען און צו 25 פּעזעס, אויף וועלכער יעדער אַקציאָנער האָט געקאָנט באַקומען אַ נויט־הלואה פון פופציק ביז צוויי הונדערט פופציק פּעזעס, דאָס הייסט פינף־פאַכיק מער וויפיל מען האָט איינגעצאָלט פאַר די אַקציעס.

אַ דאַנק די קליינע קרעדיטן, האָבן זיך אָרימע אַרבעטער־פאַ־מיליעס באַוויזן צו שטעלן אויף די פיס. זיי האָבן זיך געקאָנט איינקויפן אַ ניי־מאַשין, פרעס־אייזנס און אַנדערע אַרבעטס־מכשירים און אָנהויבן אַרבעטן „אויף אייגענער האַנט" פאַר פאַרשידענע ניי־געעפנטע גע־שעפטן מיט קאָנפעקציע אויף דער גאַס קאַנינג.

פאַני בוקסבוים און איר מאַן, האָבן אַ דאַנק אַזאַ קרעדיט פאַרגרע־סערט זייער אַרבעטס־וואַרשטאַט מיט נאָך צוויי מאַשינען, אַריינגענו־מען אַרבעטער און זיי האָבן שוין געזוכט אַ גרעסערע דירה, וואָס זאָל זיי קענען געבן בעסערע מעגלעכקייטן צו פאַרגרעסערן דעם וואַרשטאַט.

פון אָרימע, אַרבעטזאַמע מענטשן און ממש מיט גראָשנס, זיינען געשאַפן געוואָרן די דאָזיקע ליי־קאַסעס און פונקט אַזוי ווי מאַנכע אַנ־דערע קרייזלעך האָבן נישט אויסגעהאַלטן, זיינען אַ סך אַזעלכע ליי־קאַסעס שנעל אונטערגעגאַנגען, אָבער געציילטע, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק אָנגעפירט צו ווערן פון ערלעכע, אידעאַלע און אַרבעטזאַמע

מענטשן, די עטלעכע ליי־קאַסעס האָבן זיך שנעל אַנטוויקלט און געוואָרן אָנגעזעענע באַנק־אינסטיטוציעס.

אַט אַזוי האָט די פּעאיקייט פון יחידים און די קאָלעקטיווע אחריות צו העלפן זיך קעגנזייטיק אין נויט־פאַלן, אָרגאַניזירט און פאַרפעסטיקט די ניי־געשאַפענע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געוואָרן אַ ברכה פאַר די האָרעפּאַשנע יידישע אימיגראַנטן.

---



# געניוס, שפּאַרזאַמקייט און אַרבעט

די כסדרדיקע נייע מיגראַציע־שטראָמען, האָבן צוגעבראַכט צו די אַרגענטינער ברעגן גרויסן מאָסן פון יונגע שאַפערישע כחות.

די שיף „אַטלאַנטאַ" האָט דריי אָדער פיר מאָל אין יאָר אַריינגע־בראַכט נייע לעבנס־שטראָמען אין אַרגענטינער יידישן ישוב און אויך אַנדערע שיפן, ווי די ענגלישע „אַסטוריאַס", „אַרלאַנזאַ" און „אַלמאַנ־זאַראַ" און אויך האָלענדישע און דייטשע שיפן, אַלע פּאַסאַזשיר־שיפן האָבן געבראַכט צו קלענערע און גרעסערע גרופּעס יידישע אימיגראַנטן קיין אַרגענטינע און אַפילו לאַסט שיפן, די אַזוי גערופענע אָקסן־שיפן, האָבן אויך אַריינגעבראַכט צאָלן פון געזונטע, יונגע, לעבנסלוסטיקע יידישע יאַטן וועלכע האָבן נישט געהאַט די נויטיקע הוצאות אויף שיפקאַרטן און זיי האָבן זיך געמאָלדן צו אַרבעט אויף די דאָזיקע שיפן, כדי צו קענען פאַרלאָזן די אַלט־היימישע ערד וואָס האָט אָנגעהויבן ברענען אונטער זייערע פיס, און בויען אַ נייע היים אין דער אַרגענטי־נער פרייער מדינה.

וואָס ווייטער, האָבן זיך צווישן די אימיגראַנטן מאָסעס געפונען מער באַוואוסטזיניקע יידישע יוגנטלעכע, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען שרייבער־אָנפאַנגער און אַקטיאָרן.

די יונגע שאַפערישע כחות האָבן נישט געקאָנט בלייבן איינגע־שפּאַרט אין די עלנטע „סאָלטערסקע" שטיבלעך אָדער הילצערנע קע־מערלעך, זיי האָבן זיך נאָך די שווערע אַרבעטס־טעג ביי פאַרשידענע פאַכן, אָדער אַלס „קלאַפּער", אַרויסגעלאָזן איבער די יידישע גאַסן און זיי זיינען געוואָרן די שטאַרקע שטוים־קראַפט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אַרגענטינער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

זיכער איז די שפּעטער־אָנגעקומענע שוין געווען לייכטער דאָס „פּאַקן און מאָזלען" אַלס גרינע; די אָנגעקומענע פון פוילן, האָבן שוין געהאַט אַ פּויליש־יידישן פאַרבאַנד פאַר קולטור און וויסן, וועלכער האָט שוין אויפגענומען אויך פרויען אַלס מיטגלידער און דער ניי־גע־וויילטער פּרעזידענט, דער תושב פעליקס הערשקאָוויטש, האָט מיטגעפילט

און האָט אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש און טאַקט צו די יונגנטלעכע קולטור־טוער; געקומענע פון בעסאַראַביע, האָבן געהאַט דעם בעסאַראַבער לאַנדסלייט־פאַריין, וואָס האָט זיך אויך, אונטער דעם דרוק פון די ניי־אָנגעקומענע, געמוזט רעפאָרמירן און גאַליציאַנער, האָבן שוין געהאַט אַ פאַרטיקן גאַליציאַנער פאַרבאַנד, אין וועלכן זיי האָבן געקאָנט פאַרזעצן זייער גייסטיק לעבן פון די אַלטע היימען.

גרופּעס אימיגראַנטן האָבן נאָך עטלעכע צוזאַמענטרעפן און שמועסן אין די קאַפע־קיבעצאַרניעס, זיך אָנגעהויבן צונויפקומען אין די שוין עקזיסטירנדיקע פאַריינען און קולטור־אינסטיטוציעס, און אפילו די יידישע שרייבער פון די צוויי צייטונגען, וועלכע האָבן זיך כסדר אָנגעגריפן איינער דעם אַנדערן אויף די שפּאַלטן פון זייערע אויסגאַבעס, האָבן אַ דאַנק דער שטורעם־קראַפט פון די עטלעכע ניי־אָנגעקומענע יונגע שרייבער, געמוזט איינזען, אַז די יידישע שרייבער אין אַרגענטינע, אויב זיי ווילן באַקומען אַ שטיקל אָנזען, מוזן זיי זיך אָרגאַניזירן און עס איז געבוירן געוואָרן דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין אויפן נאָמען פון ה. ד. נאָמבערג, וועלכער האָט בעת זיין וויזיט אין בוענאָס איירעס, געגעבן דעם ערשטן אָנרעג, אַז די שרייבער דאַרפן זיך אָרגאַניזירן.

אויך אין יידישן שול־וועזן האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אַ פאַרשטאַרקטע טעטיקייט. די ניי־אָנגעקומענע האָבן שאַרף קריטיקירט די אָפּגעשטאַנענקייט פון די תלמיד־תורות און די אָפּגעלאָזנקייט פון די געציילטע טוער פאַר אַ מאָדערנעם יידישן שול־וועזן, אָבער שנעל האָבן זיך די ניי־אָנגעקומענע איבערצייגט, אַז די צייט איז נאָך נישט רייף גענוג, די תושבים ווייזן נישט אַרויס דעם געהעריקן אינטערעס צו וועלן שטיצן אַ מאָדערנעם יידישן שול־וועזן און די ניי־אָנגעקומענע האָבן נאָך נישט קיין מעגלעכקייטן אַליין צו קענען עפּעס אויפטאָן און אגב, האָבן דעמלט אפילו די עטלעכע וועלטלעכע שולן וואָס האָבן שוין יאָ עקזיסטירט, הגם אין גאַנץ אָרימע באַדינגונגען, אויך נישט געהאַט קיין גענוגנדיקע צאָל שילער און די שוין־איינגעזעסענע שול־טוער האָבן געמוזט באַזוכן די שטיבער פון זייערע באַקאַנטע און פריינט און ווירקן פערזענלעך, אַז די עלטערן זאָלן וועלן שיקן זייערע קינדער אין די יידישע שולן...

אין אַ שטיבל ערגיץ אין אַן הינטער־געסל אין יידישן צענטער, זיינען זיך צונויפגעקומען אַ גרופּע שרייבער וועלכע האָט געהאַט די אַמביציע אַרויסצוגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל. איינער פון די איניציאַ־

טאָרן פאַר דעם צוזאַמענקום, איז געווען דער יונגער אימיגראַנט שמואל ראָזשאַנסקי.

די פאַרזאַמלטע שרייבער, וואָס יעדער פון זיי האָט געאַרבעט ביי אַן אַנדער פאַך און קוים פאַרדינט אויפן שטיקל ברויט, האָבן אָפּגעריסן דעם ביסן פון מויל און צונויפגעלייגט צו פינפערלעך און צו געציילטע פעזעס און עס איז געבוירן געוואָרן דער אינטערעסאַנטער ליטעראַרישער זשורנאַל „זעגלען", וועלכער האָט אָבער צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן לאַנג נישט געקאָנט אויסהאַלטן און די יונגע שרייבער און שרייבער־אָנפאַנגער וואָס האָבן געהאַט די אַמביציע צו זען געדרוקט זייערע שאַ־פונגען, האָבן געמוזט אָנקומען צו „די אידישע צייטונג" אָדער צו „די פרעסע".

צוליב די פאָדערונגען פון דער צייט און אַ דאַנק די נייע מעגלעכ־קייטן צוליב דעם צוקום פון יידישע שרייבער, האָבן ביידע צייטונגען איינגעפירט ספּעציעלע זייטן פאַר ליטעראַטור און אויף די שפּאַלטן פון די ליטעראַרישע זייטן, האָבן זיך באַוויזן אַ סך שיינע שפּראָצן פון אַן אויפגייענדיקער אַרגענטינער יידישע ליטעראַטור.

אויך אין יידישן טעאַטער איז מיט דעם צוקום פון יונגע אַקטיאָ־רישע כחות געקומען אַ היפּשע ענדערונג צום גוטן.

די ניי־אָנגעקומענע שרייבער און אַרטיסטן זיינען בלויז געווען יחידים צווישן די גרויסע מאַסן וואָס דער אימיגראַציע שטראָם האָט אַריבערגעבראַכט פון יענער זייט ים און אַט אָ די נייע אימיגראַנטן־מאַסע האָט געוואָלט זען זייערע קינסטלער אויף דער בינע און לייענען די שאַפונגען פון זייערע שרייבער.

די ניי־אָנגעקומענע האָבן נישט געוואַרט אויף די „באַליעטאָרן" וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען אין די הייזער פאַרקויפן טעאַטער־בילעטן; די אָרימע גרינע אימיגראַנטן זיינען אַליין געקומען אין טעאַטער און באַצאָלט די פופציקער אָדער זעכציקער סענטן פאַר אַ בילעט אויף דער גאַליאָרקע און די גאַליאָרקע איז כמעט אַלעמאָל געווען אויספאַרקויפט.

שטיצנדיק זיך אויף דער זיכערער הכנסה פון דער גאַליאָרקע, האָט אַזאַ גאַסטשוישפּילער ווי באָרים טאָמאַשעווסקי, וואָס איז דעמלט געווען אין גלאַנץ פון זיין קינסטלערישער טעטיקייט, געוואַגט, צו פּראָטעס־טירן קעגן דעם אַרומגיין אין די הייזער און „שלעפּן די מענטשן" אין טעאַטער צו זיינע פאָרשטעלונגען. טאָמאַשעווסקי האָט געהאַט אַמביציע:

— „אויב דאָס ווערטע פּובליקום וויל מיך זען, זאָל עס קומען אַליין צו דער קאַסע און קויפן בילעטן!"...

די געוואַגטקייט פון טאָמאַשעווסקין איז דעמלט באַטראַכט געוואָרן

ווי אַ רעוואָלוציע אין יידישן טעאַטער-וועזן און די רעוואָלוציע האָט זיך איינגעגעבן. טאָמאַשעווסקי האָט אויסגעלערנט די בוענאָס איירעסער תושבים ווי אַזוי מען דאַרף גיין אין טעאַטער און זיין האַנדלונג האָט געשאַפן אַ געוויסע מער דרך-ארץ'דיקע באַציאונג צום יידישן קינסטלער.

די ערשטע טעג האָט עס אויסגעזען, אַז טאָמאַשעווסקיס רעוואָלוציע האָט ענדלעך אַרויסגעשטויסן די „חברה-לייט" מיט זייערע ווייבער פון יידישן טעאַטער, ווייל אַט אַ די חברה „וואָס האָט נישט געהאַנדלט מיט קיין אתרוגים", האָט זיך באַליידיקט: — וואָס הייסט מען ברענגט אונז נישט קיין „ענטראַדעס"? און אגב, האָט דער בילעטן-פאַרקויפער, וועמען די „רעוואָלוציע" האָט אַמשטאַרקסטן געטראָפן, זיי געהעצט און אַגי־טירט: — זאָל ער דאָרט שפּילן פאַר ליידיקע ווענט, וועט ער זיך שוין איבערבעטן...

טאָמאַשעווסקי האָט אָבער נישט געשפּילט פאַר ליידיקע ווענט, ווייל אַ סך תושבים, וואָס האָבן נישט געוואָלט גיין מיט זייערע פאַמיליעס אין טעאַטער וואו די הויפּט-דעה און די הויפּט-מחותנים זיינען געוועזן די חברה-לייט, די אַזוי־גערופענע „טמאים", האָבן איצט יאָ אָנגעהויבן גיין אין טעאַטער און נאָך עטלעכע טעג, ווען די טמאים האָבן געזען אַז טאָמאַשעווסקי בעט זיי נישט איבער, האָבן זיי אויך אָנגעהויבן קומען צו דער קאַסע קויפן בילעטן און ווידער האָבן זיי פאַרנומען די שענסטע פּלעצער אין יידישן טעאַטער.

די יחידים אַרטיסטן און שרייבער האָבן זיך שטאַרק אַרויסגעזען פון די מאַסן וואָס דער אימיגראַציע-שטראָם האָט געבראַכט צו די ברעגן פון לאַ-פּלאַטאַ-טייך. דער ליטעראַטן-פאַריין האָט שוין אָנגעפירט מיט אַ טעטיקייט פון איינאָרדנען פאָרלעזונגען און אונטערנעמונגען, אויף וועלכע אויך די יידישע אַקטיאָרן זיינען געווען נאָענטע מחותנים און בעת די שרייבער און אַקטיאָרן האָבן גערעדט וועגן ליטעראַטור און טעאַטער און דיסקוטירט די פּראָבלעמען ווי אַזוי מען וואָלט געקאָנט דערהייבן דעם מצב פון די צוויי וויכטיקע יידישע קולטור-פּאָזיציעס, האָבן אַנדערע יחידים וואָס האָבן זיך אַרויסגעהויבן פון די מאַסן, נישט ווייניקער גע־זאָרגט ווי אַזוי צו לייזן די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וועלכע זיינען מיטן צוקום פון נייע אימיגראַנטן, כסדר געוואָרן שווערער.

די פראַזע „פריער איז געווען ערגער", איז אַ סך מאָל איבערגעחזרט געוואָרן, ווען נייע אימיגראַנטן האָבן זיך באַקלאָגט, ווייל באמת, איצט איז שוין ווייניקסטנס געווען וואו און פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן.

אַלטע און ניי-געוואָרענע פאַך-אַרבעטער, האָבן שוין אָנגעהויבן שאַפן זייערע אייגענע סינדיקאַלע פאַריינען און קעמערלעך, וואו זיי

האָבן גערעדט וועגן זייערע נויטן און אפילו שוין געוואָגט צו אָרגאַניזירן שטרייקן כדי אויסצוקעמפן בעסערע לוינען און בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען; פאַך־לאָזע, אָבער דערפינדערישע יונגע מענטשן, האָבן געזוכט אָנשפּאַר ביי די געשאַפענע קרעדיט־קאַסעס, כדי צו באַקומען הלוואות, מיט וועלכע זיי וועלן קענען איינאָרדנען זייערע קליינע אונטערנעמונגען; אַ סך פון די אַזוי־גערופענע „קלאַפּערס" וואָס האָבן געאַרבעט פאַר אַלטע קוענטעניקעס אויף פּראָצענטן, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן מאַכן זעלבסטשטענדיק און אַ דאַנק הלוואות אין די קרעדיט־קאַסעס, האָבן זיי זיך לייכטער געקאָנט אַוועקשטעלן אויף אייגענע פיס און אָנהייבן גיין מיט זיכערע טריט.

אַזוי ווי אַ קינד, ווען עס וויל אָנהייבן גיין, עס פּרואווט זיך שטעלן אויף די פיסלעך, כאַפּט זיך אָן אָן אַנלען פון אַ שטול, אָן וואָס עס איז, אַבי נישט צו פאַלן און ווען עס פאַלט, זויינט עס, הייבט זיך ווידער אויף און פּרואווט ווייטער גיין ביז עס קאָן שוין אַליין אויפהאַלטן די גלייכגעוויכט און גייט מיט זיכערע טריטלעך, אַזוי איז געווען מיט אונזערע אימיגראַנטן פון שיף „אַטלאַנטאַ".

די ערשטע טריט זיינען געשטרויכלט געוואָרן פון דורכפאַל און אַנטוישונג, אָבער לעבנסלוסט און ענערגיע זיינען געווען די שטויס־קראַפט צום אויפשטיין און ווייטער גיין און אויסטרעטן פאַר זיך אַ וועג פאַר דער צוקונפט.

בערנאַרד פיינהאָלץ איז געהאַט געפאַלן. זיין דורכפאַל אין דעם גרויסן אָפּטייק־מאַגאַזין, האָט אים זייער שטאַרק ווי געטאָן און כאָטש זיין שיף־ברודער אַבראַשאַ וויסבלאַט האָט אים באַלד אונטערגעכאַפּט און נישט נאָר אים געטרייסט, נאָר אים געגומען פאַר אַ שותף צו זיין „קאָרעטאַכע" מיט די פאַנטאַזי־אַרטיקלען, האָט זיך אָבער פיינהאָלץ נישט געקאָנט באַרואיקן. ער האָט צוזאַמען מיט וויסבלאַטן גאַנץ גוט פאַרדינט, אָבער נישט דאָס אַרומגיין זוכן קונים אין די קליינע געשעפטלעך זיינען געווען זיינע אַספּיראַציעס; ער האָט כסדר מיט אַזאַ דורשט געלערנט די שפּאַנישע שפּראַך, נישט בלויז כדי צו קענען ווערן אַ האַנדלס־אַגענט, נאָר כדי צו קאָנען אָנקומען אין אַ גרויסער פאַרמאַציע און פאַרזעצן מיט זיין אַרבעט וואָס ער האָט שטודירט און איז אין איר געווען טעטיק נאָך אין דער אַלטער היים.

און אַזוי ווי אַ שיכור וואָס האָט שוין נישט ביי זיך קיין געלט אויף אַ גלעזל בראָנפן, דרייט ער זיך פונדעסטוועגן אַרום דער שענק, אַזוי האָט בערנאַרד פיינהאָלץ אין די פרייע שעהן זיך כסדר געדרייט אין דער געגנט פון דער גרויסער אָפּטייק־פירמע; אַ סך מאָל האָט

ער זיך אַליין געפרעגט:—וואָס דריי איך זיך דאָ אַרום? ער האָט געוואוסט אַז דאָס דרייען זיך דאָ אַרום דעם פּלאַץ וואו ער האָט אַמאָל צוליב זיין נאַאיוויטעט געליטן אַזאַ דורכפאַל, איז נישט מער ווי אַ קראַצן זיך די אייגענע וואונדן; און דאָך, האָט עס אים געצויגן אַהער און איינמאָל איז עס געשען, אַז גראָד איז פון דאָרט אַרויסגעקומען דער הויפּט-אויפזעער פון מאַגאַזין, דער פריינטלעכער עלטערער הער, וואָס האָט געהאַט די באַדויערלעכע אויפגאַבע פיינהאַלצן אָפּצוזאָגן פון פּאָסטן.

דערזעענדיק אים, האָט פיינהאָלץ זיך געוואָלט אַוועקדרייען; ער האָט געפילט, אַז דער אַלטער אַרמאַנדאָ קאַספּאַני, האָט געמוזט האָבן אַ סך עגמת-נפש ווען ער האָט אים באַדאַרפט אָפּזאָגן פון פּאָסטן און ער האָט דעמלט פון דעם אַלטנס בליקן פאַרשטאַנען, אַז ער גלייבט אין זיינע פעאיקייטן און ער ווייס, אַז די פּלענער וואָס ער האָט צוגע־שטעלט צו דעם שעף פון מאַגאַזין, זיינען געווען גוטע און אין זיין שטאַלץ, האָט ער נישט געוואָלט, אַז דער אויפזעער זאָל אים דאָ טרעפן, אַזוי אַ, ווי ער דרייט זיך אַרום נעבן דער פירמע וואו ער האָט געהאַפט צו מאַכן אַ קאַריערע.

אָבער דער אַלטער האָט אים אויך דערזען און איז אים נאָכגעגאַנגען און עס איז שוין נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך צו באַגריסן מיט אים.

דער צוזאַמענטרעף איז געווען אַ גליקלעכער צופאַל פאַר פיינהאַלצן.

דער אַלטער פּאַסקאַני האָט אים דערציילט, אַז דאָ האָט זיך אַלץ געענדערט, אַז דער פּראַנט דאָרט אויבן, דער שעף, איז שוין געפלויגן פון דער פירמע, ער האָט טאַקע געפּרואווט איינפירן געוויסע ענדערונגען אין די מאַגאַזינען און ער פּאַסקאַני, האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס ווערט אַלץ געטאָן לויט געוויסע אָנווייזונגען אין זיינע, פיינהאָלצס פּלענער, אָבער זיין קאָפּ איז געווען מער ביי די „קאַרעראָס" ווי אין די מאַגאַזינען און צוליב געוויסע מיסברויכן האָט מען אים מיט עטלעכע וואָכן צוריק אָפּ־געזאָגט פון פּאָסטן.

הערנדיק וועגן דער מפּלה פון דעם יונגן פּראַנט וואָס האָט אים אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט און אַרויסגעוואָרפן, האָט פיינהאָלץ געפילט אַ געוואַל־טיקע סאַטיספאַקציע און ווען קאַספּאַני האָט אים אָנגעהויבן געבן האָפע־נונגען, אַז ער קאָן איצט צוריק דערגרייכן דאָס פאַרלוירענע, האָט זיך פיינהאָלץ געריוטלט און נישט געקאָנט פעסטשטעלן ביי זיך, צי פילט ער שטאַרקער די האָפענונג ווידער צו באַקומען דאָס, צו וואָס ער האָט

געשטרעבט, אָדער איז אין אים שטאַרקער די שרעק פאַר אַ נייעם דורכפאַל.

אָבער, פיינהאַלצן זיינען באַשערט געווען נייע דורכפאַלן אין לעבן, נאָר נישט אין דער אַפּטייק-פירמע.

דאַ, האָט ער צוויי וואָכן שפּעטער צוריקבאַקומען זיין פּאָסטן נאָך מיט אַ בעסערן געהאַלט ווי דעמלט ווען מען האָט אים אָפּגעזאָגט און דאַ האָט ער אָנגעהויבן רעאַליזירן זיינע אויפסניי אויפגעצייכנטע פּלענער, וועלכע זיינען געוואָרן אַ ברכה סיי פאַר דער פירמע, ווי פאַר אים, און שטייגנדיק אויף זיין פּאָסטן העכער און העכער, האָט ער נישט פאַרגעסן ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסצואווייזן זיין דאַנקבאַרקייט צו אַרמאַנדאָ קאַספּאַני, דעם אַלטן מאַגאַזין-אויפזעער, אַ דאַנק וועמען ער האָט צוריק-באַקומען דעם זיכערן באָדן אונטער זיינע פיס.

אַן אַנדער מין גליקלעכער צופאַל האָט אויך צוגעשפּילט יאַשקען דעם שטאַרקן.

ער האָט שוין פון לאַנג פאַרלאָזן זיין שווערע פּראַצע אין „פריגאַרי-פיקאַ", וואו ער האָט באַדאַרפט פּאַקן און הייבן די הונדערט-קילאָדיקע פּעסלעך פלייש.

נישט די שווערע אַרבעט האָט אים באַוואויגן זי צו פאַרלאָזן; יאַשקע ריטער איז געווען יונג און געזונט, ער האָט געקאָנט אייזן ברעכן און די שווערע פיזישע אַרבעט האָט אים זיינע שטאַרקע מוסקולן נאָך מער געשטאַרקט, אָבער, ער איז דאָך געווען אַ שלאָסער און ער האָט געבענקט צו זיין פאַך און איינמאָל, ווען ער איז געגאַנגען אַהיים פון זיין אַרבעט, האָט ער אויפן וועג געפונען אַ פאַרזשאַווערטן שלאָס פון אַ טיר.

אַט דער צופאַל, האָט יאַשקען אַרויפגעפירט אויף אַ נייעם וועג אין לעבן.

עס איז דעמלט נישט געווען קיין נייעס, צו זען אויף דער גאַס און איבערהויפּט אין די הינטער-געסלעך אַרויסגעוואָרפענע אַלטע זאַכן, כלים, אייזנס און אפילו אָפּגעטראָגענע קליידער וואָס האָבן מער נישט געטויגט פאַר די אייגנטימער; אַזעלכע זאַכן האָבן זיך געוואַלגערט אין גאַס, קינדער האָבן זיך געשפּילט און אַרומגעוואָרפן דערמיט, ביז עס זיינען געקומען די מוניציפּאַלע וועגענער און די מיסט-קלויבער האָבן דאָס צו-נויפגענומען, אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן און אַוועקגעפירט איף אַ פרייען פּלאַץ הינטער דער שטאָט, וואו די אַלע זאַכן זיינען צוזאַמען מיט די מיסטן פאַרברענט געוואָרן.

עס קאָן זיין, אַז ווען ער וואָלט דאַ אַזוי געזען ליגן אַן אַנדער זאַך, וואָלט יאַשקען גאָרנישט געווען איינגעפאַלן עס אויפצוהייבן, נאָר דאָס

איז דאָך געווען אַ שלאָס, זאָל זיין אַן אַלטער, אַ פאַרזשאַווערטער שלאָס וואָס טויג שוין צו גאָרנישט, אָבער אַ שלאָס איז עס דאָך, זיין פאַך, האָט ער עס אויפגעהויבן און מיטגענומען מיט זיך אַהיים, אין דעם הילצערנעם קעמערל וואו ער האָט דאָרט געוווינט אין דעם פריגאָריפיקאַ שטעטל בעריסאָ.

כאָטש יאַשקע איז געווען געזונט — אַן אייזן, איז ער אָבער געווען מיד נאָך דעם אויסערגעוויינלעך־שווערן אַרבעטס־טאָג, האָט ער זיין געפינס אַוועקגעלייגט אויף דעם טישל און אַליין האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל אויסגלייכן די ביינער.

ווען ער האָט אויפגעהויבן און מיטגענומען מיט זיך די פאַרזשאַווערטע זאַך וואָס איז אַמאָל געווען אַ שלאָס, האָט ער עס געטאָן אָן אַ שום אויסרעכענונג, כמעט ווי אינסטינקטיוו, ווייל ער האָט געפילט אַז דאָס איז זיינס אַ זאַך; אויך איצט, ליגנדיק אין דעם שמאָלן אייזערנעם בעטל, האָט ער נישט געטראַכט וועגן עפּעס אַן אויפטו און דאָך האָט עס אים געררייצט, אַז ער זאָל אַ קוק טאָן אויף דעם שלאָס, אַ שפּיל טאָן זיך דערמיט... אין האַלבן דרימל פון מידקייט, האָט ער אין זיין געדאַנק געזען גאַנצע בערג מיט פלייש און פעסלעך, פעסלעך שווערע, אויסגעפילטע מיט פלייש און צווישן די פליישן און די פעסלעך, האָט ער דערזען דעם פאַרזשאַווערטן שלאָס וואָס האָט צו אים ווי אַרויסגעקוקט מיט געבעט:

— נעם מיך אַרויס פונדאַנען...

יאַשקע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל און גענומען דעם שלאָס אין דער האַנט.

פאַרזשאַווערט. דאָס הענטל רירט זיך נישט. קיין שליסל איז נישטאָ. אָבער, מען דאַרף זיך אַ שפּיל טאָן; מען דאַרף קודם אַראָפּנעמען דעם זשאַווער.

ער האָט באַנעצט אַ שמאַטע מיט דעם ברען־ספּירט וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיין פּרימוס־מאַשינקע און גענומען רייבן, בלויז מינוטן שפּעטער, איז די אויבערפלאַך געווען ריין פון זשאַווער.

איצט האָט ער באַדאַרפט קעראָסען, צום „ווייך־מאַכן" די שרויפן, דאָס פלעשל פון קעראָסען איז געווען ליידיק. אָבער, אין דער פּרימוס־מאַשינקע איז נאָך געווען קעראָסען, האָט ער געעפנט דעם שרויף, פּאַמעלעך איבערגעגאָסן צוריק אַ היפּש ביסל אין פלעשל און זיך ווידער גענומען מייסטרעווען ביים שלאָס.

נישט האָבנדיק קיין מכשירים, האָט ער מיט אַ געוויינלעכן מעסער גענומען דרייען די שרויפן, איצט האָבן זיי שוין נאָכגעגעבן, אויך די „קלאַמקע", דאָס הענטל, האָט זיך שוין באַוועגט און אַ האַלבע שעה

שפעטער, האט יאשקע געכאפט דעם אויסגערייניקטן צוריק־צונויפגע־שטעלטן שלאס און ער איז ארוים אין גאס.

דאס ביסל ארבעט ביי זיין פאך האט אים פארשאפט אזויפיל תענוג, אז ער האט נישט געוואלט ווארטן ביז מארגן, ער וויל שוין זען א פאר־טיקע זאך און דער ווילן האט גובר געווען זיין מידקייט, ער איז ארוים אין גאס זוכן א „פערעטעריע", א געשעפט וואו מען קאן באקומען צו־צופאסן א שליסל, צוואנציק סענט האט ער באצאלט פארן שליסל און ער איז צוריק אהיים מיט א גוט פונקציאנירנדיקן טיר־שלאס.

נאך קיינמאל דורך די חדשים וואס ער האט געארבעט אין פריגא־ריפיקא, האט יאשקע אין זיין קעמערל נישט געגעסן מיט אזא נחת זיין ארימען אוונט־ברויט, ווי היינט.

דער פאראכטענער שלאס איז געלעגן אויפן טיש און קוקנדיק אויף זיין דערפאלג, האט יאשקע געגעסן זיין ברויט מיט מארמעלאדע בא־שמירט און פארזופט מיט דעם אליין־אויפגעבריטן טיי.

אין פריגאריפיקא האט יאשקע גאנץ גוט פארדינט, אבער ער איז געווען שפארזאם, ער האט געוווסט, אז די ארבעט דא איז נאר אויף דערווייל, ביז ער וועט קומען צו אביסל געלט, ער זאל קאנען אדער זוכן א פאסטן ביי זיין פאך, אדער גאר אליין עפענען ערגיץ אין א „סאגואן", אין א טויער אן אייגן שלאסער־טאזשערל.

דער געפונענער שלאס האט אים דערמאנט, אז עס איז שוין צייט עפעס צו טראכטן וועגן תכלית און נאכן נאכט־עסן האט ער ארויסגענומען פון קופערט זיין ביכל פון דער פאסט־שפאר־קאסע, פון „קאכא דע אהארא פאסטאל" און ער האט געזען אז די סומע וואס ער פארמאגט שוין, איז נאך צו ווייניק אויף צו קענען עפעס אויפטאן, אבער אין משך פון דער נאכט, האט זיך אין זיין מוח אויסקריסטאליזירט א געדאנק און פון דעם געדאנק איז געווארן א פלאן, וועלכן יאשקע האט בא־שלאסן באלד מארגן אנצוהייבן רעאליזירן.

דער געדאנק איז געווען, אז אויב ער האט געפונען אזא שלאס וואס מען האט געקאנט אזוי לייכט פאריכטן, קומט דאך פשוט אויס, אז פארמעגנס וואלגערן זיך אין די גאסן, דארף מען דאס קלויבן און מאכן דערפון א לייט... און פון דעם געדאנק איז שוין געקומען א צווייטער געדאנק, אז פונקט ווי מען קלאפט אין די טויערן און מען שרייט אויס די ארטיקלען וואס מען האט צו פארקויפן, מעג דאך זיין איינער וואס זאל קלאפן און שרייען אז ער וויל קויפן אלטע נוצלאזע אייזנווארג!...

די נאכט איז יאשקע גאנץ ווייניק געשלאפן און ווען ער האט שוין ענדלעך געכאפט דעם דרימל, ער האט נאך נישט באוויזן רעכט

איינצושלאָפן, האָט שוין דער וועק־זייגער גענומען קלינגען און ער איז ווי יעדן פאַרטאָג אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל, אַרום אויפן הויפל זיך אַרומוואַשן און אַוועק צו דער אַרבעט.

אין דעם טאָג איז שוין יאָשקע פון דער אַרבעט נישט געגאַנגען גלייך אַהיים, נאָר ער האָט זיך געלאָזן איבער גאַסן און געסלעך, געזוכט מיט די בליקן און אויפגעהויבן וואַלגערנדיקע קליייניקייטן, פאַרזשאַ־ווערטע טשוועקעס, שרויפן און אַ פאַרזשאַווערטן מעסער און אין איין הויז וואו ער האָט אָנגעקלאַפּט און געפרעגט צי מען האָט נישט עפּעס אַלט אייזנוואַרג, האָט ער פאַר דרייסיק סענט געקויפט אַן אַלטע פאַר־זשאַווערטע מאַשינקע צו מאָלן פלייש.

מיט דעם האָט עס זיך אָנגעהויבן, און ביז דער צייט, ווען פיינהאָלץ זזאָט צוריקבאַקומען זיין פּאָסטן אין דער גרויסער אַפּטייק, האָט שוין יאָשקע געהאַט אַ קליין שלאָסעריי־געשעפטל אין אַוועזשאַנעדאַ און אין הינטערגרונט פון דעם געשעפטל, אויפן הויף, האָט ער געהאַט אַ גענוג גרויסן „גאַלפּאָן״, וואו ער האָט געהאַלטן מאַגאַזינירט די פאַרשידענע אַלטע אייזנגעצייגן, וואָס אַ צענדליק קינדער און זקנים האָבן געקליבן און אויפגעקויפט און ער האָט עס ביי זיי אָפּגעקויפט, און די אַלע אַלט־קייטן וואָס זיינען שוין געווען פאַראורטיילט צום טויט, זיינען דאָ געפוצט און גערייניקט געוואָרן און צוריקבאַקומען אַ ווערט.

דאָס אויפקויפן אַלטע זאַכן פון אַלע מינים, איז דערנאָך געוואָרן אַ גאַנצע אינדוסטריע פון וועלכער יאָשקע און אַ סך אַנדערע זיינען רייך געוואָרן און הונדערטער מענטשן האָבן געמאַכט דערביי אַ לעבן און עס זיינען דערביי אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פאַרן לאַנד ריזן־פאַר־מעגנס, וואָס פריער זיינען זיי געגאַנגען אין ניוועץ.

אָט אַזוי האָט דער געניוס פון יונגע שאַפערישע אימיגראַנטישע כחות נישט גערוט און מיט דעם אומרו, באַגלייט פון פעסטן ווילן און אַרבעטסלוסטיקייט, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפבלי אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן, צום רום פון דער שיינער, גרויסער און פרייער אַרגענטינע!...



## „פאַר טמאים דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן!"

די טראַגישע געשיכטע מיט די צוויי שוועסטער וואַכאָווסקי וואָס זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, איז נאָך לאַנג דערמאָנט געוואָרן אין פאַרשידענע קרייזן פון דער זיך בויענדיקער געזעלשאַפטלעכקייט אין בוענאָס איירעס און די געשיכטע איז כסדר איבערדערציילט געוואָרן מיט נייע, צוגעגעבענע וואַריאַנטן.

מען האָט שוין געוואוסט צו דערציילן, אַז די צוויי שוועסטער האָבן זיך געזען אַרומגערינגלט פון אַ מחנה „חברה-לייט" וואָס האָבן געלויערט אויף זיי — סיי ווען זיי זיינען אַרוים פון זייער היים צו דער אַרבעט און סיי ווען זיי זיינען געגאַנגען צוריק פון דער אַרבעט אַהיים. פון איין זייט האָט זיי געדריקט דער עלנט און די נויט און פון דער אַנדערער — די שרעק, נישט אַריינצופאַלן אין די אויסגעשפרייטע נעצן פון די לויערנדיקע בעסטיעס און ווען די עלטערע שוועסטער האָט אָנגעהויבן מערקן אַז די יינגערע הייבט אָן ווערן שוואַכער אין איר ווידערשטאַנד, דעמלט איז געשען דער אומגליק...

אין די קאַפע-קיבעצאַרניעס, צווישן די פאַרשידענע דיסקוסיעס וואָס זיינען געפירט געוואָרן וועגן אַלץ אין דער וועלט, האָבן אויך נישט געפעלט קיין שאַרפע דיסקוסיעס וועגן דעם ענין „טמאים", ווי עס זיינען דעמלט באַצייכנט געוואָרן די האַרצלאָזן פרויען-הענדלער.

אַרבעטער, האַרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן זיך נאָך אַ שווערן אַר-בעטס-טאָג אַריינגעכאַפּט אין קאַפע „כדי זיך צו זען מיט אַ מענטשן", האָבן זיך געהיצט און געטענהט אַז עס איז ווייניק וואָס די חברה קדישא דערלויבט נישט צו באַגראָבן זייערע מתים אויף דעם ריינעם בית-עולם! עס איז ווייניק דאָס בלויזע פאַרהיטן אַז מען זאָל מיט זיי נישט קומען אין נאָענטן קאָנטאַקט נאָכן טויט, נאָר מען דאַרף זייערע לעבעדיקע פאַר-טרייבן פון צווישן אונדזערע לעבעדיקע האָרעפּאַשנע אַרבעטס-מענטשן! מען דאַרף זיי טרייבן פון איבעראַל וואו עס קומען אָנשטענדיקע אַרבעטס-

מענטשן! מען דארף זיי אויסוואָרצלען, אַז עס זאָל פון זיי צווישן אונדז קיין זכר נישט בלייבן!...

אַנדערע האָבן געטענהט, אַז אַ סך סוחרים וואָס פאַרנעמען וויכטיקע אַמטן אין אונדזערע אינסטיטוציעס, כאָטש זיי אַליין האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צו די טרויעריקע מעשים פון די טמאים, זיינען זיי אָבער מיט די ברואים אין קאָנטאַקט; זיי האַנדלען מיט זיי, זיי פאַרקויפן די מעבל און מאַטראַצן פאַר זייערע שאַנד-הייזער, זיי שיקן צו זיי מוסטע־רן און פראָפּאַגאַנדע־פּראָספּעקטן וועגן קאָסמעטישע אַרטיקלען און אומ־דירעקט געניסן זיי אויך פון די פאַרדינסטן וואָס שטאַמען פון שאַנד און פּיין.

עמיץ האָט געפּרואווט פאַרטיידיקן די סוחרים, אַז זיי האָבן גע־שעפטן און זיי דאַרפן נישט בעטן ביי זייערע קליענטן קיין פּאַספּאָרט, אָדער אַ באַשטעטיקונג וועגן זייער גוטער מאָראַל; ער האָט דערביי דער־מאָנט די „שאַפּשאָוויטשעס", די אונטערוועלטניקעס פון די אַלטע היימען, וואָס כאָטש זיי זיינען געווען גוטע קונים, האָט יעדער געוואוסט זייער נידעריקייט און אַז זייער פּלאַץ איז די אונטערוועלט. און יעדער איינער געוואוסט, אַז אַ מאָראַלישע מחוצה טיילט זיי אָפּ פון דער ריינער גע־זעלשאַפט.

— אָבער, האָבן אַנדערע אַרגומענטירט, — דאָרט איז געווען אַנ־דערש, דאָרט אין די אַלטע היימען, האָבן די אונטערוועלטניקעס נישט געוואַגט צו וועלן האָבן אַן השפּעה אין די געזעלשאַפטן; דאָרט, האָבן זיי אַליין געוואוסט זייער פּלאַץ און זיי האָבן זיך נישט געשטופּט אַהין וואו זיי געהערן נישט; זיי האָבן זיך אַליין איזאָלירט, בעת דאָ, אין אַר־גענטינע, זיינען זיי רייך און מעכטיק און זיי האָבן אַ סך חוצפה און מיטן כוח פון זייערע טרפהנע געלטער, שטופּן זיי זיך דוקא דאָרט וואו מען טאָר זיי נישט האָבן, אויב מען וויל נישט, אַז אונזער גאַנצע גע־זעלשאַפט זאָל פאַראומווערדיקט ווערן!...

די טאָג־טעגלעכע דיסקוסיעס האָבן אויפגעברויזט די געמיטער און די רעזולטאַטן האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשפּילן אין יידישן טעאַטער.

אין דער צייט, זיינען שוין געווען אַ היפּש ביסל פון די נייע אימיג־ראַנטן, וואָס האָבן זיך שוין געקאָנט פאַרגינען צו קויפן אַ בעסערן פּלאַץ אין טעאַטער און זיי איז אָפּט אויסגעקומען צו זיצן זייט ביי זייט מיט די אין גאָלדענע זייגער־קייטן געפּוצטע שאַפּשאָוויטשעס מיט זייערע רייך־באַצירטע דיקע „מומעס" פון זייערע „הייזלעך" און עס איז אויס־געקומען צו הערן זייערע גראָבע רייד און זייערע זידל־ווערטער קעגן די

גרינע „שמויגער-יונה'ס" וואס ווייסן נישט ווי אזוי מען קאן דא מאכן א גוט לעבן...

א שטארקן צוזאמענשטויס מיט די „טמאים" האבן געהאט גרישא לעווין און אבראשא ווייסבלאט. גרישא לעווין דער ליטוואק, האט געפירט א גליקלעך פאמיליען-לעבן מיט זיין גאליציאנערן אין וועלכער ער האט זיך פארליבט נאך אויף דער שיף „אטלאנטא" און אוורעמל ווייסבלאט, וואס פיינהאלץ האט אים כסדר גערופן „ראמעק" און חברים האבן אים גערופן „אבראשא", האט שוין אויך חתונה געהאט און ביידע פאמיליעס האבן זיך שוין געהאלטן אין „ארויפארבעטן", פרנסה איז געווען און זיי האבן זיך פארגינען צו קויפן בעסערע פלעצער אין טעאטער און באמער-קנדיק, אז איינער, א גראב-בייכיקער טיפ מיט א דיקער גאלדענער קייט וואס שווערט אראפ איבער זיין וועסט, קוקט מיט ארויסגעזעצטע אוי-גענעם אויף זייערע יונגע ווייבלעך און הערנדיק א באמערקונג וואס דער גראב-בייכיקער פארשוין האט געמאכט צו דער דיקער „מומע" וואס איז געזעסן מיט אים, — „וואס פארא גאלד-גרובן אזעלכע צוויי ווייבלעך וואלטן געקאנט ווערן, ווען זיי האבן נאר אביסעלע שכל"... האט זיך גרישא לעווין א שטעל אויף געגעבן און אויסגערופן אויפן הויכן קול:

— פאשאל וואן, ארויס פון טעאטער!...

עס איז געקומען צו א גרויסן סקאנדאל, מען האט געמוזט אראפלאזן דעם פארהאנג אינמיטן אקט, דער גראב-בייכיקער רופיאן האט געהוי-זעט אין דער לופט מיט זיין אויפגעהויבענעם דיקן שטעקן מיט דער שווערער גאלדענער גאלקע אבער זעענדיק ווי עס לויפן צו פון אלע זייטן די „אפגעריסענע" וואס זיינען געזעסן אויף די ווייטערע ביליקע פלעצער און מורא-האבנדיק פאר א מיאוסן סוף, האט ער אנגענומען זיין דיקע באגלייטערן אונטערן ארעם און זיך קוים ארויסגעשטופט פון טעאטער, אונטער די אויסגעשרייען און פייפערייי פון גאנצן עולם.

אזעלכע סקאנדאלן האבן זיך עטלעכע מאל איבערגעחזרט, אבער זיי האבן נישט געקאנט ווירקן, אז די טמאים זאלן אויפהערן קומען אין טעאטער.

מען האט געשמועסט,אז וואס מער דער עולם פראטעסטירט קעגן דער אנוועזנהייט פון די טמאים אין טעאטער, אלץ מער ווערן זיי „גע-קעכלט" און געצערטלט פון די טעאטער-אונטערנעמער, פאר וועלכע די אונטערוועלט-טיפן זיינען נאך אלץ די בעסטע און לויאבארסטע געסט.

מאנכע פון די תושבים און קולטור-טוער האבן אפילו געוואוסט צו דערציילן, אז די טעאטער-אונטערנעמער קומען אפט אן צו די „חברה-לייט" נאך הלוואות און יענע באָרגן טאקע מיט דער ברייטער האנט, ווייל

זיי האָבן ליב יידיש טעאַטער און צוליב אָט א די הלוואות, האָבן זיי אַזאַ גרויסע השפּעה אויפן יידישן טעאַטער.

די השפּעה וואָס די חברה-לייט האָבן אויסגענוצט אין יידישן טעאַ-טער, איז געווען לגבי די קינסטלער-געסט וואָס מען האָט באַדאַרפט אַנ-גאַזשירן פון אַנדערע לענדער, זיי האָבן געהאָלפן מיט גרויסע הלוואות, זוען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַריבערברענגען „סטאַרן" וואָס זיינען צו זייער געשמאַק און וועלכע קענען זיין „גוטע ברידער", אָבער הויפּט-זאַך האָבן זיי אויסגענוצט זייער השפּעה לגבי דעם רעפּערטואַר פון יידישן טעאַטער.

די אַלע פּיעסן אין וועלכע מען האָט אַפילו בלויז אין איין סצענע געשילדערט עפּעס וועגן פּרויען-האַנדל אין ריכטיקן פינסטערן ליכט, אַזעלכע פּיעסן זיינען פון זיי באָיקאָטירט געוואָרן און די אונטערנעמער האָבן זיך פאַר אַזאַ באָיקאָט מצד די טמאים, זייער שטאַרק דערשראָקן און זיי האָבן זיך שוין אַליין אָנגעהויבן היטן נישט צו שטעלן אַזאַ פּיעסע וואָס קאָן אַרויסרופן דעם צאָרן פון די דאָזיקע פּראַטעזשירער.

די סקאַנדאַלן וואָס זיינען אויסגעבראָכן פון צייט צו צייט אין טעאַ-טער, אָדער אין פאָיע פון טעאַטער, האָבן נאָך ווייט נישט געהאַט דעם כח צו פאַרטרייבן די חברה-לייט פון טעאַטער און ווייל דער כח פון די מאַסן ניי-אָנגעקומענע האַרעפּאַשנע אַרבעטס-מענטשן איז נאָך געווען צו שוואַך און הויפּטזאַך — צו אַ ר י ם, האָט זיך דער מצב נישט געקאָנט אַזוי שנעל ענדערן, ביז צוויי געשעענישן האָבן דערפירט צו אַ נייעם גרויסן טעאַטער סקאַנדאַל, וואָס אויב ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרטרייבן די טמאים פון טעאַטער אויף אַן אַבסאָלוטן אופן, האָט ער אָבער באַוויזן צו צעשטערן זייער השפּעה אויפן גאַנג פון יידישן טעאַ-טער-וועזן.

די ערשטע געשעענישן איז געווען אַ פּאָליציייאישע סענסאַציאָנעלע נאָטיץ מיט פאָטאָגראַפיעס און צייכענונגען וועגן אַ פרוי, וואָס האָט זיך ביי אַן אויפגעפּראַלט פענסטער אויפן דריטן שטאָק פון אַ פענסיאָן-הויז געראַנגלט מיט אַ רופיאַן און ער האָט איר מיט אַ שאַרפן מעסער צע-שניטן דאָס פּנים.

איין צייטונג וואָס צייכנט זיך אויס מיט איר ראַפינירטער רעדאַקציע פון סענסאַציאָנעלע נייעסן, די זעלבע צייטונג וואָס האָט אַמאָל אַזוי פּונקטלעך באַשריבן און מיט בילדער און צייכענונגען אילוסטרירט די געשיכטע מיט דעם „זיבעלע", מיט דעם ברעקל יתומהלע פון שרהלע שטיינבערג וואָס איז געשטאָרבן אין קימפעט אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ", די זעלבע צייטונג האָט איצט געשילדערט די געשעענישן אויף אַזאַ אופן:

„פאַרבייגייער אויף דער גאַס פאַראַגוויי נעבן ראָג פון 25־דע מאַזשאַ, האָבן באַמערקט ווי אויפן דריטן שטאָק פון אַ דאָרטיקן פענסיאָנס־הויז, האָט זיך פלוצלינג אויפגעריסן אַ פענסטער אין וועלכן עס האָט זיך באַוויזן אַ יונגע פרוי מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ פעך־שוואַרצע האָר און מיט אַ האַרץ־רייסנדיק קול האָט זי אויסגעשריגן: — „סאָקאָררא!”, ראַטעוועט מיך!

די פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיי האָבן געזען ווי עס האָט זיך נעבן איר באַוויזן אַ מאַן אָן אַ רעקל און מיט אַ צעשפּילעטן קראַגן, ער האָט זי ברוטאַל אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ האַנט און זי געוואָלט אַוועקשלעפּן פון פענסטער, אָבער זי האָט זיך מיט דער צווייטער האַנט אָנגעכאַפּט אָן דער מעשענער קליאַמקע פון פענסטער און זיך נישט געלאָזט אַוועקשלעפּן פון דאָרט, נאָר פלוצלינג האָט זיך די קליאַמקע אָפּגעריסן און איז געבליבן אין איר האַנט.

עס האָט אויסגעזען, אַז איצט, וועט ער זי זיכער קענען אַוועקשלעפּן פון פענסטער, נאָר די פרוי האָט זיך ווייטער געראַנגלט און פון דער גאַס האָט מען געזען ווי זי הויבט אויף די האַנט און דערלאַנגט איר פייניקער אַ זעץ מיט דעם מעשענעם הענטל איבערן קאָפּ. און אין איר פאַרצווייפלונג האָט זיך זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן ראַנד פון פענסטער און אָט־אָט און זי שפּרינגט אַרויס צום זיכערן טויט; נאָר דאָ איז ווידער אונטערגעקומען דער בעסטיאַלישער רופיאַן, דער קאָפּ איז ביי אים געווען צעבלוטיקט, אין זיין האַנט האָט אויפגעבליצט דער שטאָלענער גלאַנץ פון אַ מעסער, מיט וועלכן ער האָט זיך מיט רציחה געוואָרפן צו דער אומגליקלעכער און איר דערלאַנגט עטלעכע שניט איבערן פּנים.

די גאַנצע געשעעניש האָט זיך אָפּגעשפּילט אין משך פון איין רגע. אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע אין גאַס האָבן זיך מיט אויפברויז אַריינגעריסן אין הויז און זיך געלאָזן איבער די טרעפּ אויפן דריטן שטאָק, עס איז אויך אָנגעקומען פאָליציי, מען האָט צעבראָכן עטלעכע טירן און ענדלעך אַריין אין דעם צימער וואו די אומגליקלעכע פרוי איז געלעגן אַ פאַרחלושטע אין אַ טייך בלוט.

עס זיינען אָנגעקומען נאָך פאָליציאַנטן און בעת איין פאָליצמאַן האָט דורכן טעלעפאָן אַרויסגערופן די „אַסיסטענסיאַ פובליקאַ”, האָבן אַנדערע אָנגעהויבן זוכן דעם פאַרברעכער און ענדלעך האָבן זיי אים געפונען אויפן דאַך פון הויז, אין דעם קעמערל וואו מען וואַשט וועש, דאָרט איז ער געשטאַנען אָנגעבויגן מיטן קאָפּ אונטערן

קראַן פון דער וואַסער-לייטונג און זיך געגאָסן וואַסער אויף זיין בלוטנדיקער וואונד.

מען האָט ביידע אָפּגעפירט אין דער „אַסיסטענציאַ-פובליקאַ" און נאָך דער ערשטער קוראַציע האָט די פּאָליציי פעסטגעשטעלט, אַז די פרוי הייסט מלכה פלעכטמאַן און דער באַנדיט איז אַ קאַטאַלאָגירטער רופיאַן מיטן נאָמען לואי פראַנסוא"...

די געשעעניש איז אין דער צייטונג אילוסטרירט געוואָרן מיט דריי צייכענונגען און איין פאָטאָגראַפיע.

די צייכענונגען האָבן אויף אַן עקספּרעסיוון אופן פאַרגעשטעלט 1) די גאַס וואו עס שטייען פאַרבייגייער און קוקן אַרויף אין אַן אָפענעם פענסטער וואו עס שטייט אַ פרוי מיט אַ פאַרצוויפלטן אויסזען און זי ראַנגלט זיך מיט אַ צעווילדעוועטן מאַן; 2) ווי עס בלייבט איר אין האַנט די קליאַמקע פון פענסטער און זי הויבט עס אויף איבערן קאָפּ פון איר פייניקער; 3) ווי דער רופיאַן מיט אַ בלוטנדיקער וואונד אויפן קאָפּ וואַרפט זיך מיט רציחה אויף זיין קרבן מיטן בלאַנקענדיקן מעסער אין האַנט.

די פאָטאָגראַפיע איז געווען פון מלכה פלעכטמאַן, ווי זי ליגט אין דער אַסיסטענציאַ פובליקאַ מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, דאָס גאַנצע פנים פאַרשטעלט פון די באַנדאַזשן, בלויז מיט אַ קליינער עפענונג ביים מויל, זי זאָל קענען אָטעמען.

ווידער האָט עס אויפגעברויזט די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכ-קייט. אינסטיטוציעס האָבן אָפּגעהאַלטן ספּעציעלע זיצונגען, מען האָט גערעדט און זיך געהיצט און מען האָט אָנגענומען באַשלוסן, שמחה פלעכטמאַן, וועלכער האָט זיך שוין געהאַט מייאש געווען צוריק צו געפי-נען זיין פרוי, האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, ער איז אַרומגעלאָפן פון איין אינסטיטוציע אין דער צווייטער, אָבער דערווייל האָט מען בלויז באַוויזן אַריבערצופירן די אומגליקלעכע פרוי אין יידישן שפּיטאָל.

איינער פון די פאַרבייגייער בעת עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די גע-שעעניש אויף דער גאַס פאַראַגוויי, אַ יידישער גאַסן-הענדלער, איז אין קאָפּ „כאַפּאַנעז" געוואָרן אַ גאַנצער העלד. מען האָט אים כסדר גע-פרעגט און ער האָט כסדר איבערדערציילט וואָס ער האָט געזען און די געשעעניש איז מיט אויפברויז קאָמענטירט געוואָרן און עס זיינען געפאַלן אָפענע באַשולדיקונגען קעגן אינסטיטוציעס און קעגן זיך אַליין, אַז מען טוט נישט גענוג, מען דערפילט נישט די אויפגאַבן, אַז עס מוז אויפגע-הויבן ווערן אַ קאַמף קעגן די רופיאַנסקע פּלאָג, ביז זי וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן פון דער יידישער גאַס!

* * *

די צווייטע געשעעניש האָט זיך אָפּגעשפּילט הינטער די קוליסן פון יידישן טעאַטער:

דער דיכטער לייב מלאך האָט פאַרגעלייגט דעם עמפּרעסאַר פון טעאַטער זיינס אַ נייע פּיעסע צום אויפירן.

עס איז נישט געווען קיין נייעס אויפצופירן אַ פּיעסע פון אַ היימישן אויטאָר; מען האָט שוין געהאַט אויפגעפירט פּיעסן פון אהרן בראָדסקי, פון שמואל גלאַזערמאַן און פון דעם קאָלאָניסט און שרייבער מרדכי אַלפּערסאָן; נאָר מיט דער פּיעסע פון לייב מלאך, כאָטש ער איז שוין דעמלט געווען געוווּנט אַנגעזען אַלס שרייבער, איז עס געגאַנגען שווערלעך; דער טעאַטער-דירעקטאָר האָט זיך געזוכט אַרויסצודרייען און ענדלעך האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די סבה פאַרוואָס די פּיעסע קאָן נישט אויפגעפירט ווערן, איז די מורא פון טעאַטער-דירעקטאָר, אַז די טמאים וועלן אים באָיקאָטירן.

מלאך׳ס פּיעסע האָט געהייסן „איבערגוס" און אין איר איז געשילדערט געוואָרן דאָס לעבן פון אַ געפאַלענער, וואָס די האַרצלאָזע ווייסע שקלאַפן-הענדלער האָבן זי געשטויסן צום אָפּגרונט און זי וויל זיך אַרויסהויבן פון איר זינדיקן לעבן.

דער פאַקט, אַז אַ יידיש טעאַטער האָט מורא אויפצופירן אַ פּיעסע וואָס קאָן אַרויסרופן דעם צאָרן פון די חברה-לייט, איז געווען געווען גענוג צינד-שטאָף צום דערהיצן די געמיטער פון די ערלעכע האַרעפּאַשניקעס און שוין האַלב-וועגס אַרויפגעאַרבעטע קליינהענדלער און באַלעבאַטים פון טאַזשערן און ווייל די געשעעניש איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דער געשיכטע פון מלכהלע פלעכטמאַן, האָט עס ממש צעטרייסלט געמיטער און ווער עס האָט זיך צוגעהערט צו די דיסקוסיעס אין די קאַפע-קיבעצאַרניעס סיי אין „כאַפּאַנעז" און סיי אין דעם נייעם קאַפע „קיאַטאָ", וואָס האָט זיך געעפנט נעבן דער נייער היים פון דער רעדאַקציע און טאַזשערן פון „די פּרעסע", דער איז געווען זיכער, אַז איצט וועט שוין מוזן אויסברעכן דער אָפענער קאַמף קעגן דעם טמא געזינדל, ביז צום אַפּרוימען זיי פון דער יידישער גאַס.

און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן.

אין דער צייט, איז שוין געווען גוט באַקאַנט ווער עס איז דער שרייבער פון די „שפּילקעס" אין „די פּרעסע", וואָס חתמהט זיך מיטן נאָמען יענקעלע גיבאַלעס.

יענקעלע גיבאַלעס, אָדער יעקב באָטאָשאַנסקי, איז געהאַט צוריק-

געפאָרן קיין רומעניע, אָבער ער איז שנעל ווידער געקומען און ער איז שוין געווען מיט־רעדאַקטאָר פון „די פרעסע" און ער האָט טאָג־איין און טאָג־אויס געשריבן וועגן דער געשעעניש, וואָס אַ דירעקטאָר האָט צו־ריקגעוויזן אַ מחבר זיין פיעסע, ווייל זי באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם וועגן פרויען־הענדלער און ער האָט דעם טעאַטער־סקאַנדאַל באַצייכנט אַלס קאַמף קעגן אַ „רופיאַנישער אידעאָלאָגיע".

די שרייבער־גרופּע האָט זיך דעמלט שוין געהאַט פונאַנדערגעוואַקסן, און כאָטש מאַנכע שרייבער האָבן שאַרף פּאָלעמיזירט מיט דעם שרייבער גיבאַלעס - באַטאַשאַנסקי, האָבן אָבער כמעט אַלע מיטגעהאַלטן מיט אים אין שייכות מיטן קאַמף קעגן די טמאים און קעגן זייער העגעמאָניע איבער דעם יידישן טעאַטער.

דער שרייבער פון דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע, וועט נישט האָבן קיין צו שווערע אַרבעט צו באַשרייבן דעם קאַמף וואָס די ריינע געזעלשאַפט האָט דעמאָלט דורכגעפירט קעגן די טמאים, ווייל בלעטערנדיק די יידישע צייטונגען פון יענעם יאָר, דאַרף דער געשיכטע־שרייבער בלויז רעדאַקטירן די פאַראַנענע מאַטעריאַלן.

דאָ איז בלויז וויכטיק די פעסטשטעלונג, אַז אַזאַ קאַמף איז פאָרגע־קומען און אַז די געשעעניש מיט מלכהלע פלעכטמאַן האָט צוגעגעבן אַ סך אימפּעט צו דעם קאַמף און לייב מלאך'ס פּיעסע „איבערגוס" איז אויפגע־פירט געוואָרן פון אַ גוט־איינגעשטודירטער אַמאַטאָרן־גרופּע וואָס האָט זיך דערנאָך אָרגאַניזירט אונטער דעם נאָמען „יונג־אַרגענטינע". די פּיעסע איז אויפגעפירט געוואָרן אין דעם ריזן־טעאַטער „פּאָליטעאַמאַ" און דאָס טעאַטער איז געווען פול־געפּאַקט ממש איבער די ברעגעס און ביי דער קאַסע פון טעאַטער, איז געהאַנגען אַ גרויסע שילד מיט דער אויפשריפט:
— „פאַר טמאים דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן!"...

די איינציקע אויפירונג האָט אָבער נישט געקאָנט האָבן די גענוגנ־דיקע ווירקונג און עס האָט זיך דעמלט געשאַפן אַ גרויסער געזעלשאַפט־לעכער קאָמיטעט אין וועלכן עס האָבן זיך שוין באַטייליקט אַ סך פון אונדזערע „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן און גראַד איז אָנגעקומען דער באַ־רימטער אַרטיסט רודאָלף זאַסלאַווסקי, מיט נאָך עטלעכע אַקטיאָרן, צו זיי האָט זיך אָנגעשלאָסן דער אַרטיסט נתן קלינגער, און דער געזעל־שאַפטלעכער קאָמיטעט האָט געמאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג און גע־דונגען אַ שיינעם טעאַטער, (דעמלט האָט דער טעאַטער געהייסן „אַי־דעאַל", היינט — „קאָמעדיאַ") וועלכער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס געזעלשאַפטלעך יידישער פאָלקס טעאַטער וואָס האָט געהאַט די שטיצע פון די האָרעפּאַשנע מאַסן; אין דעם טעאַטער האָבן די ערלעכע אַרבעטנ־

דיקע אימיגראַנטן דורכגעפירט מאַסן־פאַרזאַמלונגען מיטן צוועק צו אָר־גאַניזירן דעם כח צום קאַמף קעגן די טמאים און דאָס איז געווען דאָס איינציקע טעאַטער וואָס האָט אַרויסגעשטעלט די שילד פאַר דער קאַסע און אין דער הויך אַ צווייטע שילד מיט דער אויפשריפט: — „פאַר טמאים דער איינטריט פאַרבאָטן”!...

אָבער, די צייט איז נאָך נישט געווען געענוג רייף, די אימיגראַנטן־מאַסן זיינען נאָך געווען צו אָרים און די שטיצע פון אַלטע תושבים, הגם זי איז געווען, אָבער צו ווייניק; און בעת די אַנדערע טעאַטערס (וואָס האָבן אַזאַ שילד נ י ש ט אַרויסגעשטעלט, מיטן תירוץ, אַז אַזאַ שילד איז אַ באַליידיקונג פאַרן ישוב) האָבן ווייטער עקזיסטירט, האָט זיך דער געזעלשאַפטלעכער יידישער פאָלקס־טעאַטער נאָך עטלעכע חדשים גע־מוזט פאַרמאַכן צוליב די גרויסע דעפיציטן...

פונדעסטוועגן, כאָטש דער פאָלקס־טעאַטער האָט זיך געמוזט פאַר־מאַכן, האָט זיין עקזיסטענץ אין משך פון עטלעכע חדשים און דער קאַמף וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן און טאַקע די אויפשריפט „פאַר טמאים דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן”, זייער פיל משפיע געווען, אַז די רופיאַנעס זאָלן זיך וואָס ווייניקער ווייזן אין יידישן טעאַטער און אין יידיש־געזעלשאַפט־לעכע קרייזן בכלל.

אויב נאָך נישט אין פולער מאָס, האָבן די צוויי געשעענישן געווירקט אין אַן אָנזעעוודיקער היפשער מאָס און די טמאים זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון יידישן לעבן. אפילו ווען עס איז שוין נישט געווען די אויפ־שריפט, האָט זיך אָבער געפילט די לאָזונג: — „פאַר טמאים דער אַריינ־גאַנג פאַרבאָטן!” און די טמאים האָבן זיך געמוזט היטן עובר צו זיין אויף דעם פאַרבאָט, כדי נישט צו דאַרפן אַנטלויפן מיט צעבראָכענע ביינער...

ד

## דער „דין־תורה" אין „מיגדאַל"

אויף דער גאַס קאָרדאָבאַ, ווייט אָן אַ זייט, אָפּגערוקט פון יידישן צענטער, שטייט אַ שיינע געביידע, אַ ריזן פּאַלאַץ מיט אַ גערטנדל פון פאָרנט און מיט אַ היפּשן גאָרטן אין הינטערגרונט.

אין דעם פּאַלאַץ געפינט זיך די שיל און דער הויפּט־שטאַב פון די טמאים, זייער רייכע אָרגאַניזאַציע מיט דעם נאָמען „מ י ג ד אַ ל".

די שיין־איינגעאָרדנטע און רייך־באַצירטע שיל געפינט זיך ביים פראָנט פון דער געביידע און טיפער פון בנין, אין זייטיקע צימערן און סאַלאָנען, זיינען אַ גאַנץ יאָר טעטיק פארשידענע אָפּטיילונגען פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס גיט זיך כלומרשט אָפּ מיט פילאַנטראָפּיע און וואויל־טעטיקייט.

אין משך פון גאַנצן יאָר, ווערט די שיל בלויז געעפנט צום אויסלופ־טערן זי און באַפרייען די שיין־פּאָלירטע בענק און דעם רייכן באַלעמער פון אָנגעזאַמלטן שטויב.

אויף דער ריינקייט פון שיל גיבן אַכטונג דאָס רב'ל, אַן איינגע־בויגן יידל מיט אַ היפּשן האָרב אויף דער רעכטער זייט פּלייצע, וואָס מאַכט, אַז דער קאָפּ מיט זיין טאַבאַק־קאָלירענע באָרד זאָלן זיך האַלטן באַלכסון, אינדערקרום און דער שמש, אַ קליין מענטשל מיט אַ קליין פּנימל מיט אַרויסגעזעצטע אויגעלעך און מיט אַרויסגערוקטע שפּיציקע ליפּעלעך, וואָס גיבן אים דעם אויסזען פון אַ פיש און אָט אַ דאָס שמשל הייסט טאַקע פישל.

דאָס „רעוול" האָבן זיך די חברה־לייט איינגעשאַפט ערגיץ פון אַ הקדש אין אַ קליין פּויליש שטעטל, זיי האָבן אים אַריבערגעבראַכט אַהער און געמאַכט פאַר זייער רב און זיי טיילן אים צו כבוד אויף זייער אופן און דער שמשל, איז אַ געוועזענער חברה־מאַן וואָס האָט זיך נישט אויס־געטויגט צום „פּאַך" און זיי האָבן אים געמאַכט פאַר דעם „סערענאַ" פון זייער שיל.

בלויז ראש השנה און יום־כיפור איז די שיל פול געפּאַקט, אונטן מיט

מענער און אין דער הויך מיט ווייבער און אין גאָרטן לויפן אַרום קינדער־לעך פריידיקע, ווייל די ימים נוראים זיינען די איינציקע טעג וואָס זיי זיינען פריי, צוזאַמען מיט זייערע מאַמעס, וואָס האָבן זיי אויף די טעג אַרויסגענומען פון די „פּאַרמאַכטע שולעס".

אַמאָל, אין פריערדיקע יאָרן, האָבן די חברה־לייט געפּלעגט דינגען אַן אַקטיאָר, אַ „זינגער", ער זאָל אויף די הייליקע טעג זיין זייער חזן; אָבער די לעצטע יאָרן, האָבן זיי שוין קיין אַקטיאָר פאַר זייער שיל נישט באַקומען און זיי האָבן געבראַכט אַ חזן פון אַן אַנדער לאַנד און דוקא האָבן זיי אָפּגעזוכט ערגיץ אַ פרומען ייד, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין אַנונג פאַר וועמען ער גייט דאָ ווערן דער שליח ציבור...

אין די צוויי ראש־השנה־טעג, האָט מען אין דער רופּיאַנסקער ווייבער־שיל בלויז געזען עלטערע און מיטל־יעריקע דיקע און רייך־באַצירטע פרויען, דאָס זיינען געווען די „מומעס" אָדער באַלעבאַסטעס פון די „הייזלעך".

יום־כיפּור, איז שוין געווען שטאַרק ענג אין דער ווייבער־שיל, ווייל עס זיינען אויך געקומען די „מיידלעך" פון די שאַנד־הייזער וועלכע זיינען אין דעם טאָג געווען געשלאָסן.

די אַלעמאָל האַלב־נאַקעטע מיידלעך זיינען איצט געווען אַנגעטאָן אין צניעותדיקע קליידער און בלויז פון זייערע אויגן האָט אַרויסגע־ווײנט און אַרויסגעשריגן זייער שאַנד און שמאַך...

אפילו זייענדיק אין שיל, האָבן די קרבנות פון די פרויען־הענדלער מורא געהאַט אויסצואוויינען זייער שאַנד און שמאַך אויפן קול, האָבן זיי געשלונגען די טרערן און געוויינט אין האַרצן און מיט פאַרוויטיק־טע געמיטער זיך צוגעהערט צו די תפילות.

אַ סך פון די „מומעס" האָבן דוקא יאָ געוויינט און טאַקע אויפן קול, נאָר ווישנדיק זיך די נעזער, האָבן זיי נישט פאַרפעלט צו אָבסער־ווירן זייערע „מיידן" צי זיי צעיאַכמערן זיך נישט צופיל... און ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טונקלען דער טאָג, מען האָט נאָך נישט פאַר־ענדיקט מיט נעילה, האָבן די מומעס שוין אָנגעהויבן טרייבן די מיידן אַהיים, אין זייערע הייזלעך...

— נו, שוין גענוג געיאַכמערט; צייט צו גיין איבערכאַפּן נאָכן „טאָנעס" און צו דער אַרבעט!...

* * *

אין איינעם פון די סאַלאָנען אין הינטערגרונט פון דעם פּאַלאַץ, קומט היינט פאָר אַ לעבעדיקע באַוועגונג.

פישל, דאָס שמשל, לויפט אַרום און שטעלט אויס שיינע בראָנזענע אַש-בעכער אויף דעם לאַנגן ברייטן טיש וואָס איז איבערגעדעקט מיט אַ דיקן געשליפענעם קריסטאַל; דאָס הויקערדיקע רב׳ל, ר׳ קלמעלע, קומט אַריין מיט אַ דיקן מחזור אונטערן אָרעם, ער זעצט זיך אַוועק ביי אַ ברעג טיש נעבן דעם שיין-געשניצטן פּרעזידענטן-שטול מיט דעם הויכן אָנלען, צעעפנט דעם דיקן „מחזור לכל השנה" און איז גרייט זיך צו פאַרטיפן אין אים, ווי נאָר עס וועלן אָנהויבן אַריינקומען די חברה-לייט, די קאָמיסיאָנס-מיטגלידער, זאָלן זיי זען אַז ער „פּרוזשניעוועט נישט", אַז ער גייט נישט ליידיק, אַז ער קוקט אַריין און לערנט גאָטס תורה . . . .

און אָט הויבן זיי אָן קומען, די חברה-לייט, איינער נאָכן אַנדערן רייך-געקליידעטע, מיט דיקע גאָלדענע קייטן וואָס שווערן אַראָפּ אויף זייערע וועסטן. זיי באַגריסן זייער רב מיט אַ „בוינעם טאַרדעס, רבי" און מאַנכע פון זיי וואַרפן אויך אַ צינישע באַמערקונג צו זייער שמש׳ל, וועלכער בלייבט זיי נישט שולדיק קיין שאַרפן ענטפער און יעדער פאַרנעמט פאַ-מעלעך זיין באַשטימטן פּלאַץ אויף די פיינע פאָטעלן אַרום דעם ברייטן טיש.

די לעצטע אַריינצוקומען זיינען געווען סעמקע רייבשטיין, דער פּרע-זידענט פון „מיגדאַל" און מאַריץ, דער יונגער רופאַן, צוליב וועמען עס קומט פאָר דער היינטיקער „דין תורה".

דאָס געשטיפּלטע ברייטע קיילעכדיקע פּנים פון פּרעזידענט איז גע-ווען ערנסט, זיינע בליקן שפּיזיק און קאַלט און נאָכן ענטפערן אויף די באַגריסונגען פון די חברה-לייט מיט אַ לייכטן קאָפּ-שאָקל, האָט ער פאַרנומען זיין פּלאַץ אויבנאָן, נעבן דעם „רב" און מאַריץ האָט זיך אַוועק-געזעצט אויף דער צווייטער זייט לענג-אויס דעם טיש, אַנטקעגן דעם פּרע-זידענט.

געוויינלעך, ביים קומען אויף זיצונגען אין „מיגדאַל", האָט זיך סעמקע רייבשטיין, דער פּרעזידענט, פאַרן אָנהויבן די זיצונג דורכגעשמועסט מיט זיינע קאָמיסיאָנס-מיטגלידער, דורכגעוואָרפן זיך מיט אַביסל צינישע וויצן דורכגעפלאָכטענע מיט אונטערוועלטישע וואולגאַרע אויסדריקן, אָבער היינט איז סעמקע געווען ערנסט און אַלע קאָמיסיאָנס-מיטגלידער די חברה-לייט, האָבן זיך געמוזט באַמיען אַרויפצוציען אויף זייערע מגושמ-דיקע פּנימער די אָנגעשטרענגטע ערנסטקייט און וואַרטן אויפן וואָרט פון זייער פּרעזידענט.

פישל האָט זיך דערמאָנט און שנעל אונטערגעטראָגן און אַוועקגע-

שטעלט דאָס גלעקל אויפֿן טיש נעבן פּרעזידענט און ר׳ קלמעלע האָט פֿרום אַ קוש געטאָן אויף דעם צעעפֿנטן מחזור און אים פֿאַרמאַכט, דאָס איז געווען אַ סימן, אַז מען קאָן שוין אָנהויבן.

— סעניאָרעס, אַ בראָך צו אָרע אין צי מאַגע יורן... האָט סעמקע אָנגעהויבן: — מיר זענען זאָך דו האַנט ציזאַמענגעקימען ניש צי אַ זיץ וועגן גיט־האַרציקע זאַכן, נאָר צי אַ דין־תורה אין דום ווים מיר ווען דו האַנט רעדן, דאַרף ניש פֿאַרשריבן ווערן אין פּראָטאָקאָל...

הערט, חברה: — דו איז געשען אַ מיסע מעשה; אינזער מאַריץ, ווים מיר אָבן אים גיהיטן ווי דעם שוואַרץ־אַפּל פֿין אינזערע אויגן, האָט זיך אָסגעגליטשט אין איז אַראָנגיפֿאַלן אין אַ מיסע בלאָטע אין איצט ווילאַ מיר זאָלן אים אַראָסשלעפּן פֿין איר...

צווישן די פֿאַרזאַמלטע חברה־לייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ געמורמל און מאַריץ, דערזעלבער מאַריץ וואָס האָט אַמאָל ארויסגעריסן דעם סופר׳ם טאָכטער, די יונגע דבורה׳לע פֿון איר פֿרומער און צניעותדיקער היים אין גאַליציע און זי דאָ פֿאַרקויפֿט צו שאַנד; דערזעלבער מאַריץ וואָס האָט געלויערט מיט זיין צעשפּרייטער נעץ ביז ער האָט אין איר אַריינבאַקומען מלכהלען, שמחה פֿלעכטמאַנס יונגע ווייבל, וועלכער האָט שוין געהאָט אויף זיין געוויסן צענדליקער אַנדערע יונגע קרבנות, ער האָט איצט געפּרואווט קוקן אויף אַלעמען מיט זיין געוויינלעכן קאַלטן דורכבויערנדיקן בליק, כדי צו זען, צי האָט ער דאָ עמיצן אויף וועמען מען קאָן זיך פֿאַרלאָזן און זעענדיק אַז אַלע מיידן אוים זיין בליק, האָט ער צוערשט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ ווי אַ פֿאַרשולדיקטער, נאָר באַלד האָט ער אים צוריק אַרויפֿגעהויבן און גענומען קוקן צום פּרעזידענט, צו סעמקען זיין פֿריינט און פּראָטעזשירער, וועמען ער האָט אַלעמאָל געטריי געדינט און ער האָט געוואוסט, אַז סיי־ווי־סיי וועט סעמקעס וואָרט זיין דאָס ווירטיקסטע ביים היינטיקן דין־תורה.

סעמקע האָט אַ קוועטש געטאָן דאָס גלעקל און נאָכן איינשטילן אַלעמען האָט ער אויפֿסניי אָנגעהויבן:

— חברה! עץ קאָנט אַלע אינזער פֿינוסע אין עץ ווייסט, אַז ניש איינמול דאַרפֿן מיר ראַטעווען אַן אינזעריקן ווען ער פֿאַלט אַראָן, אָבער האַנט איז גור עפּים אַנדערש. אינזער מאַריץ האָט גימאַכט אַ שלאַכט גישעפֿט, אַ ט ר פ ה גישעפֿט, נאָר יאָך וויל דו גוניש זאָגן פֿריער, ביז ער אַלאַין וועט ניש פֿאַרציילן אַלץ ווים ער האָט מיר פֿאַציילט ווען ער איז געקימען בעטן מאַין הילף. זאָל ער זאָך אָסרעדן און דערנאָך וועלמאַ זען וואָס מיר אָבן צי טין. זאָל רעדן מאַריץ.

ווידער אַ געמורמל צווישן די פּאַרזאַמלטע, סעמקע קוועטשט דאָס גלעקל און עס ווערט שטיל, מאַריץ שטעלט זיך אויף און הויבט אָן:

— קאַמעראַדן: איך בין זאָך מודה אַז איך האָב זאָך אויסגעגליטשט; איך האָב געפאַנגען אַ גאָלדן פישל אין מיין נעץ, אָבער דאָס פישל האָט זאָך אַזוי געצאַפּלט אין מאַנע הענט, אַז איך האָב זאָך ניש געקאָנט קאַן עצה געבן אין פינוסע דאַרף מען דאָך, קאַ צייט צו שפּילן זיך לאַנג האָבן מיר דאָך ניש, האָבאַך געמאַכט אַ בייט; איך האָב מיין מויד אַוועקגע־געבן דעם פראַנצעוואַטע פראַנצוויז און ער האָט מיר פאַר איר געגעבן אַ שיינע יונגע בלאָנדע מויד, אויך אַ יידישע, ווייל ער האָט זיך מיט איר אויך ניש געקאָנט קאַן עצה געבן; מיר האָבן ביידע געמיינט, אַז ווען מיר וועלן זיך טוישן מיט די מיידן, וועלן זיי פּאַמעלאַך אַנהייבן פאַשטיין, אַז זיי דאַרפן גיין אין שפּאַן און פאָלגן ווּס מען הייסט זיי...

געצל קראַפּ, אַ מגושמדיקער טיפּ מיט ברייטע פלייצעס און מיט אַ דיקער מאָרדע אונטער וועלכער עס איז נאָכגעהאָנגען אַ זיבן-גאָרנדיקער גוידער און דערפאַר האָט מען אים גערופן קראַפּ, האָט אַנגעשטעלט זיין קרומען בליק צו סעמקען און אויסגערופן:

כפּאַשטיי ניש ווּס דו טיט זאָך! ווער פין אינז טוישט זאָך דוס ניש מיט מיידן, ווען מידאַרף זיי לאַרנען דעכעריץ?

דאָס גלעקל האָט זיך צעקלונגען און סעמקע האָט אויסגערופן בייז:

— די, קראַפּ, פּאַמאַך דאַן טונעל ווען מירעדט ערנסטע ראַיד! מיר וואיסן אַז מיר זענען חברה-לייט אין מיר טיען אַלץ ווּס מידאַרף פאַר אינזער פינוסע, אָבער אַוועקגעבן אַ יידישע מויד צי אַ וואַלד-גזלן ווּס זאָל איר צעשניידן דוס פּנים, דוס טורן מאָ ניש!... אַ מעסאָ דאַרף מען ניצן ווען מידאַרף זאָך ווערן קאיגן אַ מאַן, ווען מיגיפינט זאָך אין געפאַר אין יאַך האָב שוין לאַנג געזוגט, אַז מיר טורן זאָך מיט זאַי ניש חבר׳ן; מיר זענען יידן, מיר גאיען ניש צי די מאידן מיט מעסאָס, מיר טיען אַלץ, אָבער מיר שנאַדן ניש קאָ פּנימער פון יידישע קינדאָ, מיר האָבן גאָט אין האַרצן!...

דער „דין תורה" האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מאַריץ האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין ברירה, ער האָט זיך מיט מלכהלען געמוטשעט, זי האָט שוין אָפּגעקאָסט אַזויפיל געלט ביז מען האָט זי באַקומען און דאָ האָט זיך דער פראַנצויז באַקלאָגט פאַר אים, אַז ער האָט אַ יידיש מיידל וואָס האָט אים שוין געקאָסט אַ פאַרמעגן און זי איז עס ווערט, נאָר ער קאָן זיך מיט איר מער ניט קיין עצה געבן; טאָ ווער זאָל וויסן אַז ער איז אַ מערדער? האָבן מיר זאָך געטוישט און שוין... און איצט, אַז ס׳אישוין אַ פאַרפאַלענע זאַך, מען האָט דעם

פראנצויז אריינגעפּעקלט און ער קאָן דאַרט „אוים־סליכענען" ווים מע דאַרף ניש, מיז מען אים זען צי ראַטעווען...

עטלעכע פון די אַלטע רופיאַנעס האָבן גענומען ווערטער, אַ טייל האָבן באַשולדיקט און אַ טייל האָבן געפּראוואוט פאַרטיידיקן מאַריצן; דאָס רביל, ר' קלמעלע האָט כסדר אונטערגעקרעכצט און כסדר געעפּנט און געכאַפּט אַ קוק אין מחזור און באַלד אים ווידער פאַרמאַכט, ביז ענדלעך איז אַרוים סעמקעס אורטייל, אַז צוליב דער טובה פאַר אַלעמען, זאָל מען יאָ זען צו באַפרייען דעם פראַנצויז, אָבער קיינער פון דער חברה טאָר מיט אים מער נישט האַנדלען און מאַריץ ווערט באַשטראָפט מיט 500 פּעזעס, וואָס סעמקע וועט צושיקן אין יידישן שפּיטאָל פאַר דער פּרוי מיטן צע־שניטענעם פנים, און מאַריץ דאַרף אויך צאָלן קנס אויף אַ לחיים פאַר דער גאַנצער חברה.

און געענדיקט האָט זיך דער „דין תורה" מיט אויסליידיקן אַ צענד־לינק פלעשער וויהיסקי און קאָניאַק און ווען פישל איז שוין געלעגן אַ טויט שיכורער אונטערן טיש און ר' קלמעלע האָט געהאַלטן אין איין שווערן זיך ביים הייליקן מחזור אַז ער וועט מער נישט טרינקען, איז זיך די חברה צעגאַנגען און ווען דער לעצטער פון זיי איז אַרויס, האָט ר' קלמעלע אי־בערגעקוקט די פלעשער און נעמענדיק די איינע פלאַש וואָס איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן אויסגעליידיקט, האָט ער אָוועקגעלייגט דעם מחזור אי־בער וועלכן ער האָט נאָד־וואָס געשוואוירן מער נישט צו טרינקען, און זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם הויכן ברייטן פּרעזידענטן־שטול און ערשט אָנגע־הויבן אָנגיסן איין גלעזל נאָכן צווייטן, ריידנדיק עפּעס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער צו זיך אַליין...

:—:—:—:—:

אין דערזעלבער צייט ווען די חברה־לייט זענען זיך צונויפגעקומען אין „מיגדאַל", איז מלכה'לע געלעגן אין איר בעטל אין יידישן שפּיטאָל און נעבן איר איז געזעסן איר מאַן, שמחה פלעכטמאַן.

צוליב דער טרויעריקער געשעעניש מיט וועלכער די שטאָט האָט גע־קלונגען, האָט די שפּיטאָל־דירעקציע געשענקט פאַר דעם קרבן אַ ספּע־ציעלע אויפמערקזאַמקייט און זי איז געלעגן אין „באָקס", אין אַ צימערל נעבן דער גרויסער שפּיטאָל־סאַלע און שמחה פלעכטמאַן איז ממש נישט אָפּגעטראָטן פון איר בעט.

מלכה'לעס פנים איז נאָך אַלץ געווען כמעט אינגאַנצן אַרומבאַנדאַ־זשירט, בלויז איין אויג איז ביי איר שוין באַפרייט געוואָרן פון באַנדאַזש,

איין אויג פון וועלכן שמחה האט געזען ארויסשטארצן איר מוראדיקע פארצווייפלונג.

זי האט נאך צו אים נישט אויסגערעדט קיין איין איינציק ווארט. ווען זי האט צום ערשטן מאל דערפילט ווי שמחה גלעט איר די האנט און ווען זי האט דערהערט זיין שטיל בעטן זיך ביי איר אז זי זאל קומען צו זיך, האט זי ארויסגעריסן איר האנט פון זיינער און זיך גענומען מיטביידע הענט שלאגן איבערן קאפ און זי האט אויסגעשריגן מיט פארצווייפלונג:

— לאזט מיך שטארבן! ... און די זעלבע ווערטער האט זי מיט דערזעל־בער פארצווייפלונג אין איר קול, איבערגעחזרט יעדעס מאל ווען זי האט געהערט איר מאנס שטילע טרייסט־ווערטער און ווען מען האט איר בא־פרייט דאס איינע אויג פון באנדאזש און זי האט דערזען איר מאנס פאר־וויינטע פנים, איז זי ארייננעפאלן אין אזא היסטעריקע, אז צוויי קראנקן־שוועסטער האבן זי געמוזט צוהאלטן אין בעט און זי האט זיך נישט בא־רואיקט, ביז מען האט איר איינגעשפריצט א דאזע מארפין און זי איז ארייננעפאלן אין א טיפן שלאף.

איצט, אין דער שטילקייט פון דער שפעטער נאכט־שעה, ווען אפילו די שווער קראנקע און קרעכצנדיקע אין שפיטאל שלאפן שוין אונטער דער ווירקונג פון איינשפריצונגען, איצט פילט זיך מלכהלע רואיקער. דער דאק־טאר האט איר היינט פארזיכערט, אז די קוראציע גייט אן זייער גוט, אז באלד וועט מען איר קענען אראפנעמען די באנדאזשן און די וואונדן וועלן זיך גוט פארהיילן, האט זי זיך אנגעהויבן באמיען צו פארגעסן די שווידערלעכע צייט וואס זי האט איבערגעלעבט צווישן יענע שרעקלעכע בעסטיעס אין מענטשן־געשטאלט, זי האט געטראכט וועגן איר מאן, וועגן שמחה׳לען, ווי שטארק ליב ער האט זי, ווי געטריי ער איז איר און ווי צארט ער גלעט איר די הענט און קושט זיי און ווי ער פרעגט זי גארנישט און ווארפט איר גארנישט פאר און זי הויבט ערשט איצט אן פילן ווי שטארק זי האט זיך קענען אים פארזינדיקט און אייננטלעך האט זי דאך אים זייער שטארק ליב און צי איז זי דען נישט געלאפן מיט אים ביזן עק וועלט, כדי צו בויען א נעסט וואו זיי זאלן קענען לעבן גליקלעך? ...

וואו איז ער איצט? ער איז דאך דא, די אויערן זענען פארשטעלט מיט באנדאזשן און זי הערט נישט זיין אטעם, אבער זי פילט אז ער זיצט דא נעבן איר, טא פארוואס גלעט ער איר איצט נישט די הענט? ...

שמחה איז געזעסן מיט אן אראפגעלאזטן קאפ אין האלבן דרימל. ער געדענקט שוין נישט וויפל נעכט ער איז נישט געשלאפן, ער וויים נאר, אז מיט זיין מלכה׳לען איז געשען א גרויסער אומגליק אין וועלכן ער, צוליב זיין גרויסער אומבאהאלפנקייט, איז אליין שולדיק און ער טאר דא

נישט אָפּטרעטן פֿון איר בעט, ביז ער וועט זי אַן אויסגעהיילטע קענען אַרויסנעמען פֿון שפּיטאָל.

אין זיין האַלבן דרימל, לייכטן ווידער אויף אין שמחה'ס מוח די בילדער פֿון אָטוואָצקער וואַלד וואו ער שפּאַצירט מיט מלכהל'ען, ווי די פינגער פֿון זיין רעכטער האַנט זענען צונויפגעפלאָכטן מיט די פינגער פֿון איר לינקער האַנט און ווי זיי שפּרינגען איבער אומגעוואָרפענע אויסגעהאַקטע ביימער און ווי זיי זעצן זיך אַוועק אויף דעם גרויסן אונטערגעהאַקטן בוים און ער הויבט איר אָן זאָגן ווי שטאַרק ער האָט זי ליב... מלכהלע...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען ווי מלכהלע דרייט מיטן באַנדאַזשירטן קאָפּ, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט און ער גיט איר אַ כאַפּ ביידע הענט, פלעכט אַריין זיינע פינגער אין אירע און פֿון זיין האַרץ רייסן זיך אַרויס די אַמאָליקע ווערטער: — מלכהלע, וועסט זען, מיר וועלן זיין גליקלעך!...

און מלכהלע רייסט איצט נישט אַרויס די הענט, זי ווערט נישט פאַרצווייפלט, זי לאָזט אים אפילו קושן אירע הענט... ער קאָן איצט נישט זען איר פּנים, אָבער ער פילט אַז זי איז איצט צופרידן און ער נעמט גלעטן אירע נאַקעטע הענט אונטערן העמד־אַרבל, אַרויף העכער, ביז צו די אַקסל... דאָס זעלבע גלאַטיקע סאַמעטענע לייב... מלכהלע! וועסט זען, מיר וועלן נאָך זיין גליקלעך!...

מלכהלע פּרוּווט אונטערהויבן דעם קאָפּ, זי וויל כאַטש מיט דעם איינעם אָפענעם אויג וואַרפן אויף אים אַ בליק, אָבער די דיק־אָנגעלייגטע באַנדאַזשן פאַרשטעלן און זי קאָן אים נישט זען, כאַפּט זי מיט די הענט אַרום זיין קאָפּ, גלעט אים צערטלעך דעם שטערן און שמחה לאָזט אַראָפּ זיין קאָפּ אויף איר האַרץ, ער טראַכט איצט גאָרנישט, ער איז שיכור פֿון גליק און ער וויל אַזוי בלייבן אין דעם שיכרות און מלכהלע שעפּציעט אַרויס בלויז איין וואָרט: — שמחהלע... און זי דריקט זיין קאָפּ צו אירע בריסטן און אַ טרער רייסט זיך אַרויס פֿון איר אויג און ווערט באַלד איינגעזאַפּט פֿון באַנדאַזש...

אויפצומאָרגנס האָט מען מלכהל'ען שוין לייכטער פאַרבאַנדאַזשירט, זי האָט שוין געהאַט פריי ביידע אויגן און שמחה האָט ערשט איצט דערזען, אַז אירע אויגן זענען פונקט אַזוי גלאַנצנדיק שוואַרץ ווי פריער און ווידער האָט ער איר געקושט די הענט און געזאָגט: — מלכהלע, וועסט זען, מיר וועלן נאָך זיין גליקלעך!...

דעמזעלבן טאג, מיטיק־צייט, איז א קראנקן־שוועסטער אריינגעקומען מיט א בריוו אין האנט, זי איז צוגעגאנגען צו מלכהלעס בעט און איר דערלאנגט א בריוו, וואס עמיץ האט געבראכט פאר איר אין אדמיניסטראַציע פון שפיטאל.

א פארוואונדערטער פון וועמען עס קאן זיין דער בריוו, האט שמחה געעפנט דעם קאנווערט, אבער אנשטאט א בריוו, האט ער דארט בלויז געפונען פינף בלאנקענדיקע נייע באנקנאטן צו הונדערט פעזעס...





## און דאָס לעבן גייט זיך ווייטער...

די געשעענישן וואָס האָבן פון צייט צו צייט אַ טרייסל געטאָן מיטן יידישן לעבן אין בוענאָס איירעס, זענען געווען ווי הייוון, וואָס האָט גע־מאַכט יערן און וואַקסן די ערלעכע און געזונטע יידישע געזעלשאַפטלעכ־קייט און כאָטש אַ סך פון אונדזערע אימיגראַנטן פון דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָבן נאָך געננג געליטן, האָבן נאָך געננג געקעמפט פאַרן שטיקל ברויט, זענען זיי אָבער שוין נישט געווען אַזוי עלנט ווי פריער.

יעדער פון אונדזערע „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן האָט שוין געהאַט זיין קרייז באַקאַנטע און פריינט, די מערסטע זענען אויך שוין געווען אַנגעשלאָ־סן אין פאַרשידענע סינדיקאַטן, פּאַרטייען און קולטור־אינסטיטוציעס און די מערסטע זענען שוין אויך געווען מיטגלידער אין יידישן שפּיטאָל, אין ביקור חולים און אין דער ליגע קעגן טובערקולאָזיס, וואו זיי האָבן גאַנץ אָפט באַדאַרפט אָנקומען נאָך מעדיצינישע הילף און וואו עס זענען טאַקע אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַ סך ווערטפולע יונגע לעבנס.

אַ סך נישט־חתונה געהאַטע אימיגראַנטן האָבן זיך שוין דאָ געפונען זייערע באַשערטע און זייער אָפט זענען אין דעם סאַלאָן פון חכנסת אור־חים דורכגעפירט געוואָרן אָרימע, אָבער פריילעכע חתונות און די פאַר־לעך האָבן באַקומען פון די פאַרבעטענע פריינט און שיף־ברידער נוצלעכע מתנות, מיט וועלכע זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט די באַלעבאַטישקייט אין די אָרעמע שטיבלעך און די פאַרלעך האָבן ווייטער געאַרבעט, זי ביי שטריקערייי און ער אין אַ שניידער וואַרשטאַט און אַלע האָבן געשפּאָרט אַ סענט צו אַ סענט און אַבי עס איז נאָר געווען צו קויפן אַ מאַשין, האָט מען אָנגעהויבן אַרבעטן אַליין, פאַר זיך און די געגרינדעטע קרעדיט־בענק האָבן אויך נישט פאַרפעלט זייער ציל, די קרעדיטן וואָס מען האָט אין זיי באַקומען, ווי קליין זיי זענען געווען, האָבן זיי געהאָלפן, אַז די האָרעפּאַש־נע פאַמיליעס זאָלן קענען מער אויסנוצן זייערע אַרבעטס־מעגלעכקייטן און עס זענען שוין געווען אַ היפּש ביסל האַלב אַרויפגעאַרבעטע וואָס האָבן אַזוי ווי פּאַני בוקסבוים מיט איר מאַן, שוין געקאָנט בייטן זייערע קליינע

קאָנוועגטיזשע-שטיבלעך אויף לייטישערע וואוינונגען, אויף אַ סאָלע מיט אַ פענסטער צו דער גאַס, וואו מען האָט שוין געקאָנט ארויסשטעלן אַ שילדל אַז דאָ וואוינט אַ שניידער אָדער אַן אַנדער פאַכמאַן וואָס נעמט אָן ארבעט.

די טעג פון לעבן זענען פאַמעלעך אָבער זיכער אריבערגעגאַנגען איבער די דראַמאַטישע און טראַגישע געשעענישן וואָס האָבן זיך געטראָפן מיט יחידים און אַט זענען שוין קינדער געבוירן געוואָרן ביי די אימיגראַנטן און מענער האָבן שוין געהאַט אריבערגעבראַכט זייערע פרויען פון די אַלטע היימען און די איינוואָרצלונג אין די נייע היימען אויף ארגענט. ערד, איז ממש פון טאָג צו טאָג געוואָרן שטאַרקער און איינגעפונדעוועטער און אויב דאָס געבוירן ווערן פון די קינדער איז פאַר די נאָך גענוג אָרעמע האַרעפּאַשנע עלטערן געווען אַ היפּשער איבערשלאַג אין זייער שטרעבונג צו דערגרייכן אַ בעסערן עקאָנאָמישן מצב, האָט ער אָבער פאַרפעסטיקט דאָס פאַמיליען-לעבן און מען האָט זיך שנעל צוגעוואוינט צו די סיטואַציעס און אַפילו ביי די שווערסטע באַדינגונגען, נאָך אין איין שטוב פאַר דער וואוינונג מיטן ווארשטאַט צוזאַמען, מיט אַן ארומפּויזנדיק קינד אויף דער ערד, וואָס מען מוז כסדר ווארפן די אַרבעט און אוועקנעמען דאָס קינד פון געפערלעכן פלאַץ נעבן דער מאַשין אָדער נעבן הייסן פרעס-אייזן, אַזוי ווי עס איז אַמאָל געווען ביי פאַני בוקסבוים, ביי די אַלע שווערע סיטואַציעס איז מען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, געזאַמלט אַ סענט צו אַ סענט, ביז מען האָט באַוויזן צו דערגרייכן אַ בעסערע פאָזיציע אין לעבן.

פאַני בוקסבוים האָט שוין פיר קינדערלעך. זי האָט גענוג אַרבעט מיט זיי און דאַנקען גאָט וואָס זי דאַרף שוין דעם מאַן נישט צוהעלפן נייען און פרעסן, ער האָט שוין אַ טאַזשער מיט אַכט אַרבעטער, מיט אַן אויפזעער, אַ קאַפּאַטאַז אויף וועמען ער קאָן זיך פאַרלאָזן און ער שטייט אין זיין געשעפטל אויף דער גאַס קאָנינג און פּאַקט גרויסע פּעק אין זאַק-לייוונט, פאַרנייט זיי און אַן אָנגעשטעלטער, אַ אינגל, מאָלט אויף אויף זיי די אַדרעסן. דאָס גרייט ער צום אָפּשיקן די באַשטעלטע סחורות אין די ווייטע פּראָווינץ-שטעט און עס פאַרמערן זיך כסדר די באַשטעלונגען אויף אַזויפיל, אַז ער קאָן ביי די איצטיקע מעגלעכקייטן גאַרנישט אויסאַרבעטן אַזויפיל און ער טראַכט שוין וועגן אַ ווייטערדיקן פאַרגרעסערן פון זיין ווארשטאַט, מיט נאָך אַרבעטער און מיט נאָך מאַשינען און ער פאַרהאַנדלט שוין וועגן נייע קרעדיטן אין די יידישע קרעדיט-אַנשטאַלטן.

בערנאַרד פיינהאָלץ האָט שוין לאַנג אריבערגעבראַכט זיין מאַניושאַ פון וואַרשע.

אים איז גוט. ער האָט זיך ביי דער גרויסער אפּטייק־פירמע אין אַ קורצער צייט גאַר שטאַרק אַרויפגעאַרבעט, ער איז שוין געוואָרן שעף פון די מאַגאַזינען און פאַרנעמט דעם פּלאַץ אויבן אין ביורא, ביי דעמזעלבן טיש וואו עס איז אַמאָל געזעסן דער פראַנטישער יונגערמאַן מיט די שוואַרצע דינגע וואַנסעלעך, וואָס האָט ביי אים אויסגענאַרט די פּלענער.

אָבער פיינהאָלץ זיצט נישט דאָרט איבער אַ צייטונג וואָס גיט איר לוסטרירטע באַריכטן פון פערד־געיעגן; די גאַנצע צייט וואָס ער זיצט ביים שרייב־טיש, קוקט ער דורך פאַרשידענע פּאַפּירן, מאַכט פאַרצייכענונגען דאָ און דאָרט און ער פאַרפעלט קיינמאָל נישט פון שעה צו שעה, זיך אַראָפּצוכאַפּן אין די מאַגאַזינען, מאַכן דאָרט אַן אינספּעקציע און געבן געוויסע פאַראָרדענונגען צו די גרעסערע און קלענערע אָנגעשטעלטע.

נאָך איידער מאַניושא איז אָנגעקומען, האָט ער שוין געהאַט פאַרגרייט אַ שיינעם „טשאָלעט" ווי עס רופט זיך דאָ אַ שיינע הייזקע פאַר איינגענעם געברויך. דעם טשאָלעט האָט ער צוערשט געהאַט געדונגען, אָבער בלויז איין יאָר שפּעטער האָט ער אים אָפּגעקויפט און ער איז אפשר געווען דער ערשטער „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנט, וואָס האָט שוין געוואוינט אין אַן אייגענער שיין־איינגעאָרדנטער דירה.

ווייסנדיק אַז זיין מאַניושא שפּילט פּיאַנאָ, האָט ער פאַר איר אָנקומען אויך געקויפט אַ פּיאַנאָ צום אויסצאָלן אין ראַטעס און מאַניושא האָט געהאַט דאָס גליק צו קומען צו איר חתן צו אַלעם גרייטן, אין אַ ממש רייך־איינגעאָרדנטע היים.

אויף וויפל דער אַלעמאָל פּראַקטישער פיינהאָלץ האָט צייט געהאַט אַ טראַכט צו טאָן וועגן פּאָליטיק און אידעאַלע איבערצייגונגען, איז אים געווען אָמבאַקוועמסטן זיך אונטערצוּוואַרפן די לינקיסטישע פריידענקערישע לאַזונגען און ער האָט מאַניושאַן איבערצייגט, אַז עס איז אינגאַנצן איבעריק די נאַרישע רעליגיעזע צערעמאָניע פון שטעלן אַ חופּה מיט די אַלע שאַלעמויזן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט און אויב נישט די רעליגיעזע חופּה, איז דאָך נישטאָ קיין שום סיבה זיך צו איילן מיט אַרויסנעמען אַן אָפיציעל חתונה ביכל, האָט ער זי באַלד נאָך איר אָנקומען אַריינגעפירט אין זיין טשאָלעטל, וואו זיי האָבן גלעעבט צוזאַמען אַ צופרידן לעבן„ ווי עס פּאַסט פאַר אַן אידעאַל פריידענקעריש פּאָרל...

ער איז נישט געקומען אין די יידישע קרייזן. ער האָט פּשוט נישט קיין צייט געהאַט דערפאַר. אינדערפרי איז ער געפאָרן פון אַליוואַס אין צענטער שטאָט צו זיין אַמט, מיטיק האָט ער אויף אַמעריקאַנער שטייגער אָפּגעכאַפּט אויף שנעל אין אַ נאָנטן רעסטאָראַן און אָוונט האָט ער גע־

איילט וואָס שנעלער צו זיין אינדערהיים ביי זיין היים-געליבטער מאַניושאַ. זי איז ביי אים געווען טייערער ווי זיין לעבן.

בלויז מיט זיין שיף-ברודער גרישאַ לעווין איז ער נאָך געבליבן אין קאָנטאַקט. גרישאַ לעווין האָט זיך צוליב אידעאישע מאָטיוון צעקריגט מיט זיין בעסטן חבר אבֿראַשאַ ווייסבלאַט.

זיי האָבן אַ לאַנגע צייט אָפּגעגעבן זייער פרייע צייט אין די אָוונטן, קומענדיק אין „אַרטיסטישן ווינקעלע", אָבער שנעל האָט זיך דאָרט אריינגעכאַפּט די פּאָליטיק, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן „התקוה" מיטן „אינטערנאַציאָנאַל", דאָס „אַרטיסטישע ווינקעלע" האָט זיך געשפּאָלטן און עס איז דערפון געוואָרן אַ „פרייהייט" און אַ „מוזע", לעווין איז נעגאַנגען מיט דער „פרייהייט" און אַבראַשאַ איז אַוועק צו דער „מוזע" און שפּעטער האָבן זיי געמוזט איבערלאָזן סיי די „פרייהייט" און סיי די „מוזע", ווייל די ווייבער זייערע האָבן געבוירן קינדערלעך און זיי האָבן געמוזט אָנהויבן זיך מער אָפּגעבן סיי פאַר די געשעפטן און סיי מיט זייערע היימען.

און כאָטש די „פרייהייט" און די „מוזע" האָבן זיך אויך באַלד צעשפּאָלטן און פון די „פרייהייט" זענען געוואָרן „דער קלוב אין צענטער" און „אַוואַנגאַרד", צוויי לינקע קולטור-פאַריינען מיט דראַמאַטישע קרייזן וואָס האָבן געקעמפט צווישן זיך אַלס סטאַליניסטן און טראָצקיסטן און די געשפּאָלטענע „מוזע" איז געוואָרן אַ טעאַטער-שול „יונג אַרגענטינע" און אַ „וואַרשעווער קולטור-קלוב", זענען גרישאַ לעווין און אַבראַשאַ ווייסבלאַט אָלץ געבליבן דערווייטערט איינער פון אַנדערן און יעדער פון זיי האָט שוין געהאַט אָנגעקניפּט באַציאונגען מיט מער אידעאָלאָגיש-נענטערע חברים.

די שפּאַלטונגען האָבן געבראַכט אַ סך שאָדן פאַר דער אַנטוויקלונג פון די יידישע קולטור אינסטיטוציעס, אָבער מיטן כסדרדיקן אָנקומען פון נייע יידישע אימיגראַנטן-מאַסן, האָט יעדע גרופּירונג צובאַקומען נייע מענטשן און אַלע גרופּירונגען זענען פּאַמעלעך געוואָרן גענוג שטאַרק צו קענען „שבת מאַכן פאַר זיך אַליין"...

אַנדערש ווי מיט פיינהאַלצן, לעווינען און ווייסבלאַטן, איז עס געגאַנגען ביי בערקען דעם געוועזענעם טרעגער מיט זיין זון הענעך און מיט יאַשקע ריטער, אַהער יאַשקע דעם שטאַרקן.

כאָטש הענעך איז שוין אין וואַרשע געווען אַ „בונדיסט", איז אָבער די ערשטע צייט נאָך זיין אָנקומען קיין בוענאָס איירעס געווען אַזוי שווער, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן בונדיזם, ער האָט פאַרגעסן די בונדישע לאָזונגען, ער האָט באַדאַרפט קעמפן פאַר יעדן טאָג לעבן און עס האָט אים

גענוג ווי געטאָן דאָס האַרץ צוצוקוקן ווי זיין פאָטער כאַפּט ביי אים אויס די שווערע „טשאַנגעס" און עס האָט גענוג לאַנג געדויערט, ביז זיי האָבן זיך געבעסערט דעם מצב צוערשט מיט קויפן אַ וואָגן מיט אַ פערד און שפּעטער — אַ „קאַמיאָן" און ווי האָט ער ביי אַזאַ שווערן לעבן נישט פאַרגעסן אָן אַלץ וואָס איז געווען אין וואַרשע?

ווייסן טאַקע נישט העַנעך און נישט בערקע זיין פאָטער און אויך נישט יאַשקע דער שטאַרקער פון קיין שום פּאַרטייען, זיי ווייסן נאָר, אַז עס זענען דאָ יידישע אינסטיטוציעס וואָס טוען אויף גרויסע זאַכן, זיי ווייסן אַז די הברה קדישא העלפט און שטיצט אָרימע אלמנות און זי גיט אומזיסטע פּלעצער אויפן הייליקן אָרט פאַר אָרימע פאַרשטאָרבענע און דער שפּיטאָל איז דאָך אודאי נויטיק און אַ ביקור חולים און נאָך און נאָך, אַלץ נויטיקע אַנשטאַלטן און מען דאַרף העלפן, העלפן און זיי זענען טאַקע מיטגלידער אין עטלעכע אינסטיטוציעס און זיי באַצאָלן פּינקטלעך זייערע חודש-געלטער און גיבן נאָך אַמאָל, ווען עמיץ מאָנט ביי זיי, אַן עקסטרע ביישטייערונג.

בערקען מיט זיין זון גייט שוין היינט גוט. זיי האָבן שוין צוויי קאַמיאָנען און צוויי „עסקריטאָריאָס" מיט שיינע שילדן פון וועלכע עס שייַנען אַראָפּ מיט גרויסע אותיות: — „מודאַנסאַ" און עס אַרבעטן שוין ביי זיי אַכט אַרבעטער און בערקע דאַרף שוין אַליין נישט הויבן קיין שווערע משאות, זיין ווייב איז שוין לאַנג אין בוענאָס איירעס, ער האָט נאָך אין די שווערע צייטן געקויפט צוויי שיפקאַרטן צום אויסצאָלן און אריבערגעבראַכט מאַלטשען מיט זיין טעכטערל לאהלע און אַט איז שוין העַנעך אַ חתן מיט אַ שיין יידיש מיידל, אַ שניידערס אַ טאָכטער, מען גרייט זיך שוין צו דער חתונה און צו זיין לאה'לע שאַרט זיך שוין אַ בחור, אַ גרייַנער, אַ „קלאַפּער" און ווייזט אויס אַ וואוילער בחור און טראַכטנדיק וועגן ווייב, קינדער, כלה און חתן, איז זיי אַלעמען גוט און ביי די שווערסטע אַרבעטן, זינגט עס ביי זיי אין די הערצער און פון די אויגן שיינט זייער צופרידנקייט מיט אַלץ און מיט זיך אַליין.

אויך יאַשקע מעג זיין און איז טאַקע צופרידן.

ער האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט און זיין ווייבל איז אַן אינטעליגענטע, אַ געלערנטע, און ער פאַרגעטערט זי. ער האָט זיך פאַרליבט אין איר באַלד בייַם ערשטן מאָל ווען ער האָט זי נאָר דערזען. זי איז אַ היגעבוירענע, אַ טאָכטער פון אַ „קווענטעניק" און ער האָט זיך פאַרליבט אין איר, ער האָט דעמלט אפילו נישט געוואַגט צו טראַכטן, אַז זי, די ב. איירעסער שיינע און געלערנטע סעניאָריטאַ, קאָן אַמאָל ווערן זיין כלה... וויפל נעכט האָט ער זיך געפּייניקט אויף זיין סאַלטערסקע בעטל טראַכטנדיק

ווען איר און כאַטש ער האָט נישט געגלויבט אַז עס קאָן אַמאָל עפּעס ווערן דערפון, האָט ער מיט געשטאַרקטער ענערגיע זיך גענומען צו דער אַרבעט, ער האָט אָנגעשטעלט נאָך אַ סך אויפקויפער פון אַלטן אייזן און אַנדערע אַלטע זאַכן, און ער האָט אויך פאַרגרעסערט זיין שלאָסער טאַ־ װשערל און באַלד איז דאָס אַלץ געוואָרן צו קליין און צו ענג פאַר אים און ער האָט געדונגען אַ גרעסער געשעפט מיט אַ גרויסן הויף און דאָרט האָט ער זיך איינגעאָרדנט אויף אַ גאָר נייעם שטייגער און עס האָט אים אָנגע־ הויבן גיין גוט און בעסער, אַזוי, אַז אין איין אָוונט האָט ער אָנגעהויבן רעכענען וויפיל געלט ער האָט צוזאַמען, סיי אין באַנק און סיי אין עפעק־ טיוו און ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער קאָן גאָרנישט אַזויפיל צוזאַמענרע־ כענען...

און אין דעם אָוונט, האָט זיך צו אים פלוצלינג געיאַוועט דער קוענ־ טעניק, פאַולינאַס פאָטער. דער קוענטעניק האָט באַדאַרפט אַ הלואה און באַשלאָסן אַ פּרוּאוו טאָן, אפשר וועט דער „סמאַטזשאַזש" אים אַרויסהעל־ פן...

און דער סמאַטזשאַזש האָט אים געהאָלפן. — וואָס, טויזנט פּעזעס? איך קאָן אייך באָרגן אפילו צוויי טויזנט!...

און מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן. דער קוענטעניק האָט באַצאָלט דעם חוב און איז ווידער געקומען באָרגן און דער קוענטעניק האָט פעסט־ געשטעלט, אַז יאַשקע איז גאָר אַ וואוילער בחור און ער האָט אים פאַרבעטן צו זיך און אַזוי איז געוואָרן אַז פאַולינאַ איז געוואָרן זיין כלה און היינט איז זי שוין זיין ווייב און יאַשקע איז גרייט פאַר איר אַראָפּצוברענגען דאָס טעלערל פון הימל...

אויך שמחה פלעכטמאַן לעבט שוין גליקלעך מיט זיין מלכהל'ען. זי איז שוין היינט טאַקע נישט אַזוי שיין, אויף איין זייט פּנים איז איר געבליבן אַ לאַנגער צייכן פון דער צוגענייטער וואונד, אָבער דערפאַר איז זי שמחה'ן אַזוי געטריי און זי טוט אַלץ פאַר אים מיט אַזויפיל ליב־ שאַפט, אַז ער פילט זיך גליקלעך.

מיט די אַנאָנימע פינפהונדערטער פּעזעס וואָס עמיץ האָט מלכהל'ען צוגעשיקט אין שפּיטאָל, האָט שמחה אָנגעהויבן האַנדלען אין גאַס און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט ער געדונגען אַ „סאַגואַן", אַ טויער און וועלכן ער האָט יעדן אינדערפרי אויפגעפּאַקט אַ קראָם מיט פאַרשיידענע גאַלאַנטעריע אַרטיקלען און רעשטלעך און עס איז אַוועק גוט און מלכהלע האָט אים צוגעהאָלפן באַדינען די קונים. און איצט, כאָטש מלכה'לע איז שוין אין די הויכע חדשים, העלפט זי אים נאָך אַלץ צו און זיי טראַכטן,

אז אבי זי וועט בשלום איבערקומען די קימפעט, וועלן זיי דינגען א קלייט און גאט וועט ווייטער העלפן.

וועגן די אמאליקע איבערלעבענישן, ווען זי איז געווען די געפאנגענע ביים דעם הארצלאזן מאריץ און שפעטער, ווען זי איז אריינגעפאלן אין די הענט פון דעם בעסטיאלישן גאלאן, ביז ער האט איר צעשניטן דאס פנים, וועגן דעם האט שמחה קיינמאל מלכהל׳ען נישט געפרעגט און נישט דערמאנט מיט קיין ווארט יענע צייט און דאס גאנצע טראגישע קא־פיטל פון איר לעבן, וועט שוין אויף אייביק בלייבן פארשלאסן אין א קע־מערל פון איר הארץ ווי א סוד, וואס קיין שום שטורם־ווינטן וועלן אים קיינמאל פון דארט נישט קענען ארויסרייסן.

דאס לעבן איז געגאנגען ווייטער און ווייטער און איז ווייט אריבער־געגאנגען איבער דער צייט פון דער געשעעניש מיט מלכהל׳ען און זי געלאזן ווייט הינטער זיך אין פארגעסנהייט...

---

## י"ב

# ברוך שטיינבערג

אויך ברוך שטיינבערג איז שוין ווייט אוועק פון די טראגישע געשעענישן וואס זענען זיך מיט אים פארלאפן בעת זיין רייזע אויף דער שיף „אטלאנטא" און בעת זיין אנקומען קיין בוענאס איירעס מיט דעם „זי־בעלע" וואס איז אים פארבליבן נאך זיין טראגיש פארשטארבענער פרוי שרהלע, וואס האט געפינען איר קבר אין די טיפענישן פון ים.

דאס לעבן האט אים אריבערגעפירט איבער אנדערע געשעענישן, איבער ליידן און פיין, בענקשאפט און צער, איינזאמקייט און אומעט, אבער דער שאטן פון זיין ערשטן גרעסטן צער, האט אים באגלייט און זיך גאנץ אפט אויסגעשפרייט איבער זיין גאנצן וועזן, ארומגעהילט זיין באוואוסט־זיין אין די נאגנדיקע מעלאנכאליע האט געמאכט וואקלען זיינע טריט צום ווייטערדיקן וועג פון זיין לעבן.

און כאטש ער האט שוין געהאט חתונה געהאט און זיין צווייטע פרוי איז אים געטריי, היט אים אפ און שענקט אים א סך ליבע, האט זי אבער נאך אלץ נישט באוויזן אוועקצוטרייבן, אפמעקן און מאכן פארשווינדן דעם שאטן וואס פארפאלגט אים און פארטונקלט אזוי אפט זייער ביסל גליק.

ווען ברוך איז נאך דריי קאשמארע וואכן זיין אין בוענאס איירעס געפארן אין דער יידישער קאלאניע, האט ער אפילו נישט געוואוסט וואוהין ער פארט און צו וועמען; ער האט נאר געוואוסט, אז ער וועט דארפן לערנען קאלאניסטישע קינדער שרייבן און לייענען יידיש און ער האט זיך אפילו נישט געקאנט אפגעבן קיין רעכנונג צי ער וועט עס באוויזן, צי ער וועט קענען זיין א יידישער לערער און וויפיל מאל ער האט געפרואווט אריינטראכטן אין דעם, געוואלט עפעס פעסטשטעלן, געוואלט מאכן א חשבון וואס ער קען און וויאזוי ער וועט אנהויבן, געוואלט צוגרייטן א שטיקל פלאן, האט זיך אים פלוצלינג דער מוח פארטונקלט און ער האט שוין גארנישט געטראכט און גארנישט געפילט, זיינע אויערן האבן ווי מעכאניש געהערט דאס ריטמישע קלאפן פון די רעדער פון לויפנדיקן באן.

אבער, דאס וואס זיין פארטונקלטער מוח האט נישט געקאנט צו־טראכטן, האט פאר אים צוגעטראכט דיווירקלעכקייט, דאס רעאלע לעבן, ווען ער איז געקומען אין קאנטאקט מיט די קאלאניסטן און מיט די עטלעכע קינדער וואס האבן באדארפט זיין זיינע תלמידים.

געפארן איז ברוך אין א שטעטל נישט ווייט פון באהיא בלאנקא און ערשט ווען דער „גווארדא” האט אים אויפגעוועקט פון זיין טרויעריקער פארטיפקייט און אים געזאגט און אנגעוויזן מיט פארשידענע זשעסטן אז ער דארף שוין ביי דער נאנטסטער סטאציע אראפגיין פון באן, איז ברוך געקומען צו זיך, אויפגעשטאנען, גענומען צונויפלייגן זיינע פעקלעך און זיין איינציק טראכטעניש איז איצט געווען, צי וועט אים כאטש עמיץ אפ־ווארטן ווי מען האט אים פארזיכערט אין צענטראל־קאמיטעט, ווייל ער האט געפילט אז טאמער נישט, איז ער א פארלוירענער.

און אט, צו זיין גרויסער פרייד, ווי נאר דער באן איז געקומען צו דער סטאציע, נאך איידער ער האט זיך אפגעשטעלט, האט ער דערהערט ווי מען רופט אינדרויסן אויס זיין נאמען. ער איז צו צום פענסטערל און ער האט דערזען עטליכע מאדנע מענטשן וועלכע קוקן לענג־אויס צו די פענס־טערלעך פון אנגעקומענעם צוג און ער האט געגעבן א צייכן אז ער איז שטיינבערג.

די מענטשן האבן זיך דערפרייט. זיי האבן דורכן פענסטערל ארויסגע־נומען זיינע פעקלעך און ווען ער איז אראפ, האבן זיי אים באגריסט מיט א ווארימען שלום־עליכם און מיט די פעקלעך אין די הענט זענען זיי ארויס פון דעם קליינעם הילצערנעם וואקזאלעכל, צוגעקומען צום וועג וואו עס זענען געשטאנען עטליכע „סולקים”, די פיר מאדנע מענטשן מיט אפגע־ברענטע פנימער, באוואקסן מיט גרויסע בערד אזוי ווי רבנים, נאר מיט ברייטע הויזנס פארשטעקטע אין די שטיוול. זיי האבן די פעקלעך ארויפגעלייגט אויף די סולקים און ארויף אויף זיי און דער פינפטער, א גלאט־ראזירטער, אנגעטאן ווי א שטאטישער, איז ארויף אויף דער דריי־טער סולקי, ארויפגעבעטן ברוכ'ן און די דריי סולקים האבן זיך געלאזט ווי א שנעל־לויפנדיקע קאראוואנע איבער א שמאלן וועג וואס האט זיך גע־שלענגלט צווישן ווייטע און ברייטע נאר־וואס צעאקערטע פעלדער.

ברוך איז געווען ווי פריטשמעליעט.

צוערשט האט ער זיך געוואונדערט וועגן אויסזען פון די מאדנע יידן מיט די ברייטע הויזנעס און אויב מיט אזעלכע בערד, טא וואו זענען זייערע קאפאטעס? און ער האט זיך געכאפט, אז דאס מוזן זיין די יידישע קאלאניסטן. אויך די סולקים זענען אים פארגעקומען וואונדערלעך־מאד־

נע; פון קינדווייז אַן האָט ער געוואוסט און כסדר געזען אַז אַ וואָגן האָט פיר רעדער און דאָ זעט ער פּלוצלינג אַזעלכע מאָדנע „בריטשקע"-וועגע־לעך וואָס האָבן צו צוויי רעדער און די רעדער זענען גרעסער און העכער ווי דאָס וועגעלע... און ווער איז ער? דער וואָס האָט אים ארויפגעבעטן אויף דעם מאָדנעם וועגעלע? ער זעט דאָך אוים ווי אַ שטאָטישער, ווי קומט ער דאָ אַהער?

אָבער דער אָנפירער פון דער סולקי האָט אים נישט געלאָזן לאַנג טראַכטן. אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעדריקט זיין פרייד וואָס דער דערוואַרטעטער לערער איז שוין געקומען און זעענדיק אַז דער גאַסט שווייגט, האָט ער אָנגעהויבן:

— קודם וויל איך אַז איר זאָלט וויסן, אַז מיין נאָמען איז יוסף זיל־בערמאַן. איך בין נישט קיין קאָלאָניסט, איך בין בלויז אַן איידעם פון אַ קאָלאָניסט. איך בין אַ סוחר און איך האָב דאָ אין שטעטל אַ קלייט פון כל מאמינים און דאַנקען גאָט, מען מאַכט אַ לעבן. מיין קינד, יאַנקעלע, איז זעקס יאָר אַלט און אין די ארומיקע קאָלאָניעס זענען פאַראַן נאָך קינ־דער און מיר טאָרן דאָך נישט פאַרגעסן אַז מיר זענען יידן, האָב איך אָנ־געהויבן איינלייגן וועלטן, אַז מיר זאָלן פון שטאָט ארויספאָדערן אַ לע־רער און ווען די קאָלאָניסטן האָבן מסכים געווען, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ שרייבן אַהין און אַהער און ענדלעך זיינט איר אָנגעקומען, נו, זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה!...

לאַנג זענען זיי געפאָרן איבער דעם שמאָלן געשלענגלטן וועג צווישן די ברייטע פעלדער וואו עס האָט זיך וואו־נישט־וואו, זייער ווייט אָפּגע־רוקט איינס פון צווייטן געזען אַ נידעריקע הייזקע, ביז ענדלעך זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אַ בערגל פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעקוקט אַ גרופּע ווייס־געקאַלכטע שטיבלעך.

פאָרפאָרן זענען זיי צו יוסף זילבערמאַנס שטוב.

זיי זענען אַריין אין קלייט, וואו זילבערמאַן האָט פאַר ברוכ'ן פאָרגע־שטעלט חנה'לען, אָדער כואַניטאַ, זיין יונגע פרוי און יאַנקעלען, זיין זעקס יעריק יינגעלע, וועלכער האָט געקוקט אויף ברוכ'ן מיט נייגעריקע בליקן.

פון קלייט זענען זיי אַריין אין דער פּשוטער, אָבער גענוג שייך־באַ־לעבאַטיש איינגעאָרדנטער שטוב, וואו אויפן ווייס־געדעקטן טיש איז שוין געשטאַנען פאַרגרייט לעקעך און פאַרשידענע קיכלעך און פלעשלעך מיט גלעזלעך, אויף מאַכן אַ לחיים לכבוד דעם גאַסט.

דער קבלת־פּנים האָט ברוכ'ן אינגאַנצן צענומען און עפּעס האָט אים דאָס אַלץ אויסגעזען ווי אַ מאָדנער חלום. ער האָט אַ גלעט געטאָן דעם

יינגעלעם קעפל און אים געפרעגט צי ער וועט וועלן לערנען שרייבן און ער האט אנגעקוואלן, ווען ער האט געזען ווי ביי דעם קינד צעשטראלן זיך די אייגעלעך, און נאך א ווײַלע האט עס געענטפערט: — „סי", איך וויל...

די פעקלעך זענען נאך אלץ געלעגן אויף די סולקים און נאך דעם פיינעם קבלת־פנים, האט מען ברוכ'ן ארויסגעפירט, מען האט זיך ארויפ־געזעצט אויף די וועגעלעך און צוגעפארן צום צווייטן עק שטעטל, אפגע־שטעלט זיך ביי א הויז, די קאלאניסטן האבן אריינגענומען די זאכן אין א קליין שטיבל וואו עס איז געשטאנען א שאפקעלע מיט א בעטל און זיי האבן אים געזאגט: — ביז וואס ווען, וועט איר דא דערווייל וואוינען.

ברוך האט זיך אין זילבערמאנ'ס שטוב, ביי דעם ווארימען קבלת־פנים אזוי גוט געפילט, אז דאס איבערפירן אים פון דארט דא אהער, אין דעם קליינעם שטיבל, איז פאר אים געווען א שטארקער קלאפ.

יוסף זילבערמאן און די קאלאניסטן האבן זיך מיט אים געזעגנט און זיינען אוועק און באלד איז אריינגעקומען אן עלטערע יידענע, די באלע־באסטע פון שטוב און אים באגריסט און אים געזאגט אז איר מאן איז איצט אויפן „קאמפ", און אויב ער איז מיד, קאן זי אים געבן עפעס איבערצו־בײַסן און דערנאך וועט ער זיך קענען לייגן און אויסרוען נאך דער לאנגער נסיעה.

ברוך האט געהאט געגעסן עטלעכע קיכלעך ביי זילבערמאנען און ער האט נישט געפילט קיין הונגער, אבער א מידקייט האט ער יא געפילט, א מידקייט און א טרויער און ער האט געבעטן אנטשולדיקונג, ער וויל זיך איצט בעסער אויסרוען.

צומארגנס אינדערפרי האט ער זיך באקענט מיט דעם באלעבאס פון שטוב, אן אלטער קאלאניסט, וואס האט זיך געמוזט אריבערקלויבן אהער, אין שטעטל, ווייל זיין אידענע מוז כסדר אנקומען צום דאקטאר, נאר ער פארט יעדן טאג ארויס אויפן קאמפ, ער האט ליב עבודת האדמה, ערד־ארבעט, וועלכע האט אים באצאלט מיט שפע פאר די יונגע כחות וואס ער האט איר אוועקגעגעבן און ער האט ליב די ברייטע פעטע פעלדער און ער וויל זיי ווייטער דינען ווי לאנג זיינע כחות וועלן עס דערלאזן...

דער קאלאניסט, א ייד אין די מיטעלע יארן, מיט ברייטע פלייצעס, מיט א צעשויבערטער קאשטאן־פארביקע בארד, איז געווען ר' ירוחים, יוסף זילבערמאנס שווער.

ר' ירוחים, א באריידעוודיקער, האט ברוכ'ן דערציילט, א סך חידושים וועגן דעם געזונטן לעבן אויפן קאמפ און נאך פארנדיק אויף דער סולקי,

האָט שוין ברוך געוואוסט וויאַזוי זילבערמאַן איז געוואָרן זיין איידעם.

— די ערד פאַרמאָגט דאָ אַ סך שפע און נישט נאָר תבואות און פרוכטן ווערן דאָ שנעל צייטיק, נאָר אויך די קינדער און אַז מיין חנהלע איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר, האָב איך שוין גענומען טראַכטן, אַז עס איז צייט צו זוכן אַ חתן פאַר איר, איידער אַ גוּאישער פונדיק וואַרפט אויף איר אַן אויג... און גראָד איז דעמלט אָנגעקומען אין שטעטל אַ יונגערמאַן, אַ גרינער, ער איז געקומען מיט אַ פּאַק סחורה און ער האָט דאָ ביי אַלעמען נושא־חן געווען, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: — ער וואָלט גוט געווען פאַר מיין חנה'לען און געזאָגט און געטאָן; איך האָב אים פאַרבעטן צו זיך, איינגעקויפט ביי אים וואָס איך האָב יאָ באַדאַרפט און וואָס איך האָב נישט באַדאַרפט און ווען ער האָט דערזען מיין חנה'לע, די צעבליטע בלום, איז ער געוואָרן ווי צוגעזאָטן און אַ פּיסקל האָט ער געהאַט אויף שרויפן, האָט ער גערעדט און געשמייכלט און ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער צו חנהלען געשריבן בריוולעך און זי איז גאַנצע נעכט געזעסן און געשריבן צו אים און ווען ער איז ווידער געקומען, האָבן מיר מיט מזל געפּראַוועט תנאים און עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן מיר געפּראַוועט אַ חתונה כיד המלך, קיין איין קאָלאָניסט האָט נישט געפעלט און גאַנצע זיבן טעג, ביז נאָך די שבע ברכות, איז אין דער קאָלאָניע געווען יום־טוב!...

און ר' ירוחים האָט זיך געגרויסט מיט זיין איידעם: — כאָטש אַ סוחר, האָט ער אַן איידל הארץ, ער איז אַ קענער און ער שאַצט אָפּ די וויכטיקייט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און די הייליקייט פון עבודה־האדמה און ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָ אָנגעהויבן שרייען און מאָנען, אַז מיר דאַרפן דאָ אַ יידישן לערער, כדי די קינדער זאָלן נישט פאַרפרעמדט ווערן פון יידישקייט און אָט זייט איר דאָ און זאָל זיין געבענטשט אייער קומען צו אונדז!...

ברוך האָט געפילט אַז זיין הארץ ווערט אָנגעפילט מיט עפּעס אַ מאָדנער נייער פרייד, וועגן וועלכער ער האָט קיינמאָל אפילו נישט געחלומט; דער ברייט־הארציקער וואַרימער קבלת־פנים און איצט, דער אָפענער תמימותדיק־ערלעכער צוטרוי וואָס אָט אַ דער הארעפּאַשנער קאָלאָניסט שענקט אים באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש, ווי ער צעעפנט פאַר אים זיין פריידיקן געמיט מיט אַזאַ וואַרימער פאַרטרוילעכער אינטימיטעט...

ער האָט געווישט אַ טרער און איז געווען זשעדנע צו הערן נאָך און נאָך פון די אַלע ווייטע און פרעמדע זאַכן, וואָס הויבן אָן ווערן עפּעס אַזוי נאָנט, אַזוי אייגן...

אַ סך וואונדערלעכע זאַכן האָט ער אין דעם טאָג געזען צום ערשטן

מאָל אין זיין לעבן און אַ סך זאַכן האָט ער זיך אַנגעהערט בעת זיין ער־שטן שפּאַציר איבער די ברייטע פעלדער וואָס זיינען צעאַקערט פון יידישע הענט און עס האָט אויסגעזען, אַז די איינדרוקן ווירקן אויף אים אַזוי שטאַרק, אַז זיי וועלן אים מאַכן פאַרגעסן זיינע טראַגישע איבערלעבענישן, אָבער קומענדיק צוריק אַהיים אין זיין קליין שטיבל, בלייבנדיק מיט זיך אַליין, האָט אים ווידער באַהערשט דער טרויער און פון זיין פּנים האָט ווי־דער אַראָפּגעוויינט זיין טיפע מרה שחורה.

און אַזוי טאָג נאָך טאָג.

ווען ער איז געווען מיט מענטשן, ווען ער איז אַרויסגעפאָרן איבער די קאָלאָניעס, אפילו ווען ער האָט געלערנט מיט די קינדער, האָט ער זיך געפילט ווי איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט אַ יידיש־האָ־רעפּאַשנע, אַ וועלט וואָס צעטומלט מיט איר שיינקייט און דערהויבנקייט, נאָר ווען ער האָט געמוזט זיך צוריקציען אויף די נעכט אין זיין קליין עלנט קעמערל, האָט ער דערפילט, ווי מען וואָלט אים צוריק אַריינגעוואָרפן אין זיין וועלט פון טרויער און פּיין.

די שול, אָדער בעסער געזאָגט, דאָס חדר, האָט זיך געפינען אין אַ בלעכענעם גאַלפּאָן, וואו די קאָלאָניסטן האָבן געהאַט זייער שיל צום דאַ־ווענען און וואו די קאָלאָניסטישע זין און טעכטער האָבן איינגעאָרדנט זייער קולטור־פאַריין און ביבליאָטעק און וואו זיי האָבן אויך דורכגעפירט ליטעראַרישע אָוונטן און אפילו טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

אין דעם גאַלפּאָן, וואָס זיי האָבן אָנגערופן „סאַלאָן", האָבן זיך קאָ־לאָניסטישע זין פון די אַרומיקע קאָלאָניעס, אויף ליטעראַרישע אָוונטן, אַמאַטאָרן־פאָרשטעלונגען אָדער טאַנץ אונטערהאַלטן, באַקענט מיט די קאָלאָניסטישע טעכטער און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן די ראָמאַנען, וואָס האָבן זיך מערסטנס געענדיקט מיט מזלדיקע חתונות.

אין אַ ווינקל פון דעם גאַלפּאָן איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש מיט בענק אויף ביידע זייטן און ווי אַמאָל אין די אַלטע היימען אַ חדר, אַזוי האָט עס דאָ אויסגעזען ווען די קינדער האָבן זיך אַרומגעזעצט אויף די בענק פון ביידע זייטן טיש, נאָר דער חילוק איז געווען, וואָס דאָ זיינען די קינדער געווען אַנדערע און אויך דער „מלמד", דער לערער, איז געווען אַן אַנדערער און די לימודים, אויך אַנדערע.

ברוך האָט זיך יעדן טאָג אָוועקגעשטעלט אינדרויסן נעבן גאַלפּאָן און ער איז נישט מיד געוואָרן צו קוקן אויף דעם פּרעכטיקן בילד, ווען די קינדערלעך קומען אָן אַנגעטועגע אין די ווייסע בלאַנקענדיקע כאַלאַטלעך רייטנדיק אויף ווילדע פערד און ווי די פערדלעך צעהווזשען זיך ווען אַזאַ

יינגעלע גיט עס אַ פֿאַרהאַלט איינציענדיק די צוים. ער האָט דאָס בילד געזען יעדן טאָג, נאָר יעדן טאָג איז עס פֿאַר אים געווען ווי ניי, דערקוויקנדיק, ווי ער וואָלט עס געזען צום ערשטן מאָל.

די קינדערלעך מיט פֿאַרברוינטע פּנימלעך און צעפּלאַמטע בעקלעך האָבן זי מיט פֿריילעכן געפֿילדער אויסגעזעצט אַרום טיש און באַלד זיינען אויך אָנגעקומען די עטלעכע קינדער פֿון שטעטל גופֿא, וואָס דער טאַטע אָדער די מאַמע האָט עס געבראַכט אין שול, די שטעטלשע קינדער האָבן שוין אויסגעזען בלאַסער און פֿון זיי האָט שוין נישט אַרויסגעשפּרודלט אַזויפֿיל קינדערשע פֿרייד.

פֿון אַלע קינדערלעך איז אים אַמליבסטן געווען יאַנקעלע, זילבערמאַנס זונדל.

און עס איז געווען וואָס ליב צו האָבן. בעת אַלע קינדערלעך האָבן זיך באַמיט נאָכצוזאָגן דעם סדר פֿון דעם „אַלף-בית" אַזוי ווי דער לערער האָט מיט זיי איינגעחזרט, האָט יאַנקעלע בסדר געשטעלט פֿראַגן און ער האָט דווקא געוואָלט וויסן פֿאַרוואָס די אַלף איז אַן אַלף און די בית איז אַ בית און מאַנכעס מאָל האָט דאָס קינד ברוכ'ן געשטעלט אַזאַ פֿראַגע, וואָס האָט אים צעטומלט און ער האָט זיך געמוזט באַמיען נישט שולדיק צו בלייבן דעם קינד אַן ענטפֿער.

געווען אויך קאַלאַניסטישע קינדערלעך וואָס האָבן באַנומען און פֿאַרשטאַנען וואָס דער לערער לערנט זיי, אָבער יאַנקעלע איז געווען דער בעסטער שילער און ער האָט טאַקע פֿריער פֿון אַלעמען געדענקט דעם סדר פֿון אַלף ביז תּאָוו פֿון אויסנווייניק און ער האָט אויך פֿריער פֿון אַלע אויסגעלערנט צו ערשט איבערלייענען און דערנאָך אויך אויסשרייבן די אותיות.

געווען דאָרט אויך עטלעכע קינדער סיי פֿון שטעטל ווי פֿון די קאָלאָניעס, וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי שוין פֿריער געהאַט אויסגעלערנט נישט נאָר דעם אַלף-בית, נאָר אַפֿילו לייענען און כאָטש ברוך איז נישט געווען און האָט נישט געטראַכט צו זיין אַ לערער, האָט ער אָבער פֿאַרשטאַנען, אַז ער מוז די שילער איינטיילן אין צוויי כּיתות און ווען ער האָט באַדאַרפֿט לערנען די עלטערע קינדער וואָס האָבן שוין געקענט לייענען, האָט ער די יונגערע אויסגעלערנט פֿאַרשידענע שפּילן, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט פֿון זיין קינדהייט.

מיט די עלטערע שילער האָט ער געלערנט אויף גאָר אַן אַנדער אופֿן. ער האָט גענומען אַ בוך פֿון ביבליאָטעק און האָט געלייענט פֿאַר די קינדער אַ קינדער מעשה'לע און ער האָט אויפֿגעגעבן לעקציעס, אַז זיי זאָלן

עפעס נאכשרייבן פון דעם וואס זיי האבן געהערט. די מעשה׳לעך האבן פארשאפט פאר די קינדער א סך פרייד.

ווען די יונגערע קינדער זיינען אוועק זיך שפילן אויף דער צווייטער זייט פון דעם גרויסן גאלפאן, האט יאנקעלע נישט געוואלט מיטגיין, ער האט געוואלט בלייבן דא און הערן די מעשה׳לעך און ווי איבערראשט איז ברוך געווארן, ווען אין א געוויסן טאג, נאך עטלעכע וואכן, האט דער קליינער יאנקעלע געבראכט א העפט און שטאמלענדיק ארויסגעלייענט פון אים די לעקציע וואס דער לערער האט געהייסן אויפשרייבן.

ס׳האט זיך ארויסגעוויזן, אז יאנקעלע האט נישט געהאט קיין געדולד צו לערנען צוגלייך מיט אלע אנפאנגער, ער האט פון זיין פאטער גערימן שטיקער, אז ער זאל אים ווייזן וואס, ווען און ווי אזוי און נאך געציילטע חדשים האט זיך שוין יאנקעלע געפינען צווישן די גרעסערע תלמידים.

ברוך האט זיך דערמאנט, אז אין דעמביצע, אין גאליציע, האט זיך געפינען א קינד אזא עלוי, וואס די גאנצע געגנט האט געשם׳ט דערמיט און מען האט עס זייער יונג אוועקגעשיקט קיין קראקע צו גרויסע מלמדים. אזא קינד דארף מען שענקען א סך אויפמערקזאמקייט און ער האט עס אויך געטאן. ער האט מיט אים געלערנט און געשפילט זיך מיט אים אויך אויסער דער לערן-צייט און צוליב די מעשה׳לעך וואס ברוך האט אים דערציילט און אמאל פארגעלייענט, איז דאס קינד געווארן צו אים צוגעבונדן.

ברוכ׳ס פארדינסט אלם לערער, איז געווען א קליינער. אבער ער איז געווען צופרידן. ער האט באצאלט דרייסיק פעזעס פאר קאסט און קווארטיר און פון די געבליבענע צוואנציק פעזעס האט ער נאך יעדן חודש היפש אפגעשפארט.

עסן, האט ער געהאט בשפע. די אלטע קראנקע פרוי האט עס גע-האלטן פאר א מצווה דעם לערער גוט צו דערנערן און זי האט אים גע-קארמעט מיט די בעסטע און נארהאפטיקסטע מאכלים און ברוך האט צו-גענומען וואג, זיין פנים האט זיך אויסגעפילט און פארברוינט, אבער ווען ער איז אהיימגעקומען פון לערנען, אדער פון א וויזיט ביי זילבערמאנען, ביז ער איז צומארגנס ווידער אוועקגעגאנגען, האט די אידענע נישט גע-זען קיין שמייכל אויף זיין פנים.

אזוי זיינען פארגאנגען וואכן און חדשים. צווישן די וואוילע הארע-פאשנע מענטשן און ביי יוסף זילבערמאנען אין שטוב האט ער פארגעסן אן זיין נאגנדיקער פיין און ווי נאר ער איז געבליבן מיט זיך אליין, האט דער פארפאלגנדיקער גרויער שאטן באשווערט זיין געמיט.

דער פרילינג איז געקומען און עס האט זיך דערנענטערט די צייט

פון שניט, די קאָלאָניסטן האָבן גלייענט אין די צייטונגען וועגן דעם גרויסן אומגליק אין די קאָלאָניעס פון ענטרע־ריאָס, וואו אַ מוראדיקער „טאָרמענטאַ" האָט פאַרניכטעט די גאַנצע תבואה און זיי האָבן געקוקט אויפן הימל און געבעטן גאָט, ער זאָל בענטשן זייער ערד מיט אַ גערעטעניש.

און די גערעטעניש איז געקומען.

די שול האָט אָפּגעשטעלט די לימודים אויף צוויי חדשים און ברוך איז אַרויס צו ר׳ ירוחימען אין קאָלאָניע און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער געזען אַזאַ וואונדערלעכע פּאַנאָראַמע פון אַרבעט און פרייד און דורכגענומען מיט דער פרייד, האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז נישט קיין סנאָפּעס מיט געלע צייטיקע זאַנגען בינדט מען דאָ צונויף, נאָר מען שטעלט אויף גאָלדענע זיילן פאַר דעם בוי פון אַ נייעם פּרעכטיקן בית־המיקדש!

יוסף זילבערמאַן איז יעדן טאָג געקומען מיט זיין סולקי אויפן פעלד צו זיין שווער, געהאָלפן אין דער אַרבעט און מיטגעריסן פון דער פרייד, האָט ברוך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די בלוזע און אויך צוגעהאָלפן איבערטראָגן די סנאָפּעס לויט די אָנווייזונגען פון אַלטן ר׳ ירוחים.

אָבער אינמיטן דער גרעסטער פרייד, אינמיטן דעם סימפאָנישן געזאַנג פון אַרבעט, איז אַן אומגליק ווי אַ דונער אַראָפּגעפאַלן אויף דער קאָלאָניע.

עס איז געווען ניין אַזייגער אינדערפרי, יוסף איז געקומען אויפן פעלד און געוואָלט אויסשפּאַנען דאָס פערד פון דער סולקי, האָט זיך דאָס פערד פּלוצלינג צעווילדעוועט און אים דערלאַנגט אַזאַ בריקע מיט די הינטערשטע פיס אין בויך אַריין, אַז יוסף איז אַוועקגעפאַלן כמעט אַ טויטער.

עס איז געוואָרן אַ געוואָלט, מען האָט דעם פאַרחלושטן געפּרואווט אָפּמינטערן, אָבער עס האָט זיך נישט איינגעגעבן און מען האָט געמוזט וואָס שנעלער אים אָפּפירן אין שטעטל אַריין.

אויף דער קליינער סולקי האָט מען דעם פאַרחלושען נישט געקאָנט אַרויפלייגן, איז ירוחימס עלטסטער זון, מאיר, ווי אַ פייל פון בויגן אַוועקגעריטן צו אַ שכן אַ קאָלאָניסט וואָס האָט אַ גרויסן פיר־רעדערדיקן וואָגן און אַ שעה שפּעטער איז ער געווען צוריק מיטן וואָגן, מען האָט יוסף׳ן פאָרזיכטיק אַרויפגעלייגט און זעענדיק אַז ביים פאַרחלושטן רינט בלוט פון מויל, פון דער נאָז און אפילו פון די אויגן, האָט מען מורא געהאַט צו פאָרן שנעל, ר׳ ירוחים האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ ווען מאיר איז מיט דעם פאַרוואונדעטן אַוועקגעפאָרן.

ליידער איז דער וואָגן געקומען צו שפּעט אין שטעטל. יוסף איז שוין געווען טויט. אויפן וועג האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם...

ר״ג

## ניי לעבן און אַלטע פּיין

יוספ'ס טראַגישער אומקום, איז פאַר ברוכ'ן געקומען ווי אַ טויט־קלאַפּ.

דער אומגליק איז געקומען אזוי ראַפּטום, אזוי פּלוצלינג, אַז אין איין הרף־עין, איז די פרייד איבער די יידישע קאָלאָניעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרויער און דאָס געזאַנג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יאָמער און געוויין.

ברוך איז צוריקגעפאָרן אין זיין שטעטל.

קיין שול איז נישט געווען, איז ער אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין שטיבל און וויפיל די באַלעבאָסטע האָט אים גערופן און געבעטן ער זאָל אריינקר־מען צום טיש עסן, ברוך איז אַלץ געלעגן אויפן בעטל מיטן קאָפּ איינגע־גראָבן אין קישן און נישט געענטפערט.

די באַלעבאָסטע האָט זיך דערשראָקן און איז אריין צו אים: — וואָס איז מיט אייך? עסן מוז מען דאָך!...

ברוך האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זעענדיק זיינע פאַרווייַנטע אויגן, האָט זי זיך ערשט רעכט צעשריגן: — מילא, עס איז געשען אַן אומ־גליק; אַ גרויסער אומגליק; אָבער דער וואָס לעבט דאַרף דאָך לעבן! אויב נאָט גיט יאָרן, איז עס דאָך צוליב עפּעס, מוז מען לעבן און מען מוז עסן צו ק ע נ ע ן לעבן!...

און ווען ברוך האָט זיך אַנטשולדיקט און געבעטן זיך ביי איר, אַז ער קאָן היינט נישט עסן, זי זאָל אים דאָ לאָזן אין זיין טרויער, איז זי ארויס אַ בייזע און באַלד צוריק אריינגעקומען מיט ברויט און אַ שיסל קאַר־טאָפליעס מיט סמעטענע און אים אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז ער מעג טרויערן וויפיל ער וויל, נאָר ער מוז עסן און טאַקע אויפעסן דאָס גאַנצע וואָס זי שטעלט אים דאָ אַוועק אויפן שטול.

און זי האָט אַוועקגעשטעלט די שיסל מיטן ברויט און איז אַרויס.

ווען די באַלעבאָסטע איז אויפצומאָרגנס אריינגעקומען זאָגן אַז מען

איז געקומען אים מיטנעמען אויף דער לויה, האָט זי געטראָפן שטיין דאָס גאַנצע עסן נישט באַרירט, אַזוי ווי זי האָט עס געבטן אוועקגעשטעלט.

יוסף׳ס רעשטן האָט מען געמוזט אוועקפירן אין אַ צווייט שטעטל וואָס האָט געהאַט אַ יידישן בית-עולם און פּאַמעלעך האָט זיך איבער די געשלענגלטע וועגן געצויגן די טרויער-קאַראַוואַנע מיט סולקים אויף וועלכן עם זיינען געזעסן האַרעפּאַשנע יידן מיט געבויגענע קעפּ.

אויף איינער פון די סולקים מיט וועלכער עם האָט אָנגעפירט זיין באַ-לעבאָס, דער אַלטער קאַלאַניסט, איז געזעסן ברוך. ער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיין טרויער, אַז ער האָט אפילו נישט געקאָנט טראַכטן, אַז אויף דעמזעלבן געשלענגלטן וועג איז ער געקומען אַהער צוזאַמען מיט יוסף׳ס רעשטן אַרויסגעבראַכט אויף די טראַג-שטאַנגען פון טהרה-שטיבל פון דעמזעלבן קאַשמאַר ווי אַמאָל, אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ״, ווען עס איז געשען דער אומגליק מיט זיין שרה׳לע.

איבערן גאַנצן וועג איז ער געזעסן מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און גע-שוויגן. ער האָט אפילו נישט געוויינט. די געפילן זיינען אין אים ווי פאַר-טעמפּט געוואָרן און די טרערן זיינען אין אים ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

אָן דעם טרויעריקן בילד ווי אַזוי עס האָט אויסגעזעען אויף דער „אַט-לאַנטאַ״ זיין שרה׳לעס לויה, האָט ער זיך קיינמאָל נישט געקאָנט דערמאָ-נען. געווען מאָמענטן ווען דער ווייטיק האָט אים זייער שטאַרק געדריקט, האָט ער זיך באַמיט צו דערמאָנען, ער האָט געפילט, אַז אַבי ער וועט זיך קענען דערמאָנען ווי אַזוי מען האָט שרה׳לען אוועקגעריסן פון אים, וואָלט אים אפשר לייכטער געוואָרן, אָבער ער האָט זיך דאָס בילד בשום אופן נישט געקאָנט דערמאָנען און ערשט דאָ, אויפן בית-עולם, ווען מען האָט יוסף׳ס רעשטן אַרויסגעבראַכט אויף די טראַג-שטאַנגען פון טהרה-שטיבל און אוועקגעטראָגן לענגאויס דעם אויסגעטראָטענעם וועג ביז צום קבר, האָט אין זיין מוח אויפגעלויכטן דאָס בילד אויף דער שיף, ווען מען האָט שרה׳לען צוגעטראָגן ביז צו דער הילצערנער רישטאָוואַניע... ברוך האָט אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין, וועלכן ער האָט נישט געקאָנט באַהערשן און איינשטילן ביז מען האָט שוין געהאַט פאַרשאָטן דאָס פריש-שע קבר און די באַגלייטער האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג צוריק.

אַרויסקומענדיק פון בית-עולם, ווען מען האָט זיך שוין באַדאַרפט אויפזעצן אויף די סולקים, איז יאַנקעלע פלוצלינג צוגעלאָפן צו ברוכ׳ן, געקוקט אויף אים פרעגנדיק מיט זיינע פאַרוויינטע אויגן: — לערער, פאַר-וואָס בין איך געוואָרן אַ יתום?...

ברוך האָט אים אויפגעהויבן צו זיך, געגלעט אים און אים געטרייסט

מיט וואַרימע קושן און ביים קושן, האָבן זייערע ביידנס טרערן וואָס זיינען אין ריטשקעלער גערונען פון זייערע באַקן, זיך צונויפגעגאָסן און פאַראייניקט...

די לויה פון טראַגיש-אומגעקומענעם יוסף זילבערמאַן, האָט ברוכ'ן אויף אַ מוראַדיקן אופן דערמאָנט אָן זיין אייגענעם אומגליק, אָבער די דערמאָנונג איז פאַר אים געווען אַזאַ „טשאָק", אַזאַ קלאַפּ, וואָס האָט אויף אים געווירקט צום גוטן. דער טשאָק האָט אים געשטאַרק זיין באַוואוסט-זיין, ער האָט גוט געזען ווי אַלע זילבערמאַנס נאָענטע, האָבן זיך באַלד נאָך דעם אומגליק צוריקגענומען צו זייערע באַשעפטיקונגען און אפילו זילבער-מאַנס ווייב, חנהלע, האָט געמוזט עפענען דאָס געשעפט און ווייטער אָנגיין מיט איר מסחר און אים איז גוט אריין אין קאָפּ דער זאָג פון דער אַלטער באַלעבאָסטע, אַז „אויב גאָט גיט יאָרן, איז עס דאָך צוליב עפּעס" און ער האָט פעסט באַשלאָסן, אַז ער דאַרף לעבן, כדי זיך צו דערוויסן וועגן זיין קינד, וועגן דעם איבערלייב פון זיין שרהלע, וועגן דעם עופהלע וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אויף פרעמדע הענט און ער מוז וויסן צי איז עס געבליבן לעבן און אויב יאָ, דאַרף ער עס אָפּזוכן און זיין דערצו אַ טאַטע.

און ער האָט אָנגעהויבן שרייבן בריוו קיין בוענאָס איירעס, קיין אַנ-דערע אַדרעסן ווי צום צענטראַל-קאָמיטעט האָט ער נישט געהאַט, האָט ער ווידער און אָבער געשריבן בריוו צום קאָמיטעט, געבעטן זיך רחמים אַז עמיץ זאָל זיך אינטערעסירן מיט זיין ענין און טעג און וואָכן זיינען געגאַנגען, ער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער, נאָר קיין ענטפער איז נישט געקומען. ער האָט שוין אפילו אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַליין אריבערפאָרן קיין בוענאָס איירעס, עס איז דאָך נישט מעגלעך, אַז דאָרט זאָל זיך נישט געפינען עמיצער וואָס זאָל אים ביישטיין אין זיין נויט, אָבער ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט נאָך נישט אָפּגעשפּאָרט פון זיינע קליינע פאַרדינסטן, אַז עס זאָל אים קלעקן אויף הוצאות...

האָט ער ווידער געשריבן און אַלץ ווייטער געוואַרט און געהאָפט, אַז אפשר וועט פאָרט קומען עפּעס אַ ידיעה.

די וואַקאַציע-צייט האָט זיך שוין באַלד געהאַלטן ביי ענדיקן. ברוך האָט פאַרבריינגט די טעג אין איינזאַמקייט אָדער אין זיין קליין שטיבל, וואו ער האָט זיך באַמיט צו אַנטלויפן פון זיין פיין לייענענדיק אַ בוך, אָדער ער האָט זיך ארויסגעלאָזט וואַנדערן איבער די פעלדער הינטערן שטעטל.

שלענדערנדיק אויף די פרעמדע וועגן, האָט ער געקוקט אויף די גרינע פעלדער און אויף דעם ווייטן וועלדל און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַזוי

האָט ער שפּאַצירט מיט שרהלן. ער האָט געקוקט אויפן הימל, געזען דעם זעלבן הימל, דעם זעלבן פלאַקערנדיקן זון-אונטערגאַנג און דערזעלבער אויפגאַנג פון דער בלאַסער לבֿנה, אַלץ מיט דערזעלבער שיינקייט ווי אַמאָל, נאָר דאָ איז נישטאָ שרהלע...

איינמאָל, בעת אַזאַ אַרומוואַגלען איבער די פעלדער, ווען ער האָט ווידער געטראַכט וועגן שרהלען, האָט ער זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און אויסגערופן צו זיך אַליין: — און ווער זאָגט אַז זי איז נישטאָ? צי הייסט נישט אונדזער קינד שרהלע? צי האָב איך דעם קינד נישט אָנגעטאָן די מאַמעס קייטעלע מיטן מעדאַליאָן אײדער מען האָט עס גענומען אין שפּי־טאָל אַריין?

ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט וויפל רחמנות ער האָט קינדווייז געהאַט אויף יעקבֿ אָבֿינו, ווען ער האָט געלערנט דאָס שטיקל חומש ווי יעקבֿ באַוויינט יוסף הצדיק און ער געדענקט, אַז דער רבי האָט דעמלט געזאָגט, אַז יעקבֿ האָט נאָר דערפאַר אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך יוספ׳ן, ווייל יוסף האָט געלעבט, ווייל דאָס הארץ האָט אים געזאָגט אַז יוסף לעבט און איצט איז ער זיכער, אַז שרהלע לעבט און ער וועט נישט רוען, ביז ער וועט וויסן וואו זי געפינט זיך.

עס האָבן נאָך געפעלט בלויז עטלעכע טעג צום צוריק עפענען די שול, ווען ברוך האָט באַשלאָסן צו פאַרקויפן עטלעכע פון זיינע זאַכן און צו־נויפשטעלן אויף הוצאות צו קענען פאָרן קיין בוענאָס איירעס.

נאָך דעם זעלבן טאָג, ווען ער האָט געזאָגט דער באַלעבאָסטע פון שטוב וואָס ער וויל טאָן, האָבן שוין די עטלעכע יידישע פאַמיליעס פון שטעטל געוואוסט דערפון און אויף צומאָרגנס באַלד אינדערפרי האָט זיך צו אים געיאַוועט אַ דעלעגאַציע פון צוויי יידן פון שטעטל און צוויי קאָלאָניסטן, וואָס איינער פון זיי איז געווען ר׳ ירוחים, זילבערמאַנס שווער.

מען קאָן נישט וויסן, צי האָט ר׳ ירוחים, דער אַלטער קאָלאָניסט עפּעס פאַרגעזען, אָדער פאַרגעפילט, נאָר ער האָט ממש „איינגעלייגט וועלטן” אַז ברוך זאָל נישט פאָרן.

— ס׳טייטש? וואו איז דאָס אַזוינס געהערט געוואָרן? אַ לערער וואָס אַלע יידן דאָ טראָגן אים ממש אויף די הענט, אַלע האָבן אים ליב און אויך די קינדער האָבן אים ליב, מיין אייניקל יאַנקעלע, זאָל לעבן און געזונט זיין, רייסט זיך שוין פון קאָלאָניע און וואַרט מיט אומגעדולד עס זאָל זיך שוין עפענען די שול, זאָל אַ לערער נעמען עטלעכע טעג פאָרן אַהין און וועלן אַוועקפאָרן!... ניין און ניין! דאָס קאָן נישט און דאָס טאָר נישט געשען!...

אויך די אַנדערע יידן האָבן נישט געשוויגן; — ס׳טייטש ? ביז מיר האָבן זיך דערלעבט צו קענען האָבן דאָ אַ שול, ביז מיר האָבן אייך אַהער באַקומען און מיר זיינען צופרידן, ווילט איר אין דער לעצטער מינוט אוועק־פאָרן און צונישט מאַכן דאָס וואָס מיר האָבן מיט שווערער מי דערגרייכט ? און פאַרוואָס וויל ער אונדז פאַרלאָזן ? — יאָ, פאַרוואָס ? האָבן די אַנ־דערע אונטערגעכאַפּט; — עס מוז דאָך זיין אַ סבה, האָט ער צו אונדז עפּעס אַ טענה, זאָל ער זי ארויסלייגן ! . . .

ברוך האָט זיך געפילט אין קלעם. ביז היינט, האָט ער דאָ מיט קיי־נעם נישט גערעדט וועגן זיינע אינטימע ליידן. ער האָט זיך שוין אפילו געהאַט געגרייט זיך צו פאַרטרויען פאַר יוסף׳ן, אפשר וועט ער אים עפּעס קענען העלפן, אָבער פונקט דעמאָלט ווען ער האָט עס שוין געוואָלט טאָן, איז געשען דאָס אומגליק און איצט, זייענדיק אין קלעם, הערנדיק ווי אַלע ווילן דוקא וויסן פ אַ ר וו אָ ס ער וויל אוועק, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך איצט פאַר עמיצן פאַרטרויען.

נישט לייכט איז דאָס אים אָנגעקומען. ער איז געשטאַנען קעגן די יידן אזוי ווי אַ פאַרשולדיקטער און קוקנדיק פון איינעם אויפן אַנדערן, האָט ער ענדלעך ארויסגערעדט מיט אַ ציטערן אין זיין שטים:

— ליבע יידן . . . איך האָב צו אייך גאָרנישט און איך וויל זיכער נישט אַנטלויפן פון אייך . . . איר זייט מיר אַלע ליב און טייער און די קינ־דערלעך האָב איך אויך ליב . . . נאָר צי האָט איר נישט געזען, אַז איך ווער געפּלאָגט פון אַ פּיין וואָס לאָזט מיך נישט רוען ? . . .

ברוכ׳ס אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן, ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן.

די יידן האָבן זיך איבערגעקוקט איינער אויפן צווייטן: — אַ פּיין ? האָט איינער איבערגעחזרט ברוכ׳ס ווערט — אַ פּיין ? האָט אייך דאָ עמי־צער פוגע בכבוד געווען ?

ברוך האָט מער נישט געהאַט קיין אויסוועג: — חלילה ! . . . ער האָט געקוקט אויף די אָפּנהאַרציקע פּנימער פון די צוויי קאָלאָניסטן און איינ־געזאַפּט אין זיך די מאָנענדיקע בליקן פון די צוויי שטעטלדיקע קלייטני־קעס וואָס ווילן דוקא, אַז זייערע קינדערלעך זאָלן אין דער ווייטער אָפּגע־ריסנקייט פון יידישער סביבה, קענען לייענען און שרייבן יידיש און ער האָט זיך אונטערגעגעבן. — גוט. איך בלייב. אָבער, כדי איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך האָב גלאַט אַזוי, אָדער צוליב עפּעס אַ טענה צו אייך, גע־וואָלט אייך פאַרלאָזן, וועל איך ווענלן מיט אייך, ר׳ ירוחים עפּעס ריידן.

עס דריקט מיר אויפן הארץ אַ שווערער ווייטיק און איך פיל, אַז איך וועל זיך מוזן פאַר עמיצן אויסריידן...

און ברוך איז געבליבן און אויפסניי אָנגעהויבן די לימודים אין שול, אָבער עס האָט אים געוואונדערט, ווען ער האָט צווישן די קינדער נישט געזען זיין געראָטענעם שילער, יאַנקעלען.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט און זיך דערוואוסט, אַז פריער האָט דער פאָטער אים געבראַכט אין שול און היינט, די מוטער איז אליין אין קלייט, קאָן זי אים נישט ברענגען.

ברוך האָט ליב געהאַט יאַנקעלען. אַמליבסטן פון אַלע קינדער. ער האָט ליב געהאַט צו קוקן אויף יאַנקעלעס טיף־שווארצע פינקלדיקע איי־געלעך פון וועלכע עס האָט אַלעמאָל ארויסגעשיינט עפּעס אַ פראַגע און ער איז דאָך געווען דער בעסטער שילער און ווי מעג ער, אַלס יידישער לע־רער דערלאָזן, אַז דווקא דער בעסטער שילער זאָל ביי אים פעלן אין שול?

און ברוך האָט באַשלאָסן אליין צו גיין יעדן אינדערפרי און ברענגען דאָס קינד אין שול און דערנאָך אָפּפירן עס צוריק אַהיים. צו דער מאַמען.

:—:—:—:—:

חנהלע זילבערמאַן איז אין דערזעלבער וואָך פון איר מאַנס טויט, ערשט אַלט געוואָרן דריי און צוואַנציק יאָר.

די וואָך פון „שבעה”, האָט זי פאַרבראַכט מיט איר ווייטיק — אין קאַ־לאַניע, ביים פאָטער, צוזאַמען מיט איר קינד.

דער פאָטער מיט אירע צוויי ברידער האָבן געמוזט פאַרענדיקן די אַרבעט אויף די פעלדער; זי האָט געוואָלט, אַז אויך יאַנקעלע זאָל גיין מיט זיי, דאָרט, אויפן קאַמפּ, וועט זיך זיין יונג הערצל אפשר גיכער אויסהיילן פון דעם שווערן קלאַפּ וואָס ער האָט באַקומען, אָבער יאַנקעלע האָט נישט געוואָלט גיין. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ צווייט נידעריק בענקעלע, אַזוי ווי די מוטער און ער האָט פון אַ סידור ארויסגעלייענט און איינגעחזרט די שווערע ווערטער פון קדיש.

ווען די שבעה האָבן זיך געענדיקט, האָט ר' ירוחים געשפּאַנט די סולקי און זי צוריקגעפירט אין שטעטל. זי האָט אפילו נישט געוואָלט, אָבער ר' ירוחים האָט עס געפאָדערט. די קלייט האָט געגעבן גוטע פרנסה, קיין געלט איז נישט געבליבן, נאָר אַ היפּש ביסל חובות, ווי געוויינלעך אין די שטעטלעך נעבן קאָלאָניעס און איצט, באַלד נאָכן שניט, איז די צייט פון אויפמאָנען די חובות און מען טאָר עס נישט פאַרלאָזן און בכלל, דאָס „וואָס די ערד דעקט צו, דאָס מוז מען פאַרגעסן” און זי דאַרף ווייטער לעבן און זיין אַ מאַמע צו איר יתום.

צו באדינען די קלייט, איז ביי חנהלען נישט געווען קיין נייעס. פונקט אזוי ווי זי האט קינדווייז אלס קאלאניסטישע טאכטער צוגעהאלפן אין די ארבעטן אויפן קאמפ, אזוי האט זי נאך איר חתונה מיט יוסף'ן, ווען זיי האבן געעפנט די קלייט, אנגעהויבן מיטהעלפן אין געשעפט און זי האט זיך פאמעלעך אנגעהויבן צופאסן צו אירע נייע לעבנס-באדינגונגען.

זיכער האט זי די ערשטע צייט נאכן אומגליק איבערגעלעבט שווערע טעג און וואכן; חנהלע האט יוסף'ן זייער שטארק ליב געהאט און ער האט איר אויסגעפעלט אויף יעדן טריט און שריט, אבער יונג ווי זי איז געווען, כאטש די קלעכע יאר אין שטעטל האבן אויסגעבלייכט איר אפגעברענט פנים און אויסגעאיידלט איר גאנץ וועזן, איז זי אבער געווען א פול-בלוטי-קע קאלאניסטישע טאכטער און וויפיל צערטלעכקייט און ליבע זי האט נישט אפגעגעבן פאר איר איינציק יתומל, פאר יאנקעלען, האט זי דער-מיט אלץ נישט געקאנט אויסלאדענען איר גאנצן טעמפעראמענט און אי-רע בענקענישן נאך א מאן און ווי דער אויפגאנג פון א נייער זון איז פאר איר געווען, ווען ברוך איז צו איר, אין א געוויסן פרימארגן געקומען בעטן, אז ער וויל נעמען יאנקעלען אין שול אריין און אז ער וועט אים ברענגען אויך צוריק.

זי האט דעמלט גארנישט געטראכט, זי האט גארנישט פארגעזען, נאר עס איז איר גלאט גוט געווען וואס עס קומט אריין א יונגער מענטש וואס ווייזט זיך אזוי פריינטלעך צו איר קינד און ער וועט דאך צוליב יאנקעלען קומען צו איר צוויי מאל אין טאג, איז עס גוט, וואס זי וועט האבן מיט וועמען אויסצוריידן א ווארט...

אויך ברוך האט גארנישט געטראכט וועגן עפעס אנדערש, ווי נאר וועגן יאנקעלען, ער איז א וואויל ייִנגעלע מיט א שטארקן באגער צו לער-נען און מען דארף דאס קינד אפהיטן, אבער אים איז געווען גוט, ווען ער איז געקומען נאך זיין קליינעם תלמיד און ער האט דערווייל גערעדט א פאר ווערטער מיט חנהלען.

אזוי האט עס זיך אנגעהויבן און טעג זיינען געגאנגען. ברוך איז גע-קומען און געגומען יאנקעלען אין שול און וואס ווייטער, האט ער זיך ביים צוריקברענגען אים, פארהאלטן לענגער אין חנה'לעס קלייט, ביז אין איי-נעם א טאג, ווען ער איז געקומען מיט יאנקעלען פון שול, האט ער ביי חנהל'ען אין קלייט געטראפן איר פאטער, ר' ירוחימען.

ברוך האָט זיך שוין געהאַט פאַרטרויעט פאַר דעם קאָלאָניסט, ר׳ ירוחים האָט עס גענומען זייער ערנסט, ווייל אויב דאָס קינד לעבט, איז ווער ווייס אין וואָס פאַרא הענט עס געפינט זיך און מען קאָן עס חלילה אַפּשמדן און ער האָט טאַקע ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען איינער פון די שכנישע קאָלאָניסטן איז געפאָרן קיין בוענאָס איירעס, מיטגעגעבן אַ בריוו צום אימיגראַנטן־שוץ פאַריין. אין דעם בריוו האָט ער זיך פאַרו־פן אויף די פילע בריוו וואָס דער טאַטע פון קינד, וואָס איז היינט אַ לע־רער פון קאָלאָניסטישע קינדער, האָט שוין געשריבן צום צענטראַל־קאָ־מיטעט און ער האָט נישט באַקומען קיין ענטפער.

און אַט האָט ער ברוכ׳ן געבראַכט דעם ענטפער וואָס ער האָט באַ־קומען פון אימיגראַנטן־שוץ פאַריין, אַז זיי האָבן אינטערווענירט אין צענ־טראַל קאָמיטעט און עס וועט שוין באַשטימט ווערן אַ קאָמיסיע וואָס זאָל אָנהויבן אויספאָרשן דעם גאַנצן ענין.

דערווייל, האָט ר׳ ירוחים פאַרהאַלטן ברוכ׳ן צום מיטיק. חנהלע האָט דערלאַנגט צום טיש און זי האָט צו ברוכ׳ן געשמייכלט מיט פריינטלעכער דאַנקבאַרקייט און אין דעם טאָג איז ברוך געוואָרן היימיש אין דער דאָ־זיקער שטוב; עס איז אים דאָ גוט געווען און ער איז אָפטער געבליבן לענגער אין שטוב, ווען ער האָט געבראַכט יאַנקעלען און יאַנקעלע איז כסדר געלאָפן דאָ צי דער מאַמען און דאָ צו אים מיט זיינע פראַגן און אין אַ שטיקל צייט ארום איז ר׳ ירוחים ווידער געקומען. ער האָט אָנגעהויבן מיט דעם וואָס מען רעדט שוין אין שטעטל און נאָכן יאָר פון יוספ׳ס טויט, איז געפראַוועט געוואָרן די התונה פון ברוכ׳ן מיט דער יונגער אלמנה.

אויפן צווייטן יאָר האָט מען שוין געבראַכט אַ נייעם לערער און ברוך איז געבליבן מיט חנהלען אין קלייט; ער האָט זי פון טאָג צו טאָג ליבער באַקומען און זי וואָלט אים מיט איר ליבע און געטריישאַפט זיכער געקענט מאַכן פאַרגעסן אָן זיינע אַמאָליקע איבערלעבענישן, ווען נישט די פיין וואָס האָט געלאַסטעט אויף זיין געוויסן, אַז ער האָט איבערגעלאָזט שרח־לעס קינד אויף הפקר און ער ווייס אפילו נישט צי עס לעבט און וואו עס געפינט זיך.

ער איז אריין אין אַ ניי לעבן און ער וואָלט געווען גליקלעך, נאָר די אַלטע פיין האָט אים באַגלייט און ביי יעדער דערמאָנונג, האָט זי פאַר־שאָטנט זיין גליק.

ערשט אויפן דריטן יאָר, ווען ער איז אַליין געווען אין בוענאָס איי־

רעם און אָנגעהויבן נאָכפרעגן אין קאָמיטעט און אין אימיגראַנטן־שוץ, האָט מען אים דערקלערט, אַז מען האָט געפאָרשט און מען האָט אין קינ־דער־שפיטאָל פאַרזיכערט, אַז אין חודש יוני פון 1923, איז אַ קינד פון יידישע אימיגראַנטן דאָרט געשטאָרבן.

ער איז צוריקגעפאָרן אַהיים אין שטעטל און וויפיל ער האָט זיך באַמיט צו גלויבן אַז זיין קינד איז געשטאָרבן, האָט ער אַליץ נישט געהאַט די זיכערקייט אין דעם און עס זיינען פאַרגאַנגען נאָך דריי יאָר און כאָטש ער האָט שוין מיט הנהלען געהאַט צוויי קינדער, צוויי מעדעלעך שיינע ווי גאָלד, האָט ער אַליץ נישט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיין פאַרשוואונדן קינד און ביי יעדער דערמאָנונג, האָט אים אויפסניי אָנגעהויבן דריקן די פיין.

---

## י״ד

## קאנינג, אַנסע און פּאַטערנאָל

און די צייט איז ווייטער געפלאָסן, פאַרזעצנדיק די געשיכטע פון יידישן ישוב אין בוענאָס איירעס.

דער וויכטיקסטער האַנדלס-צענטער פון הורט געשעפטן וואָס האָט זיך פריער געפינען אין די צענטער-גאַסן נעענטער צום פּאָרט און הויפּט זאַך אויף דער גאַס רעקאָנקיסטאַ, וואו די אייגנטימער פון די ריזן געשעפטן זיינען צום גרויסן רוב געווען ספרדישע יידן, האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן פאַרלירן דעם גרויסן אָנזען, ווייל אַ זעקס קילאָמעטער טיפער אין שטאָט, אין דער געגנט ווייזשאַ קרעספּאָ, האָט זיך ארויסגעהויבן אַ גאַס מיטן נאָמען קאַנינג, וואָס האָט זייער שנעל געווינען דעם אָנזען פון אַ וויכטיקן האַנדלס צענטער פון קאָנפעקציאָן, וואָס באַווייזט אויף אַ שטוינענדיקן אופן צו קאָנקורירן מיט די ביליקסטע פּרייזן אויף קאָנפעקציע וואָס זיינען געווען באַקאַנט ביז היינט.

דער וואוקס פון קאַנינג אַלס האַנדלס-צענטער איז אָנגעגאַנגען מיט אַן איבעראַשנדיקער שנעלקייט און כמעט יעדן טאָג האָבן זיך געעפנט נייע קליינטן איז שוין נישט בלויז מיט קאָנפעקציע, נאָר מיט געשטריקטע אַרטיקלען, מיט „טעכידאָס דע פּונטאָ״, וועלכע די אייגנטימער פון די געשעפטן האָבן נאָך אַליין מיט האַנט-מאַשינען אויסגעאַרבעט, און אויך געשעפטן מיט גאַלאַנטעריע-אַרטיקלען זיינען אויסגעוואַקסן איבער נאַכט און יעדער סוחר פון שטאָט צי פון דער פּראָווינץ, האָט אויף קאַנינג געקאָנט באַקומען אַלץ וואָס ער האָט געברויכט איינקויפן פאַר זיין מסחר.

אַלטע קאָנפעקציאָניסטן, אייגנטימער פון ריזן-געשעפטן אין צענטער שטאָט, האָבן זיך געבראָכן די קעפּ און נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי אַז אַ די „גרינגאָס״ אויף קאַנינג קענען פאַרקויפן צייגענע און שטאָפענע אַנציגער, די זעלבע סחורות וואָס זיי אַליין אַרבעטן אויס, פאַר אַזעלכע ביליקע פּרייזן.

אַ סך פון זיי האָבן אפילו ספּעציעל איינגעקויפט אַנציגער אויף קאַ־

נינג און אָנגעהויבן פאַרשן און מאַכן קאַלקולאַציעס און נאָך אלע חשבונות האָבן זיי געמוזט פעסטשטעלן, אַז נישט אַנדערש, נאָר דאָס זיינען אַ באַנדע גנבים, באַנקראָטניקעס וואָס קויפן איין סחורות אויף קרעדיטן וואו נאָר עס לאָזט זיך און זיי פאַרקויפן מיט פרייזן אונטערן קאָסט און אַ ליאַדע טאָג וועט זיכער גאַנץ קאָנינג גיין געבראָכן און די קאָנקורענץ וועט פאַרשווינדן.

קאָנינג איז אָבער נישט געגאַנגען געבראָכן. די זשעני פון יידישע צושנײַדער האָט ביים צושנײַדן אַזוי מאַניפּולירט, אַז אנשטאָט די אָנגענומענע דריי מעטער שטאָף אויף אַן אנצוג, האָבן זיי באַוויזן מיט צוויי און אַ האַלב און אַמאָל מיט נאָך ווייניקער און אַ חוץ דעם, האָט זיך קאָנינג באַנוגנט מיט קליינע פאַרדינסטן, פאַרציענדיק בעסער דעם מאַסן־פאַרקויף און אנשטאָט באַנקראָטירן, איז קאָנינג כסדר געוואַקסן און כסדר איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל וואַרשטאַטן און היים־אַרבעטער וואָס האָבן אַרויסגענומען ריזיקע פּעק מיט צוגעשניטענע סחורות צום קאָנפעקציאָנירן; אַזעלכע היים־אַרבעטער האָבן נישט געוואוסט פון קיין אַרבעטס־שעה׳ן, זיי האָבן געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט און די ווייבער האָבן צוגעהאָלפן און אפילו די קינדער האָבן געהאָלפן ציען פאַסטריגעס אָדער אָנייען קנעפּלעך און די פּעק מיט די צעשניטענע סחורה זיינען געוואָרן צונויפגעגייט און אַט שטייט שוין אַ פּרעסער און פּרעסט און אַט טראָגט שוין דער היים־אַרבעטער אָפּ דעם גרויסן פּאַק מיט פאַרטיקע אַנצוגן און באַקומט באַלד אַן אַנדער פּאַק פאַר ווייטערדיקער אַרבעט.

די סוחרים אויף קאָנינג האָבן פאַמעלעך אויסגעלערנט די קונץ פון עקספּלאָטאַציע, כאָטש ווייניקער ווי די איינגעפונדעוועטע צענטער־סוחרים, דאָך האָבן זיי גענוג עקספּלאָטירט די היים־אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז די ווייבער און קינדער העלפן מיט און מען אַרבעט אַן אַ באַשטימטער צייט און עס האָט געהייסן, אַז זיי זיינען גרויסע פאַרדינער.

די היים־אַרבעטער ווידער, זעענדיק אַז אַרבעט איז פאַראַן איבערן קאָפּ, האָבן אָנגעהויבן אריינעמען געזעלן און לערן־יינגלעך צו אויסהילף און דער כסדרדיקער צופלוס פון אימיגראַנטן האָט דערמעגלעכט, אַז מען זאָל באַקומען גוטע אַרבעטס־הענט פאַר די ביליקסטע לוינען און די עקספּלאָטירטע היים־אַרבעטער זיינען אַליין געוואָרן עקספּלאָטירער און אַרבעטנדיק אויך אַליין, מיט דער צוהילף פון ווייב און קינדער און שפּאָרנדיק אַ סענט צו אַ סענט, האָבן זיי דאָס ערשטע זיך גענומען באַמיען איינצושאַפן פאַר זיך אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, כדי נישט צו דאַרפן ליידן

פון שכנים און פאר די ערשטע אפשפארונגען, האט מען זיך קודם איינגע־קויפט אין דער געגנט פאטערנאל א שטיקל ערד פאר א ביליקן פרייז און צום אויסצאלן און ווייטער אליין געהארעוועט און עקספלאטירט צי צוויי און צי דריי ארבעטער און ווייטער געשפארט, ביז מען האט זיך אויפגע־שטעלט א שטיבל און גליקלעך האבן זיך שוין אנגעהויבן פילן די הארע־פאשנע מענטשן, לעבנדיק און ארבעטנדיק אין זייערע אייגענע היימען.

פארשטייט זיך, אז דער אויסגעבעסערטער מצב איז נישט געווען פאר אלע היים־ארבעטער; שנעלער ארויפגעארבעט האבן זיך נאר די, וועלכע האבן שוין פון פריער געהאט דירות מיט מעגלעכקייטן איינצואר־דענען א שטיקל ווארשטאט, זאל זיין אפילו אין דעם איינעם וואוין־צימער, אבי עס איז נאר געווען פלאץ אוועקצושטעלן נאך א מאשין און ארייננע־מען א געזעלן פאר א ביליקן טאג־לוין. אגב, די וואס האבן נישט באוויזן אדער נישט געקאנט באצייטנס אויסנוצן די קאניוקטור, די איז שוין גע־ווארן א היפש ביסל שווערער דאס ארויפארבעטן זיך, ווייל צוליב געוויסע אימיגראציע־באשרענקונגען זיינען שוין אנגעקומען ווייניקער אימיגראנטן און די מער־ווייניקער אויסגעגרינטע האבן זיך מיט אימפעט אנגעהויבן ארגאניזירן און עס איז אויסגעוואקסן א „נאדל־ארבעטער פאריין" און א „שטריקער־ארבעטער פאריין" און א פאריין פון היטלמאכער און פונקט ווי דער סינדיקאט פון סטאליער־ארבעטער, וועלכע האבן דורך ארגאניזיר־טע אקציעס זיך דערהויבן צו זיין די בעסט־באצאלטע פאכלייט, אזוי האט־בן עס אויך אנגעהויבן טאן די ניי־ארגאניזירטע וואס האבן ארויסגעשטעלט פאדערונגען, ארגאניזירט שטרייקן און די טאג־צייטונג „די פרעסע" וואס האט געגאלטן אלס די ארבעטער־צייטונג, האט אפגעגעבן א פלאץ פאר נאטיצן און קאמוניקאטן פון די שטרייקער און מען האט זיך נישט אפגע־שטעלט פון קאטעווען שטרייקברעכער און ארויסשטעלן זיי דורך מעל־דונגען אין „די פרעסע" צום „שאנד־סלופ" און דאס האט משפיע געווען צו דערגרייכן העכערע ארבעטס־לוינען, וואס האבן אויף לפי שעה, פאר־לייכטערט דאס לעבן פון לוין־ארבעטער.

אט אזוי, זיינען געוואקסן די ארבעטער ארגאניזאציעס פאראלעל מיטן אויפשטייג פון קאמערציעלן און אינדוסטריעלן קאנינג און די שנייי־דער היים־ארבעטער וואס האבן שוין געהאט זייערע אייגענע שטיבלעך אין געגנט פאטערנאל און זיי האבן געהאלטן ארבעטער, האבן אויך גע־מוזט שטעלן פאדערונגען צו די באלעבאטים פון קאנינג און כאטש קאנינג האט מערסטנס געמוזט נאכגעבן, איז עס דערפון נישט ארימער געווארן..

כדי קעגנצואווירקן דער קאנקורענץ פון קאנינג, האבן זיך די ערשטע

געכאפט די צוויי ריזן־פירמעס פון ספרדישע יידן אין צענטור, בענבאפאד און טשאמי, אז מען דארף זיך קעגנשטעלן די קאנקורענץ אביסל נענטער, פנים אל פנים און זיי האבן געעפנט פיליאלן פון זייערע געשעפטן אויף דער העלפט וועג, צווישן רעקאנקיסטא און קאנינג, אויף דער גאס אזקוע־נאגא. די צוויי ריזן־פירמעס פון די ספרדישע יידן האבן אויך די ערשטע פארשטאנען, אז זיי מוזן אויסזוכן די אשכנזיש־יידישע צושניידער און אין די צוויי יידישע צייטונגען זיינען ארוים גרויסע אנאנסן אין וועלכע די יידישע סוחרים ווערן איינגעלאדן אין די ניי־דערעפנטע געשעפטן אין סאמע יידישן צענטר.

דער אנהויב איז געווען געמאכט און ווייל די צוויי פירמעס האבן באמת געשטעלט די ביליקסטע פרייזן און זייערע אויסארבעטונגען האבן געשמ׳ט אלס גוטע, האט זיך אויך אויף אזקוענאגא אנטוויקלט א שטאר־קער האנדלס־צענטר וואס האט זיך כסדר מער אויסגעברייטערט און מען האט דעם צענטר געקרוינט מיטן נאמען פון דעם גאנצן באצירק, וואס האט זיך גערופן „אנסע".

א געוויסע צייט האט אנגעהאלטן א שטארקע קאנקורענץ צווישן אנסע און קאנינג, אבער פאמעלעך האט זיך איינגעשטעלט א גלייכגעוויכט צווישן זיי, ווייל א דאנק דעם אנטוויקלטן האנדל, סיי אין שטאט ווי אין די ווייטסטע פראווינץ־שטעט, האבןביידע צענטערס, סיי קאנינג ווי אנסע, דערגרייכט די ברכה פון קאמערציעלער שפע.

צווישן די אייגנטימער פון די גרויסע קלייטן און טאזשערן פון קאנ־פעקציע און שטריקעריי־אויסארבייטונגען אויף קאנינג און אויף די ארו־מיקע גאסן, געפינען זיך א היפש ביסל אימיגראנטן וואס זיינען געקומען מיט דער שיף „אטלאנטא".

זיי האבן שוין אין ארגענטינע „געפאקט און געמאזלט" און נאך יארן שווערע פראצע, האבן זיי כשר פארדינט זייער אויסגעבעסערטן עקאנא־מישן מצב.

בוקסבוים האט שוין לאנג באצאלט א גוטן אפטרעט־געלט די עט־לעכע שכנים וואס האבן געוואוינט אין דעם הויז וואו ער האט געהאט זיין קלייט און ער האט אויסגעהאקט ווענט און זיין קלייט פיר־פאך פאר־גרעסערט, אבער פאני ארבעט נאך אלץ מיט אים, זי זיצט ביי דער קאסע און האט דאס גאנצע געשעפט אויפן אויג.

און פונקט אזוי ווי בוקסבוים, וואס מיר זיינען באקאנט מיט זיין אמא־ליקער ארימער וואוינונג אין דעם קליינעם שטיבל וואו ער האט אויך גע־ארבעט און פאני האט געקאכט און אים געהאלפן אין דער ארבעט, און איד

נאָר-וואָס געקומענע חברטע גיטעלע האבער האָט זיך געשפּילט מיטן קינד, פּונקט אזוי האָבן אָנגעהויבן די מערסטע טייל פון קאַנינגער סוחרים און וואַרשטאַט-אייגנטימער און זיי האָבן כשר פאַרדינט זייערע אויסגע־בעסערטע לעבנס-באַדינגונגען.

נאָך מער האָבן זיי עס פאַרדינט, ווייל זיי האָבן זיך נישט פאַרכלים־ניעט מיט זייער בעסער לעבן, זיי האָבן זיך נישט פאַרשיכורט און נישט דערלאָזט אז זייער וואוילשטאַנד זאָל פאַרגיסן זייערע הערצער מיט שמאַלץ, נאָר זיי האָבן ווייטער געאַרבעט און נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר כלל-זאַכן און אַלס אקטיווע בויער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און אַלס מיט-קעמפער פאַר דער אויפהאַלטונג פון יידישן טעאַטער און פון דער יידישער קולטור און פאַר אַלץ וואָס איז יידיש! . . .

קאַנינג האָט באַקומען אַ שם צווישן יידישע אַרטיסטן און יידישע שול- און קולטור-טוער. אַ דאַנק זייער קומען אין יידישן טעאַטער אויף די בעסערע פּלעצער, זיינען די טמאים פון דאָרט אינגאַנצן פאַרטריבן גע־וואָרן און ווען אַן אַקטיאָר איז געגאַנגען פאַרקויפן בילעטן צו זיינס אַ בע־נעפיט, האָט ער אויף קאַנינג געפונען די וואַרימסטע באַציאונג און אויך אַ יידיש בוך האָט דאָרט געהאַט אַ גוטע מערכה און ווען אַ שרייבער-גאַסט איז געקומען פון אויסלאַנד, זיינען קאַנינגער סוחרים געווען פון די ערשטע, צו קומען הערן זיין וואָרט און זיי האָבן זיך אמבריייטהאַרציקסטן אָפּגע־רופן ביים העלפן אים אין זיין שליחות און אַזאַ שרייבער האָט דעמלט אויסגערופן: — אַז געבענטשט זאָלן זיין די יידן, וואָס אין דעם טאָג-טעג־לעכן קאַמף פאַר „קמח״, פאַרגעסן זיי אויך נישט צו קעמפן גלייכצייטיק פאַר „תורה״! . . .

נישט ווייניק פון די „אַטלאַנטאַ״-אימיגראַנטן האָבן אַ וויכטיקן חלק אין דעם שם-טוב וואָס קאַנינג האָט זיך דערוואָרבן! . . .

קאַנינג איז געוואָרן אַ מוסטער סיי פאַר דער באַלעבאַטיש-קאָמער־ציעלער געגנט „אָנסע״ און סיי פאַר דער גרויסער יידישער אַרבעטער-גע־גנט „פאַטערנאַל״.

# מ"ך

## משה זשאַרלאָווסקי און מיכל קליין

אברהם (אבראשא) ווייסבלאַט האָט שוין געפירט אַ פיין באַלעבאַטיש לעבן, אָבער אים האָט אַלץ געצויגן צו דער געדיכטער יידישער סביבה פון די קאַפע־קיבעצאַרניעס, וואו מען האָט גערעדט און געהערט ריידן וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר סיי אין דער וועלט־פּאָליטיק בכלל, ווי אין יידישן לעבן איבעראַל און אין בוענאָס איירעס בפרט.

דער קאַפע „קיאָטאָ" נעבן „די פרעסע" איז אַלעמאָל געווען פול געפּאַקט און אין דעם געדיכטן רויך פון ציגאַרן, זיינען געלופטערט געוואָרן אַלע פּאַרטיי־ענינים און אַלע פּלענער און אויפטוען אויף די געביטן פון דער אַרגענטינער יידישער קולטור־טעטיקייט, ליטעראַטור, טעאַטער און סינדיקאַלע פראַגן.

אין יעדער שעה פון טאָג, וואָס האָט אין דעם קאַפע אָנגעהאַלטן פון אַכט אַזייגער אינדערפרי ביז דריי אַזייגער פאַרטאָג, האָט מען דאָרט געטראָפן די אייביקע „עשרה בטלנים" וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַלע ריכטונגען און זיי האָבן זיך גרופּירט, יעדע ריכטונג ביי אַן אַנדער טישל און יעדעס טישל האָט צו זיך צוגעצויגן קעמפער און סימפּאַטיזירער פון די באַשטימטע אידעאָלאָגיעס.

די אַרומגעזאַמלטע ביי איין טישל, האָבן געקוקט מיט רוגזה צו די אַנדערע טישלעך, פון וועלכע מען האָט זיי אָפּגעצאָלט מיט די זעלבע בייזע ברוגזע בליקן.

אויך די שרייבער האָבן דאָרט פאַרנומען זייערע באַזונדערע טישלעך. ביי איין טישל זיינען געזעסן די לינקיסטישע ה. בלאָשטיין, יעקב פּלאַפּאַן, יעקב איינזשטיין און י. לינקאָווסקי און זיי האָבן געפּלאַנט ווי אַזוי „דורכצופירן די רעוואָלוציע" אין דער יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק אין אַרגענטינע. דער אָנהויב איז שוין געווען געמאַכט; זייער אויסגאַבע „דער רויטער שטערן", האָט שוין דערגרייכט אַ היפּשע פאַרשפּרייטונג.

ביי אַ צווייטן טישל זיצן שרייבער פון „די פרעסע", וועלכע כאַפּן זיך

כסדר אריין פון דער רעדאקציע אין קאפע „אויף א קאווע־לע" און דערווייל כאפט מען א שמועס און מען געפינט אין איינוועגס א טעמע פאר אן ארטיקל, א פעליעטאן אדער לכל הפחות א קיבעץ, א וויץ, וואס וועט טויגן פאר „אמכא", פאר דער זונטיקדיקער הומאריסטישער זייט אין „די פרעסע".

אט זיצט פיניע קאץ, דער רעדאקטאר פון „די פרעסע" מיט א יונגיטשקן בחורל, ער זיצט מיט אים ווי א רבי מיט א תלמיד, דער רבי קוקט פאטערלעך אויפן תלמיד און דער תלמיד שלינגט מיט נייגעריקע בליקן יעדעס ווארט פון זיין רבין. דאס יונגע בלאס־אויסגעצערטע בחורל איז דער שרייבער־אנפאנגער בערעלע גרינבערג. ער שוועבט איצט אין די הויכע הימלען פון פרייד, וואס זיין ערשטע דערציילונג איז אפגעדרוקט געווארן מיט גאנץ קליינע קארעקטורן פון פיניע קאץ.

עס קומט אריין יעקב באטאשאנסקי. אלע קוקן זיך אום. פון מאנכע טישלעך ווארפט מען אים צו בייזע בליקן און פון מאנכע טראגט מען אים אקעגן ווארימע באגריסונגען.

באטאשאנסקי, דער אמאליקער אנאנימער „יענקעלע גיבאלעס", האט זיך שוין גוט איינגעפונדעוועט אין דער ארגענטינער יידישער ליטעראטור און זשורנאליסטיק, נאר זיין ברוזנדיקער טעמפעראמענט ווארפט אים כסדר אריין אין פארשידענע געזעלשאפטלעכע און פארטייאישע מחלוקת׳ן און זיינע לייענער טיילן זיך אלעמאל אויף פריינט־אנהענגער און קעגנערישע שונאים.

אט איז אריינגעקומען משה דוד גיסער און האט דורכגעבויערט זיין תמימותדיק־קינדישן בליק דורך דעם דיקן רויך־וואלקן, ביז ער האט דערזען פיניע קאץ און ער איז צו צו אים מיט א צעשמייכלט פנים.

עס קומט אריין ש. פריילעך, א קליין דאר נפשל וואס ווארפט אין אלע זייטן זיינע שפיציקע בליקן, ווי ער וואלט געזוכט דעם אבסערוואציע־פונקט וואס קאן אים געבן א טעמע פאר זיינע געלונגענע פעליעטאניסטישע קיביצן.

אט באווייזט זיך מענדל פשעפיורקע, דער לינקיסטישער זשורנאליסט וואס — „האט געמאכט אן „אפנויג", ער איז אוועק „זשורנאליסטעווען" אין דער נייער טאג־צייטונג „ארגענטינער טאג", וואס האט באדארפט זיין די אומפארטייאישע טאג־צייטונג צווישן די „פרעסע" און „צייטונג". נאר צום גליק, האט זיך ארויסגעוויזן, אז דא איז נישטא קיין פלאץ פאר פארעווע זשורנאליסטיק, אז דא דארף מען זיין מילכיק אדער פליישיק און

דער „טאג" איז אונטערגעגאנגען און ער, פשעפיורקע וועט זיך שלאגן „על חטא" און וועט צוריקומען צו אונדז!..."

אזוי האט מען ביי די לינקע טישלעך קאמענטירט פשעפיורקעס אריינ־קומען אין קאפע און פשעפיורקע האט זיך טאקע צוגעזעצט צום טיש וואו עס איז געזעסן בלאשטיין און לינקאווסקי.

ביי די טישלעך וואו עס זיינען געזעסן די סינדיקאלע טוער און שטריי־קנדיקע שטריקער־ארבעטער, זיינען אנגעגאנגען לעבהאפטע דיסקוסיעס.

ביי איין טיש, האט אן אויסגעדארטער, ממש הויט־און־ביין בלאסער „סינדיקאליסט" געשטורעמט: — ווען די אלע געלטער וואס ווערן פאר־וועגדעט פאר פילאנטראפישע צוועקן, וואלטן בעסער פארוועגדעט געווארן אויף פראפאגאנדע פאר די וועלט־באפרייערישע אידעאלן, וואלטן נישט געווען קיין ארימע וואס זאלן דארפן אנקומען צו דער פילאנטראפיע!...

א צווייטער האט אויסגערופן: — וואס איז דען די פילאנטראפיע? דאס איז דאך נישט מער ווי א דערפינדונג פון קאפיטאליזם וואס וויל דערמיט בארואיקן זיין רויבערישן געוויסן!...

— „די חברה קדישא דרוקט איצט אויפרופן, אז אלע יידן דארפן ווערן מיטגלידער און דער יידישער שפיטאל הויבט אן א קאמפיין אויף צו בויען א צווייטן פאוועלאן; מען זארגט נאר פאר די טויטע און פאר די קראנקע און פאר די געזונטע ווערט גארנישט געטאן! ווער דארף טראכטן וועגן טויט און ווער דארף א שפ..."

אזוי האט זיך געהיצט א יונגער אויסגעצערטער בחור מיט א צעשוי־בערטן קאפ האר, מיט א פארשוויצטן פנים און ווילד־ברענענדיקע שפי־זיקע בליקן, נאר אינמיטן ריידן האט אים א פארקוועטש געטאן אונטערן הארצן און ער האט פלוצים פארווארפן מיטן קאפ און אוועקגעפאלן אין חלשות.

א סומאטאכע אין „קיאטא", עס ווערן אפגעווישט די גרעניצן צווישן ריכטונגען, אלע שפרינגען אויף פון די בענקלעך און שטויסן זיך צו צו דעם פארחלושטן, מען גיט עצות, מען שרייט און מען בעט אלקאהאל, אבער דער פארחלושטער עפנט אלץ נישט די אויגן און מען באשליסט אויף שנעל אז מען מוז אים כאפן אויף אן אויטא און אפפירן אין יידישן שפי־טאל.

ווען מען פירט אוועק דעם קראנקן און עס בארואיקט זיך אביסל און מען זעצט זיך צוריק אום ביי די טישלעך, כאפט זיך דער קעלנער, אז עטלעכע געסט האבן דערווייל אויסגענוצט די סומאטאכע און אויסגעוועון די צייט, נישט באצאלנדיג פאר די קאוועס...

אברהם ווייסבלאַט האָט שוין לאַנג אויפגעהערט אַרומגיין מיט דעם רענצעלע מיט די פאַנטאַזי־אַרטיקלען; ווי נאָר ער האָט געהאַט אָפּגע־שפּאָרט אַביסל געלט, האָט ער געשלאָסן אַ שותּפות מיט אַ גוטן וועבער און זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ קליין פאַבריקל אַנהויבנדיק מיט איין מע־כאַנישן וועב־שטול און באַלד, אַ דאַנק אַ הלוואה אין פאָלקס־באַנק, איז צוגעקומען אַ צווייטער וועב שטול און אַ דאַנק דער כּסדרדיקער אַנשטרענ־גונג פון ביידע שותּפים, איז די פאַבריק געוואַקסן און זיך כּסדר פאַרגרע־סערט.

די פאַבריק האָט ווייסבלאַט געהאַט אין געגנט פון קאַנינג און ער איז אָפט געקומען אין קאָנטאַקט מיט קאַנינגער סוחרים און איבערהויפּט מיט זיינע שיף־ברידער פון דער „אַטלאַנטאַ", אין וועמענס געזעלשאַפט עס זיינען אויפגעמישט געוואָרן די בלעטלעך געשיכטע פון אָנקומען קיין אַרגענטינע און וועגן די ערשטע שווערע שריט. מיט די קאַנינגער האָט ער אויך זייער פיל גערעדט און דיסקוטירט וועגן געזעלשאַפטלעכע פראַגן, אָבער דאָס איז פאַר אים געווען ווייניק; ער האָט געוואָלט הערן געזעל־שאַפטלעכע און קולטור־נייעסן פון דער ערשטער קוועלע, פון די וואָס אָריענטירן אין די פראַגן און דאָס זיינען די יידישע שרייבער און כּדי צו הערן זייער וואָרט און די דיסקוסיע וואָס דאָס וואָרט רופט אַרויס, האָט ער גאַנץ אָפט אויסגענוצט אַביסל פרייע צייט און זיך אַריינגעכאַפּט אין „קיאָסקאָ", אָדער אין „אינטערנאַציאָנאַל", אַ יידישער רעסטאָראַן וואָס האָט געהערט צו ליאָוואַ פאַלעי און האָט זיך געפונען פונקט אַקעגנאיבער „די יידישע צייטונג", און די מיטאַרבעטער האָבן דאָרט איינגעאָרדנט זייער אייגענע קיבעצאַרניע.

איינמאָל, בעת ווייסבלאַט איז געזעסן אין „קיאָסקאָ" נעבן פענסטער צו דער גאַס, האָט ער באַמערקט, ווי אַן אָפּגעריסענער יונג מיט אַן אויס־געבלייכט פּנים און מיט אַ צעשויבערטער רויטער טשופּרינע קוקט אַריין צו אים.

זען אַרומדרייען אַזאַ אָפּגעריסענעם נעבן „קיאָסקאָ", איז נישט געווען קיין נייעס, נאָר אָט דער דאָזיקער, האָט אַזוי צודרינגלעך אַריינגעקוקט צו ווייסבלאַטן, אַז ווייסבלאַט האָט געזען אַז ער וויל צו אים אַריינגיין, נאָר ער איז נישט גענוג דרייסט אין דעם הולך אַריינצוגיין אין קאַפע.

ווען ווייסבלאַט איז אַרויס פון קאַפע, איז דער יונג צו אים צוגעקומען:

— בוינעס טאַרדעס, אַבראַשאַ; איך זע, אַז איר דערקענט מיך נישט, איך זע היינט שלעכט אויס, ערשט אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל... איך בין משה זשאַרלאָווסקי, אייער שיף־ברודער...

ערשט איצט האָט אים ווייסבלאַט דערקענט און ער האָט זיך דער־מאָנט אָן דעם „זולל וסובה" ווי אַלע האָבן אים גערופן אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ".

ער איז מיט אים אַוועק אַקעגנאיבער, אין באַר „אַמעריקע", ראכמיל באַרנשטיינס דעמלט באַרימטער רעסטאָראַן און קודם פאַר אים באַשטעלט עפּעס אָפּצועסן.

ווי אַ הונגעריקער וואָלף האָט זשאַרלאָווסקי אָפּגערוימט איין טעלער נאָכן צווייטן און יעדעסמאָל, ביז דער קעלנער האָט אים אונטערגעטראָגן אַ פרישע פּאָרציע, האָט ער דערווייל דערציילט וועגן זיינע איבערלעבע־נישן אין משך פון די עטלעכע יאָר:

— דו געדענקסט אפשר, אַבראַשאַ, ווען איך בין צוזאַמען מיט מיכ־לען, דעם שאָקאָלאַדניק, אַרויסגעפאָרן קיין ענטרע־ריאָס אויף „קאָסע־טשע"? נו, האָט די קאָסעטשע „פּראַקאַסירט" און מיר זיינען דאָרט גע־בליבן שטעקן אויף געהאַקטע צרות.

מיר האָבן דאָרט געטראָפן אונדזער שיף־ברודער דוד פעלצמאַן, דעם דענטיסט, אָבער וואָס האָט ער אונדז געקאָנט העלפן, אַז ער אליין איז געווען אויף גרויסע צרות. אויף הוצאות צי קענען צוריקומען קיין בוענאָס איירעס, האָבן מיר נישט געהאַט, הונגעריק זיינען מיר געווען, האָבן מיר דאָרט געמוזט ארבעטן ביי אַ קאָלאָניסט פאַר דעם בלויזן עסן און אַ נאַכט־לעגער אין אַ קעמערל, אָן אַ טיר, אויף „קאַטרעס" און אָן אַ צודעק...

מיכל האָט נישט לאַנג געליטן. דער קאָלאָניסט האָט זיך דערוואוסט, אַז מיכל ווייס די סודות ווי אַזוי צו פאַבריצירן שאָקאָלאַד און אַנדערע נאַש־וואַרג, האָט ער זיך דורכגעשריבן מיט זיין זון אין בוענאָס איירעס און דער זון האָט באַלד ארויסגעפאָדערט מיכלען, געמאַכט מיט אים אַ שותפות און געעפנט אַ שאָקאָלאַד־פאַבריק.

איך בין דאָרט געבליבן אויף צרות. איך האָב זיך שוין געוואָלט לאָזן גיין צופוס, נאָר מען האָט מיך געוואָרנט, אַז איך וועל ביז אַהער נישט דערגיין און איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף דער נייער קאָסעטשע, דאָס איז שוין געווען אַ געראָטענע קאָסעטשע, איך האָב פאַרדינט אַ פּאָר טאָלער, געבעטן ביים קאָלאָניסט דעם אַדרעס צו זיין זונס פאַבריק און איך בין געקומען.

מיכל האָט מיך אריינגענומען אַלס „פּעאָן" און אַלס „סערענאָ" אין פאַבריק. איך האָב באַדאַרפט צוקוקן ווי די פאַבריק וואַקסט פון טאָג צו טאָג, ווי עס קומען כסדר צו נייע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע און איך

האָב געמוזט שווער אַרבעטן און בלייבן שלאָפן אַ פאַרשלאָסענער אין פאַבריק און היטן די קאַסטנס מיט די שאָכטלען זיס-וואַרג...

די ערשטע צייט בין איך קראַנק געוואָרן פון עסן צופיל שאָקאָלאַד און דערנאָך, ווען מען גילט מיך אָפּ, האָב איך זיך מער נישט געוואָלט צו-ריירן צו די אַלע זיסע זאַכן...

אַ יאָר האָב איך געאַרבעט אין מיכלס שאָקאָלאַד-פאַבריק. אַ שווער יאָר. עס האָט מיך פאַרדראָסן; צוזאַמען זיינען מיר געקומען מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ", צוזאַמען געליטן אַ לאַנגע צייט און דאָ האָסטו; מיכל ווערט פון טאָג צו טאָג רייכער און איך דאַרף האָרעווען און דורך די נעכט ערשט אָפּהיטן זיין פאַרמעגן...

אַלס פּעאָן אין אַן אַנדערע פאַבריק, איז מיר געווען נאָך ערגער און איך בין אַוועק אין אַ דריטער און אַזוי האָב איך געוואַנדערט פון איין פאַבריק אין דער אַנדערער, געווען אויך אַ סך וואָכן אינגאַנצן אָן אַרבעט, געמוטשעט זיך, געהונגערט און דערנאָך בין איך קראַנק געוואָרן, אָפּגע-לעגן עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל און אַט, אַזוי בין איך אַרויס און אַזוי זע איך אויס אין אַמעריטשקע...

ווייסבלאַט האָט אים געדולדיק אויסגעהערט און כאָטש ער האָט דעם „זולל וסובה" נאָך געדענקט פון דער „אַטלאַנטאַ", האָט די אָפּגעריסנקייט און פאַרוואָרלאָזטקייט פון דעם יונג געוועקט זיין רחמנות און ער האָט אים געפרעגט מיט וואָס ער קאָן אים העלפן.

— מיט וואָס: קודם דאַרף איך האָבן אָפּצועסן און דערנאָך דאַרף איך האָבן אַ פּאָר גאַנצע הויזן, ווייל אַזוי, אין דעם הולך, וועט מיך קיינער נישט נעמען צו קיין אַרבעט און אויב דו קאָנסט עפּעס טאָן פאַר מיר, געבן מיר עפּעס אַן אַרבעט אָדער מיך רעקאָמענדירן צו עמיצן, וועל איך וויסן, אַז דו ביסט מיר אַ געטרייער שיף-ברודער...

ווייסבלאַט האָט אים געגעבן אַ צענערל, ער זאָל האָבן אויף אַ פּאָר הויזן און אויף אָפּצועסן און אים געהייסן קומען מאָרגן אין דער צייט, ער וועט צוטראַכטן, אפשר וועט ער קענען עפּעס טאָן פאַר אים. ער האָט באַ-צאָלט פאַר זשאַרלאָווסקים דרייפאַכן מאָלצייט, זיך געזעגנט מיט אים און אַוועק.

פאָרנדיק אַהיים, האָט ווייסבלאַט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן פאַר דעם שיף-ברודער. אויפן ערשטן מאָמענט איז אים איינגעפאַלן, אַז ער וואָלט אים אפשר גאָר ארייננענומען אַלס פּעאָן אָדער „סערענאָ" צו זיך אין פאַבריק, אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט זשאַרלאָווסקים טענות וועגן מיכל קליין און ער האָט באַרעכנט, אַז בעסער זאָל ער אים

האלטן פונדערוויטנס, און אפשר איז בעסער, אז ער זאל זיך שוין איג־גאנצן נישט ווייזן פאר אים...

פונדעסטוועגן, איז ער צומארגנס אוועק צו מיכל קליין אין פאבריק.

אן איבעראשטער איז ער געבליבן שטיין פאר דער געביידע פון דער פאבריק מיט דער גרויסער אין דער מויער איינגראווירטער פירמע: — „מיגעל קליין און קאמפאניע".

מיכל קליין האט זיך דערפרייט צו האבן ווייסבלאטן אלס גאסט, ער האט אים אויפגענומען אין זיין שיין־איינגעאָרדנטער „עסקריטאריא", באַשטעלט דורכן טעלעפאן קאפע און זעצנדיק זיך איינער קעגן אנדערן, איז ווייסבלאט באלד ארוים מיט לשון, אז ער איז געקומען וועגן משה זשאַר־לאַווסקי.

ניין. וועגן אים וויל קליין אפילו נישט וויסן. אויב ווייסבלאט פאדערט עס, קאן ער דעם זולל וסובה העלפן מיט א פאר טאלער, נאר זען וויל ער אים נישט מער...

א קעלנער האט אריינגעבראכט קאפע, און שטאט וועגן זשארלאַוו־סקין, האבן די צוויי שיף־ברידער אנגעהויבן דערמאנען אנדערע זאכן פון זייערע ערשטע צייטן אין בוענאס איירעס און מיכל האט דערציילט ווי אזוי ער האט אפגעשלאסן דאס געשעפט מיט א דאקטאר, א זון פון א יידישן קאלאניסט ביי וועמען ער האט געארבעט און ווי אזוי ער איז אן א סענט אין קעשענע, געווארן א פאבריקאנט, חתונה געהאט מיט א וואויל יידיש מיידל, א גרינע און — „איך האב שוין א זונדעלע און א צווייט קינד קומט נאך און דאנקען גאט, אבי ווייטער נישט ערגער..."

ער האט מכבד געווען ווייסבלאטן מיט א ציגארעט, אליין פארויכערט און אנגעהויבן אויספרעגן אויף די באקאנטע שיף־ברידער, ווער עס האט זיך ארויפגעארבעט און ווער עס האלט נאך ביים אנהויב און פלוצלינג, ווי ער וואלט זיך אן עפעס דערמאנט, פרעגט ער ווייסבלאטן:

— דו געדענקסט נאך אונדזער שיף־ברודער, דעם דענטיסט פעלצמאן? א, אויף אים איז א רחמנות. איך האב פון אים אנימלט באקומען א בריוו, שרייבט ער מיר, אז ער האט חתונה געהאט מיט א קאלאניסטס א טאכ־טער און ער באקלאגט זיך, אז זי איז אזא געזונטע און ער איז אזא שוואַ־כער, א צארטער און ער גלויבט נישט, אז זי זאל קענען מיט אים גליקלעך זיין. אגב, האט ער זיך דערוואוסט, אז זי האט זיך פריער געליבט מיט א זון פון א קאלאניסט און איצט, ווען זי איז שוואנגער, פרעסט אים דער וואַ־רים פון אייפערזוכט און פון צווייפל, צי האט נישט דער געזונטער קאַ־לאניסטישער זון עפעס א חלק אין איר שוואנגערשאפט... ער שרייבט

עס נישט אינגאַנצן אַרויס, אָבער מען פילט זיין אינפעריאָריטעט-קאָמ־פּלעקס און זיין פּיין אין יעדער שורה און עס איז באמת אַ רחמנות אויף דעם אינטעליגענטן צאַרטן מענטשן.

ווייסבלאַט האָט זיך דערמאָנט, אַז אויך פיינהאָלץ האָט פון פעלצמאַ־נען באַקומען אַזעלכע טרויעריקע בריוו און דערמאָנענדיק זיך אָן פיינ־האָלצן, איז אים איינגעפאַלן, אַז ער קאָן אפשר ביי אים עפּעס אויפטאָן פאַר זשאַרלאָווסקין.

ווייסבלאַט האָט זיך געזעגנט. קליין האָט אים דערלאַנגט צוואַנציק פעזעס פאַר דעם זולל וסובה און געראַטן ווייסבלאַטן, אַז ער זאָל זיך האַלטן וואָס ווייטער פון אים.

אין דעם זעלבן טאָג האָט ווייסבלאַט געקלונגען צו פיינהאָלצן און פיינהאָלץ האָט געענטפערט מיט אַ יאָ, ער קאָן אים צושיקן, עפּעס וועט ער שוין אויפטאָן פאַר דעם שיף-ברודער.

פאַרנאַכט האָט ער זשאַרלאָווסקין איבערגעגעבן די צוואַנציק פעזעס פון מיכל קליין און אים געגעבן דעם אַדרעס מיט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוול צו בערנאַרדאָ פיינהאָלץ, דעם שעף פון די מאַגאַזינען פון דער גרויסער אַפּטייק-פירמע.

די געשיכטע וואָס איז זיך פאַרלאָפן צווישן משה זשאַרלאָווסקי און בערנאַרדאָ פיינהאָלץ, איז געווען אַ קורצע, נאָר אַ שיינע...

פיינהאָלץ האָט אים געקויפט אַן אַנצוג, אויסגעקליידט אים און אַריינ־גענומען אים צוערשט אַלס „פעאָן" אין די מאַגאַזינען, און באַלד, נאָך עט־לעכע וואָכן, האָט ער אים געמאַכט פאַר „קאַפּאַטאַז", פאַר אויפזעער פון איין אָפּטיילונג און זשאַרלאָווסקי האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן וויסן פון אַ לעבן.

יעדן זונטיק האָט ער באַזוכט פיינהאָלצן אין זיין טשאַלעט אויסער דער שטאָט; מאַניושאַ, פיינהאָלצס „כאַווערטע" האָט וואַרים געשמייכלט און זיך באַמיט, אַז איר מאַנס שיפברודער זאָל זיך גוט פילן אַלס זייער גאַסט, עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, און זשאַרלאָווסקי האָט אָנ־געהויבן פעלן ביי דער אַרבעט. פיינהאָלץ האָט אים שוין עטלעכע מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אַז דאָס קאָן אַזוי נישט זיין, אָבער זשאַרלאָווסקי האָט זיך כסדר פאַרענטפערט, אַז ער האָט זיך געפילט זייער שלעכט און געמוזט בלייבן דעם האַלבן טאָג אין בעט.

צי ער האָט עפּעס אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן, צי איז עס טאַקע געווען אַזוי ווי פיינהאָלץ האָט דערנאָך דערציילט, דער עיקר איז, אַז אין אַ גע־ווייסן פרימאָרגן, ווען פיינהאָלץ איז געפאָרן אין זיין שיינעם אויטאָ פון

לעצמן מאָדעל אין צענטר אריין צו זיין אַרבעט, און זייענדיק שוין באַלד אין צענטער, האָט אים געכאַפּט אַ שטאַרקער קאָפּ־ווייטיק און ער האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן אַהיים.

אין גאָרטן, ביים אַריינגאַנג אין טשאַלעט, האָט ער געזען ליגן אומ־געלייגט אַ ביציקלעט, און אים האָט עפּעס אַ דריי געטאָן אין מוח און ער האָט שטיל אויפגעשלאָסן די טיר, אַריין, געגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן, מאַניושאַ איז נישטאָ. ביז ער איז אַריינגעקומען אין שלאָפצימער און דאָרט האָט ער געטראָפן זיין היים־געליבטע „כאַווערטע" אין געזעל־שאַפט פון זיין פּראָטעזשירטן שיף־ברודער, דעם רויט־האָריקן מגושמדיקן זשאַרלאַווסקי...

פיינהאַלץ איז געווען אַ מענטש פון שנעלן באַשלוס. בלויז עטלעכע סעקונדן איז ער געבליבן שטיין און געקוקט אויף דעם פּאָרל מיט גלעזערנע בליקן און באַלד האָט ער געגעבן דעם שטרענגן באַפעל: — נו, אָנגעטאָן זיך און לאָמיר גיין!...

מאַניושאַ האָט אָנגעהויבן שלוכצן, זי האָט געפּרואווט עפּעס זאָגן, אָבער פיינהאָלץ האָט זי מיט אַ שטרענגער אויפפאָדערונג שטיל־געמאַכט. — קיין פּיפּס! דאָ איז נישטאָ וואָס זיך צו פאַרענטפערן און דאָ איז נישטאָ וואָס צו ריידן!

הערנדיק אַז ער דאַרף זיך אָנטון און גיין, האָט זשאַרלאַווסקי שנעל אויף זיך אַרויפגעכאַפּט דעם אַנצוג און געוואָלט זיך אַרויסשאַרן פון שטוב, אָבער דאָ האָט זיך פיינהאָלץ אים געשטעלט אין וועג און מיט אַ רעוואָל־ווער אין האַנט האָט ער אים באַפוילן בלייבן.

— גיין, וועלן מיר צוזאַמען. איך האָב נישט געבראַכט אַ מיידל פון וואַרשע, אַז זי זאָל דאָ מוזן ווערן אַ גאַסן־פרוי. איך האָב זי געבראַכט פאַר מיר, אָבער נישט מיט אַ שותּף... איר וועט איצט פאָרן צוזאַמען מיט מיר אין „רעכיסטראָ ציוויל", איך וועל זיין אַן עדות און איר וועט אַרויס־נעמען אַ חתונה־ביכל.

ווען מאַניושאַ האָט געזען אַז עס העלפט נישט איר ספּאַזמירן, דאָס פּיסקל פון רעוואָלוווער צילט זיך כסדר דאָ צו זשאַרלאַווסקין און דאָ קעגן איר, האָט זי זיך גענומען איילן און עטלעכע מינוט שפּעטער, ווען זשאַר־לאַווסקי מיט מאַניושאַ זיינען אַרויס פון רעגיסטער אַלס געזעצלעכע מאַן און פרוי, האָט פיינהאָלץ איבערגעגעבן מאַניושאַן די שליסלען פון טשאַ־לעט און איר געזאָגט, אַז דער טשאַלעט מיט דער גאַנצער באַלעבאַטיש־קייט, מיט דער פּיאַנאָ, גיט ער זיי אַלס „דרשה געשאַנק" און אויב זשאַר־לאַווסקי וויל, קאָן ער ווייטער קומען צו דער אַרבעט און דאָס זאָגנדיק,

איז ער אריין אין זיין אויטאָ און זיך געלאָזן אין שנעלן לויף לענגאויס די גאַס, צום צענטער־שטאָט.

זשאַרלאַווסקי איז צו דער אַרבעט מער נישט געקומען און פיינהאַלץ האָט זיך מער נישט געוואָלט אינטערעסירן נישט מיטן טשאַלעט און נישט מיט מאַניושאַן, זיין אויסדערוויילט מיידל וואָס ער האָט אַזויפיל געקעמפט ביז ער האָט זי אַריבערגעבראַכט פון וואַרשע צו אַזאַ צוגעגרייטן וואויל־טאָג...

## סוף פון דריטן טייל.



# אַן אימפּאָזאַנטע געבורטס־טאָג פייערונג

יאָרן זײַנען געגאַנגען און בוענאָס איירעס איז כסדר געוואַקסן נישט בלויז אין דער ברייט דורכן פאַרנעמען מער שטח, נאָר אויך אין דער הויך.

אַ סך גאַסן אין צענטער שטאָט און אויך ווייטער פון צענטער, זײַנען ממש נישט געווען צום דערקענען.

ווי איבער נאַכט זײַנען פאַרשוואונדן די נידעריקע אַלצאייניק־אוים־זעענדיקע שטיבלעך מיט דעם טויער און סאַלע־פענסטער פון פראָנט און אויף זייערע פּלעצער זײַנען אויסגעוואַקסן הויכע זעקס און אַכט־שטאָקיקע מאָדערנע בנינים מיט שיינע באַלקאָנען און מיט גלאַנצנדיקע מאַרמאָרענע פאַרפּיצונגען ביז צום ערשטן שטאָק.

1933 האָבן אָנגעהויבן קומען דייטשע יידן, רייכע סוחרים און אינדוסטריאַלן און נישט ווייניק פון זיי האָבן געהאַט געלט אויך אין אויסלענדישע בענק און זיי זײַנען געקומען מיט היפּשע פאַרמעגנס און זיך אָנגעהויבן דאָ אײַנאָרדענען אויף זייער אַלט־היימישן רייכן שטייגער, זיי האָבן געבויט הייזער, פאַבריקן און געעפנט גרויסע געשעפטן.

זיי האָבן אײַנגעאָרדנט זייערע פאַבריקן און געשעפטן אויפן אַלט־היימישן סאָלידן שטייגער; זיי האָבן ליב באַקומען די שיינע און פרייע אַרגענטינע און די דייטש־יידישע פרויען און פרייילינס, האָבן אין די צענטער־גאַסן און אין די גרויסע קאָנפיטעריעס, געדינט אַלס מוסטערן פון מיטל־אייראָפּעאישער עלעגאַנץ און פיינע מאַנירן.

מאַנכע דייטשע יידן האָבן זיך באַזעצט אין שיין־אויסגעבויטע טשאַלעטן אויסער דער שטאָט. עס זײַנען אויך אויסגעוואַקסן גרויסע, מאָדערנע פּענסיאָן־הייזער מיט שווים־באַסיינען, אָבער קיין איינער פון די ניי־אויסגעבויטע טשאַלעטן האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלײַכן צו דעם ריזן־פּאַלאַץ, די רעזידענץ פון דער אַריסטאָקראַטישער קאַטוילישער פאַמיליע אַרעוואַלאָ.

דער פּאַלאַץ פון די אַרעוואַלאָס האָט פאַרנומען אַ ריזן שטח באַדן וואָס האָט זיך געצויגן פון דער פּראַנט-גאַס, ביז טיף צום לאַ-פּלאַטאַ-טייל, וואו עס האָט זיך געפונען אַ פיינע זאַמדיקע פּליאַזשע וואָס האָט געהערט צום אייגנטימער פון דער רעזידענץ.

דער גאַרטן איז אַלעמאָל געווען גוט געפלעגט פון געניטע גערטנער און עס האָבן זיך פון דאָרט ארויסגעזען אַזעלכע פאַרשידן-אַרטיקע בלומען און געוויקסן, אַז ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַ גוט אָפּגעהיטענער באָטאַנישער גאַרטן.

די רעזידענץ איז באַשטאַנען פון עטלעכע בנינים, מיט איין הויפּט-בנין פון עטלעכע שטאָקן, אין וועלכן עס האָבן זיך געפינען רייך-אויסגע-שטאַטעטע רייזיקע סאַלאָנען און שפּייזע-זאַלן און אויף די זייטיקע פליגל אינדערהויך — די שלאָפצימערן.

דער הויכער אויסגעבוימטער פּלויט מיט אייזערנע שטאַכייטן און דער ברייטער אייזערנער, מיט בראָנז-באַצירטער איינפאָר-טויער, האָט צוגע-צויגן די אויפמערקזאַמקייט פון יעדן פאַרבייגייער, וואָס האָט זיך אָפּגע-שטעלט און אריינגעקוקט אין דעם פּאַלאַץ און באַוואונדערט די הויך-גע-פלעגטע בוימער וואָס שטייען אין סעמעטרישע ליניעס און לאָזן פּלאַץ פאַר די לענג-אויס זיך ציענדיקע גאַרטן-אַלעען.

די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע אַרעוואַלאָ האָט זיך געגרויסט מיט איר שפּאַניש-קאַטוילישן יחוס. די פאַמיליע איז געווען אַ גרויסע, אָבער מיט יעדן דור, זיינען זיי געוואָרן ווייניקער און ווייניקער, ביז דאָס איצטי-קע פּאָרל, אַלפאָנסאָ אַרעוואַלאָ, זיין פרוי — סולעמאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַ-לאָ און זייער איינציק טעכטערל — סאַראַ ראָקאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאָ, זיינען געבליבן די איינציקע יורשים פון די ריזיקע אייגנטומער אין נאָענטע און ווייטע אַרגענטינער פּראָווינץ-שטעט און טעריטאָריעס, מיט דער לוק-סוס-רייכער וואוין-רעזידענץ נאָנט פון דער הויפּטשטאָט, צווישן אָליוואָס און מאַרטינעז.

זייט עטלעכע טעג, גייען אין דעם פּאַלאַץ אָן אויסערגעוויינלעכע צו-גרייטונגען.

צו די שטענדיקע גערטנער האָבן זיך פּלוצלינג געיאַוועט עטלעכע אויסהעלפער, די שכנים האָבן געזען אריינפאָרן אין דעם ברייטן טויער לאַסט-וועגענער מיט געהילץ און סטאָלעריי-מכשירים, מען האָט געזען אריינגיין יונגע מענטשן אין בלויע אַרבעטער-„מאָמעלוקעס", טראַגנדיק אָנגעהאָנגען אויף די אַקסלען דיקע רעדלעך דראָטן פאַר עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס און נייגעריקע שכנים האָבן זיך ביי דעם מילך-צעפירער

דערוואוסט, אַז דאָס גרייט זיך אין דער רעזידענץ צו פּראַווען דעם פּופּצענטן „קומפּלע-אַניאָס״ פון די הערשאַפטנס איינציקע טעכטערל, די שיינע גאָלד-בלאָנדע סאַריטאַ.

צוויי וואָכן צייט האָבן אָנגעהאַלטן די צוגרייטונגען צו דער גרויסער פייערונג.

סטאָליאַרעס האָבן געזעגט און געהובלט און צענויפגעשלאָגן פאַרשידענע ברעטער און לייסטן; עלעקטריציסטן האָבן געצויגן קאַבלען באַהאַנגענע מיט פאַרשידן-קאָלירנדיקע עלעקטרישע לעמפּלעך און צוגעפּעסטיקט צו די הויכע בוימער גרויסע הויך-ריידער; אין דעם ריזן-סאַלאָן פון דעם נידעריקן ווינטער-פּאַלאַץ, מיט די ווענט פון גרויסע געשליפענע קריסטאַלן, וואָס איז געשטאַנען טיף אין גאָרטן, אין הינטערגרונט פון פּאַלאַץ, האָבן זיך געדרייט צוויי אינזשענירן מיט געצייכנטע פּלענער אין די הענט און זיי האָבן קאָמאַנדעווועט מיט עטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן שוין געהאַט צעגראָבן אַ גרויס ראָד אַרום דעם צענטער פון סאַלאָן, אָנווייזנדיק זיי, וואָס זיי האָבן ווייטער צו טאָן און די צאָלרייכע דינערשאַפט פון דער רעזידענץ, וואָס איז איצט נאָך באַדייטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן, איז געווען פאַרנומען אין דער פראָנט-געביידע, אין דעם גרויסן טאַנץ-זאַל, וואו זיי האָבן געפּוצט די שווער-אַראָפּהענגענדיקע קריסטאַלן פון די גרויסע הענג-לאָמפּן און זשיראַנדאָלן און שנעל האָבן זיי אָפּגעלאָזט די אַרבעט און זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייען, פאָרמירנדיק אַ שפּאַליער, ווען איר הערשאַפט, די סעניאָראַ סולעמאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאָ האָט זיך באַוויזן אויף אַן אינספּעקציע, זען, צי ווערט אַלעס געטאָן צו איר צופרידנהייט.

פיבערהאַפטער ווי אַלע טעג, איז צוגעגאַנגען די אַרבעט אין לעצטן טאָג. אין ווינטער-פּאַלאַץ, שוין אָן אַרבעטער, האָבן די אינזשענירן אַליין געשוויצט מאַכנדיק פאַרשידענע קאָרעקטורן אין די אינסטאַלאַציעס פאַר בעסערן דעם עסטעטישן געשמאַק און אין טאַנץ-זאַל פון דער פראָנט-געביידע, האָבן דעקאָראַטאָרן געמייסטרעוועט ביי דער אויסשטאַפּונג פון דעם „טראָן״ פאַר דער קעניגין פון דער היינטיקער פייערונג, צו וועלכן עס האָבן אַרויפגעפירט שיין-טאַפּעצירטע טרעפּ.

אין משך פון גאַנצן טאָג איז דער ברייטער איינפאַר-טויער געשטאַנען אָפן און פאַרשידענע לאַסט-אויטאָס זיינען געפאָרן אַריין און אַרויס; דאָס האָבן זיי געבראַכט די פּראָדוקטן פון די גרעסטע קאָלאָניאַל-געשעפטן און קאָנפיטעריעס און אַ מענגע פון קוכערס אין ווייסע פאַרטעכער מיט די הויכע ווייסע קוכער-היטלען, האָבן זיך געפּאָרעט ביי די גרויסע לאַנגע טישן אין אַ זייטיקן לאַנגן גאַלפּאָן-אַרטיקן זאַל נעבן דער קיך, צוגרייטנ-

דיק מיט אַ סך ראַפינעריע און קענטעניש די אַנגעבראַכטע פאַרשידענע שפּייז־אַרטיקלען.

שוין פאַרנאַכט־צו, האָבן דינער געשוויצט ביים שלעפּן גרויסע פּעק דיוואַנעס, וועלכע זיי האָבן גענומען צעוויקלען און שפּרייטן איבער דעם וועג פון די טרעפּ וואָס האָבן אַראָפּגעפירט אין הינטער־גרונט פון טאַנץ־זאַל אין דער פראָנט־געביידע, לענג־אויס אינדערמיט גאָרטן, ביז צום אַריינגאַנג אין דעם גלעזערנעם ווינטער־פּאַלאַץ.

אין דער צייט, האָבן שוין אָנגעהויבן אָנקומען די קעלנער־אינסטרוקטאָרן און אויפזעער און באַלד נאָך זיי, האָבן אויך אָנגעהויבן אָנקומען די קעלנער.

זעכציק אין צאָל זיינען געווען די קעלנער, אַ חוץ די צען אינסטרוקטאָרן און אויפזעער און פאַר זיי איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ זאַל אין דער פראָנט־געביידע, וואו די קעלנער האָבן זיך אויסגעשטעלט ארום, אין אַוואַלער פאָרם, אַזוי ווי אַ פּאָדקאָווע און איינער פון די אינסטרוקטאָרן האָט זיי געגעבן אַ לעקציע וועגן זייערע אויפגאַבן און באַלד האָט אַ צווייטער אינסטרוקטאָר אָנגעהויבן איינטיילן די קעלנער־מאַנשאַפט אין גרופּעס, געפּרעגט צי אַלע האָבן מיטגענומען מיט זיך די צוגעגרייטע גאַרדעראָבן און אַ ווייַלע שפּעטער, זיינען דרייסיק פון זיי, מיט איין אינסטרוקטאָר און דריי אויפזעער אַוועק צום בנין פון דער דינערשאַפט נעבן דעם ווינטער־פּאַלאַץ, וואו עס איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אַ גאַרדעראָבע־זאַל צום איבערטאָן די קליידער.

די „פּאַטראָנא" פון דער רעזידענץ, סולעמאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאַ, אויף וועמענס פאַראָרדענונג עס איז דורכגעפירט געוואָרן דער קאָלאָסאַלער אַראַנזשימענט, האָט אַ גאַנצן טאָג אינספּעקציאָנירט דאָ דעם טאַנץ־זאַל, צוקוקנדיק ווי די דעקאָראַטאָרן אַרבעטן ארום דעם טראָן, מאַכנדיק זיי געוויסע באַמערקונגען; באַלד האָט זי זיך באַוויזן אין ווינטער־פּאַלאַץ, זי איז געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג צווישן די ברייט צעעפנטע טירן און געוואָרפן איר בליק אין אַלע זייטן, אויף איר בלאַסן פּנים האָט זיך געשפּרייט אַ צעפרידענער שמייכל, אָבער אויך דאָ האָט זי נישט פאַרפעלט צו מאַכן געוויסע באַמערקונגען צו די צוויי אינזשענירן און מיט זייערע טיפע פאַרנייגונגען האָבן זיי געענטפערט אַז זיי פאַרשטייען און נעמען אין אַכט און זיינען גרייט צו דינען...

פון ווינטער־פּאַלאַץ איז זי אַוועק אין דעם לאַנגן זאַל וואו די קוכערס מיט דער מיטהילף פון קעלנער האָבן פאַרגרייט די מאכלים און פון דאָרט איז זי אַריין אין קיך.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען די צוויי „פּייענעדאַראָס", די מאַ־ניקוּזשיסטקע און עטלעכע מאַדיסטינס האָבן געוואַרט אויף דער פּאַטראָ־נאַ אין איר בוּדזואַר, ווען סוּלעמאַ האָט ערשט פאַרענדיקט מיט אירע אינ־ספּעקציעס און פילנדיק זיך אַביסל מיד, איז זי אַריין אין איר שלאָפצימער, אַפּגערוקט די גאַרדינען פון ברייטן פענסטער און אַוועקגעזעצט זיך אָפּרוען.

דורכן פענסטער האָט זי געזען ווי די דינער שפּרייטן און פלאַסטערן אוים מיט טעפּיך דעם וועג פון טאַנץ־זאַל צום ווינטער־פּאַלאַץ און איר האַרץ האָט געפּאַכט פון פרייד און דערוואַרטונג אויף ביינאַכט, ווען די אַלע צוגרייטונגען וועלן דאַרפן באַווייזן דעם פינאַלן רעזולטאַט.

דאָס איז דאָך געווען זי, וואָס האָט צוגעגרייט אַט אָ די גראַנדיעזע פייערונג! דאָס האָט זי דאָך באַשלאָסן צו פייערן די „קוּמפּלע־אַניאָס" פאַר איר קינד אויף אַזאַ אופן, אַז סאַריטאַ זאָל עס געדענקען אויף איר גאַנצן לעבן! זי האָט דאָך גאַרנישט מער ווי דאָס איינציקע קינד, וואָס וועט דאַרפן פאַרזעצן איר לעבן און אויך ברענגען אַ נייעם דור וואָס זאָל ממשיך זיין דאָס לעבן פון די עלטערן און אוּר־עלטערן פון די מיחוסדיקע ראַוואָסאָנס און אַרעוואַלאָס! איר מאַן גיט זיך נישט אָפּ דערמיט און ער ווייס גאַרנישט וויפיל האָפענונג זי לייגט אויף דעם נייעם בלוט וואָס איז אַריינגעפלאָסן אין זייערע פאַמיליען־אָדערן... דאָס נייע בלוט וועט ברענגען דורות אויף דער וועלט, וואָס וועלן זיכער ליכטיק באַלייכטן דעם אָנדענק פון די ראַוואָסאָנס און די אַרעוואַלאָס, פון די אַמאָליקע און פון די לעצטע, וועמענס בלוטן זיינען שוין געוואָרן צו בלוי און זיי זיינען אַלע יונגערהייט פאַרשניטן געוואָרן... זי ווייס, אַז זי אַליין וועט אויך שוין נישט לאַנג דערציען; דאָס שטעכעניש אין איר רעכטער ברוסט חזרט זיך כסדר אי־בער און כסדר שטאַרקער, מיט פילבאַרערן ווייטיק און זי ווייס, אַז ביי איר שוועסטער האָט עס זיך אויך אַזוי אָנגעהויבן און נאָך צוויי יאָר, איז זי שוין נישט געווען...

זי האָט געוואָרפן אַ בליק צום ווינטער־פּאַלאַץ און זי האָט זיך צע־שמייכלט.

דער דיוואַן איז שוין געווען אויסגעלייגט ביז אַהין און די דינער האָבן אים געהאַלטן אין אויסגלייכן, אָנציען און פאַרפעסטיקן אויף די מאַרמאָר־טרעפּ ביז צום אַריינגאַנג.

— באַלד וועט עס זיך אָנגעהויבן. זי איז זיכער, אַז אַלע געסט וועלן איבעראַשט ווערן און עס טוט איר הנאה וואָס קיינער, קיינער פון די געסט וועט נישט וויסן און נישט קענען באַגרייפן, פונוואַנען זי האָט גענומען דעם איינפאַל, די אידייע, צו פראַווען איר קינדס געבורטס־טאָג אויף אַזאַ

עקזאַטישן אופן! דאָס איז איר סוד! איר שוועסטער און איר מאַנס צוויי ברידער וועלכע וואָלטן אויך געוואוסט דעם סוד, זיינען שוין טויט און איצט זיינען זיי בלויז דריי וואָס ווייסן, דאָס זיינען איר מאַן, דער אַלטער בי־שאָף, איר און איר קינדס טויף־פאַטער און זי...

איר קאַמער־מיידל האָט לייכט אַנגעקלאַפּט אין טיר און זי דערמאָנט אַז עס איז שוין שפּעט און זי איז שווערלעך אויפגעשטאַנען, האַלטנדיק די האַנט אויף דער רעכטער ברוסט און זי איז אַריין אין איר בודואַר און וועקזיצנדיק זיך אין שטול קעגן דעם גרויסן אין בראָנז־געראַמטן שפּיגל, האָבן זיך די קעמערנס און די מאַניקורישיסטקע פּיבערהאַפט גענומען פאַ־רען אַרום איר טואַלעט...

די איינלאַדונגען האָבן געמאָלדן דעם אָנהויב אויף אַכט אַזייגער, אָבער שוין היפּשלעך פריער זיינען די זאַלן געווען העל־באַלויכטן און דער גאַנצער גאָרטן וואונדערלעך שיין אילומינירט, בלויז דער ווינטער־פּאַלאַץ איז געבליבן אומבאַלויכטן.

לענג־אויס דעם ריזן־זאַל, פּונקט קעגנאיבער דעם „טראָן", האָבן זיך שוין אויף דער ספּעציעל־אינסטאַלירטער טריבונע אויסגעזעצט די מוזיקער פון טיפּישן אָרקעסטער און פון א זייטיקן סאַלאָן וואו די מוזיקער פון דזשאַז־אָרקעסטער האָבן גערייניקט זייערע מעשענע אינסטרומענטן, איז ארויסגעקומען דער דיריגענט מיטן שטעקעלע, פאַרנומען זיין פּלאַץ און געוואַרט אויפן באַפעל פון צערעמאָניאַל מייסטער, ווען אָנצוהויבן.

בלויז עטלעכע מינוט נאָך אַכט, ווען דער ערשטער אויטאָ האָט זיך מיט רעש אריינגעריסן דורך דעם ברייט צעעפנטן טויער, האָט דער צערע־מאָניאַל־מייסטער, אַן אַלטער אַריסטאָקראַט מיט אַ מאָנאָקל אויפן רעכטן אויג, געגעבן דעם צייכן און דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן דעם ספּעציעל אַראַנזשירטן „ווילקאָמען־מאַרש".

אַ חוץ דעם צערעמאָניע־מייסטער וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר כדי צו קענען אָבסערווירן און מעלדן די נעמען פון די אָנגעקומענע, איז אין זאַל געווען בלויז דער פאָטער פון דער היינטיקער באַל־קעניגין, סע־ניאָר אַלפאָנזאָ אַרעוואַלאָ.

מיטן ערשטן אויטאָ זיינען אָנגעקומען זעקס פּערזאָן. אַן עלטער פּאָר־פאָלק, אַ יונגער פּאָרפאָלק און צוויי יונגע קינדער, אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן און א בחורל פון אַ יאָר זיבעצן אָדער אַכצן.

דער צערעמאָניאַל־מייסטער איז אַריין אין זיין ראָל. עס זיינען אָנגע־פאָרן אויטאָס איינער נאָכן אַנדערן, די געסט זיינען צוערשט אַריין אין די נעבנדיקע גאַרדעראָב־צימערן און פאָרן אריינגיין אין סאַלאָן, האָט דער

צערעמאָניאַל־מייסטער געהויבן דעם הויכן מאַרשאַל־שטעקן און אָנגעהויבן אויסרופן די נעמען פון די אריינקומענדיקע, מיט זייערע 7־גאַרנדיקע טיט־לען און אַלפאָנזאָ אַרעוואַלאָ האָט שמייכלענדיק באַגריסט די געסט און געבעטן, זיי זאָלן זיך מאַכן היימיש.

די געסט האָבן באַוואונדערט דעם טראָן און זיך דערנענטערט צו אים, די מוזיק האָט אויפגעשפּילט אַ וואַלצער, יונגעלייט אין עלעגאַנטע פראַקן האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַר סעניאָריטאַס און זיי פאַרבעטן צום טאַנץ און דער באַל האָט זיך אָנגעהויבן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָבן זיך באַוויזן די קעלנער אין קאַ־לירענע פראַקן און קורצע זיידענע הייזלעך מיט ווייסע זאָקן און לאַק־פּאַנ־טאָפל, זיי האָבן געטראָגן זילבערנע טאַצן אויף וועלכע עס זיינען געשטאַ־נען געפילטע באָקאַלן און באַלד זיינען אריין אַ צווייטע גרופּע קעלנער אין די זעלבע קליידונג, טראָגנדיק טאַצן מיט פאַרשידענע צום געניסן ריי־צנדיקע סאַנדוויטשלעך.

פּונקט אַזייגער ניין, האָט דער אָרקעסטער־דיריגענט פלוצלינג אָפּגע־שטעלט די מוזיק, ער האָט געגעבן אינסטרוקציעס צו די אַכט פידלער, אין זאָל איז איינגעטראָטן אַ שטילקייט, דער דיריגענט האָט געגעבן אַ צייכן מיטן שטעקעלע און עס האָבן זיך צעשפּילט די בלויזע פידלען און כסדר האָט געשפּילט איין פידל ווייניקער, ביז עס האָט זיך געהערט בלויז איין פידל, פון וועלכער דער סאָליסט האָט ארויסגעמייסטערט וואונדער־באַרע טענער און באַלד האָט דער צערעמאָניאַל־מייסטער געקלאַפּט מיט זיין מאַרשאַל־שטעקן און געמאָלדן, אַז איצט קומט די קעניגין פון דער היינטיקער פייערונג. זי קומט היינט שוין נישט אַלס קינד, נאָר אַלס כע־ניאָריטאַ סאַריטאַ ראָקאַ־ראַוואַן דע אַרעוואַלאָ אין באַגלייטונג פון איר מוטער, סעניאָראַ סולעמאַ ראַוואַן דע אַרעוואַלאָ, וועלכע האָט אַראַנ־זשירט די היינטיקע אימפּאָזאַנטע פייערונג לכבוד איר איינציקן קינדס „קומפּלירן” פופצן יאָר!

די מוזיק האָט אויפגעשפּילט אַ פריילעכן מאַרש, צוערשט האָט זיך באַוויזן דער אַלטער בישאָף, געהילט אין זיינע פּראַכטפולע דינסט־קליי־דער, אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גאָלדן קייטעלע אויף וועלכן עס האָט זיך געוויגט אַ זילבערנער בשמים־ביקס מיט וויי־רויך.

הינטער אים איז נאָכגעקומען סאַריטאַ, די קעניגין פון דער היינטיקער פייערונג, אָנגעטון אין אַ לאַנג ווייס שאַנטיל־קלייד פון שווייצאַרישן שפּיצן־שטאָף מיט אַ מיטלמעסיקן דעקאָלט, וועלכער איז פאַרשטעלט גע־וואָרן פון דעם מיט דימענטן באַצירטן גאָלדענעם צלם, וואָס איז געהאַנגען

אויף אַ ווייס קיטל פון פּלאַטין און איר אויפגעקעמטע גאָלד-בלאָנדע פריזור, איז געווען באַפּוצט מיט אַ פּרעכטיקן דיאַדעם.

הינטער איר, איז געגאַנגען די מוטער אין אַ שוואַרץ שפּיצן-קלייד מיט אַ הויך קעלנערל און אויף איר ברוסט איז אויך געהאַנגען אַ קרייַן באַזעצט מיט איידלשטיינער.

דער בישאָף איז געגאַנגען פאָראויס, נאָר כסדר האָט ער זיך אויסגעדרייט און געהוידעט מיט דעם בשמים-ביקס פון וועלכן עס האָט ארויסגעוויעט ווייַ-רויך אַנטקעגן סאַריטאַן און זיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ שטילע תפילה.

די פאַרזאַמלטע געסט האָבן אין געהויבענער שטימונג געמאַכט אַ וואַרע און נאָכגעקוקט ביז סאַריטאַ איז צוגעקומען צום טראָן, דאָרט האָט דער בישאָף זי אָנגענומען ביי דער האַנט און זי ארויפגעפירט און סאַריטאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָן.

זיצנדיק אויפן טראָן, האָט די קעניגין פון יום-טוב באמת אויסגעזען ווי אַ נאָר-וואָס יונג-געקרוינטע קעניגין. צו איר ראָזעווע קיילעכדיק כמעט קינדיש פּנימל און אַביסל צעשראָקענע בליקן פון אירע גרויסע בלויע אויגן, האָבן די דעקאָרירטע דראַפּערים וואָס האָבן באַצירט ביידע זייטן פון טראָן, אויסגעזען ווי פליגל וואָס זיינען צוגעהעפט צו סאַריטאַס אַקסל און דאָס האָט איר געגעבן דעם אויסזען פון אַ קינד-מלאך; אָבער איר גאָלד-בלאָנדע פריזור מיט דעם דיאַדעם און דאָס לאַנגע ווייסע שפּיצן-קלייד וואָס האָט זיך געשפּרייט אויף ביידע זייטן פון איר שוים, האָבן איר צוגעגעבן עפּעס מאַיעסטעטישעס וואָס האָט געוועקט באַוואונדערונג און רעספּעקט.

דער בישאָף האָט נאָך איינמאָל אַ שפּריץ געטאָן מיט ווייַ-רויך קעגן טראָן און ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין אַ זייטיק חדר.

סולעמאַ האָט אָנגעהויבן באַגריסן די געסט וואָס האָבן דעפילירט פאַרביי דעם טראָן און געווינשן סאַריטאַ גליק און סאַריטאַ האָט מיט אַ צאַרטן שמייכל און לייכטן קאָפּ-שאָקל אָפּגעענטפערט אויף די באַגריסונגען.

דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט אַ וואַלצער און די געסט האָבן אויפסניי אָנגעהויבן טאַנצן. עטלעכע עלעגאַנטע יונגעלייט זיינען כסדר צוגעקומען צו דער קעניגין פון באַל און זי פאַרבעטן צום טאַנץ און זי האָט מיט אַ קינדיש-תמימותדיקן שמייכל צוגעזאָגט, אַז בלויז צום „קאַדריל״ וועט זי זיך לאָזן פאַרבעטן.

די קאַוואַליערן האָבן דעריבער אויפגעהויבן אַ טומל און געפאָדערט פון דירגענט אַ „קאַדריל״, דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן און באַלד

האָבן צענדליקער פאַרלעך ארויסגעוויזן זייער מייסטערשאַפט אין דעם קלאַסישן טאַנץ, פאַראַדירנדיק מיט זייער עלעגאַנץ און עלאַסטישער בוי־געוודיקייט.

און סאַריטאַ האָט צום ערשטן מאָל, פּונקט ווען מען האָט זי צום ערשטן מאָל גערופן „סעניאָריטאַ", געפילט די נאָענטע באַרירונג פון די עלעגאַנטע יונגעלייט מיט וועלכע זי האָט באַדאַרפט דורכמאַכן די „טור־דאַמעס".

די קעלנער האָבן נישט אויפגעהערט אונטערטראָגן די באַלאָדענע טאַצן מיט כל־טוב און אָט האָבן זיך געטווישט די אָרקעסטערס און אין גרויסן זאַל האָבן זיך צעקלונגען די ווילדע טענער פון דזשאַז און די יונגע געסט האָבן זיך אַנגעהויבן הוידען אין אַ ווילדן ווירבל־טאַנץ און אזוי האָט זיך דער באַל פאַרצויגן ביז האַלב צוועלף אין דער נאַכט, ווען דער צערע־מאָניע־מייסטער האָט איינגעלאַדן די געסט אין ווינטער־פּאַלאַץ צום באַנ־קעט.

אין פּאָיע נעבן די טרעפּ, האָבן באַדינערס פון אַ מאָדע־מאַגאַזין באַ־דינט די דאַמען, ארומהילנדיק זייערע דעקאָלטן און נאַקעטע פּלייצעס מיט שיינע טיכער און די קעניגין פון באַל מיט אירע עלטערן פאַראויס און די געסט אין רייען הינטער זיי, האָבן מיט פּאַמעלעכע טריט ווי אין אַ הייליקער פּראָצעסיע מאַרשירט איבער דעם אויסגעלייגטן דיוואַן צום ווינטער־פּאַלאַץ.

ערשט איצט האָבן זיך צעצונדן די לאָמפּן אין הינטערשטן טייל גאָרטן און אין ווינטער־פּאַלאַץ.

די פּאַטראָנאַ פון דער רעזידענץ האָט נישט געמאַכט קיין טעות. ביים אַריינקום אין ווינטער־פּאַלאַץ האָט זיך פאַר די געסט אַנטפּלעקט אַ בילד, וואָס האָט זיי פאַרבליפט.

— אָה !... אזוינס האָבן זיי נאָך באמת נישט געזען!...

אַ דאַנק דעם ארומגעגראָבענעם גרויסן ראָד אין וועלכן עס איז גע־פלאָסן וואַסער, האָט דער פּיר־קאַנטיקער סאַלאָן באַקומען אַ קיילעכדיקן אויסזען און דאָס וואָס האָט זיך געפינען אין ראָד, האָט געמאַכט אַן איינ־דרוק פון אַ מאָדנעם אַמפי־טעאַטער וואָס געפינט זיך אויף אַן אינזל.

איבער דעם וואַסער־ראָד אין וועלכן עס זיינען פּלוצלינג אַנגעשוואו־מען ווייסע שוואַנען, זיינען געווען אריבערגעוואָרפן קיילעכדיקע בריקלעך וואָס האָבן אַריינגעפירט צו באַלויכטענע „גאָנדאָלאָס" וואָס זיינען אין פּיר סעמעטרישע גלייכע קיילעכיקע שורות געווען אויסגעשטעלט קאַרו־זעל־אַרטיק, איין ראָד אין צווייטן און אינדערמיט, אויף אַ קאָנסטרוקציע,

איז געשטאַנען די באַצירטע, מיט גאָלד און זילבער באַשמוקטע גאָנדאָלאַ פאַר דער קעניגין פון פעסט און פאַר אירע עלטערן, און צום פראַנט פון דער גאָנדאָלאַ, אונטן, איז געשטאַנען אַ ריזן טאָרט וואָס האָט זיך געטו־רעמט איבער דער גאַנצער הויך פון דער אינסטאַלאַציע און ביי דער גליי־כער הויך מיט דער גאָנדאָלאַ, האָבן אין טאָרט געשטעקט פופצן ליכטלעך פון ראָזא קאָליר.

די געסט זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען ווי צוגענאַגלטע צו זייערע פלע־צער פון איבעראַשונג.

— אָ, וואָס פאַר אַ צויבער־מעשהלע!... האָט איין דאַמע אויסגע־רופן און אַ צווייטע האָט צוגעגעבן: — וואָס פאַרא עקזאָטיק!... און ווען דער צערעמאָניאַל־מייסטער האָט ארויפגעפירט די טאַטע־מאַמע און קינד אין זייער גאָנדאָלאַ אינדערמיט און אַ רעפלעקטאָר האָט זיי באַלויכטן, איז אין זאַל אויסגעבראָכן אַ שטורמישער אפּלויז וואָס האָט אָנגעהאַלטן לאַנג לאַנג, ביז דער צערעמאָניע־מייסטער האָט גערופן צו אָרדענונג און געבעטן די געסט זאָלן פאַרנעמען פלעצער.

סולעמאַס אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. אָ, זי האָט געוואוסט אַז דאָס אַלץ וועט די געסט פאַרקומען זאָנדערבאַר, עקזאָטיש, ווי אַ פאַנ־טאַזיע... זיי ווייסן דאָך נישט דעם סוד און זיי וועלן אים קיינמאָל נישט ווישן... זי האָט געקוקט אויף די גאָנדאָלאַס, זי האָט זיך אריבערגעבויגן און געקוקט אויף דער שיף, אויף וועלכער איר גאָנדאָלאַ איז געשטאַנען און ענדלעך האָט זי געקוקט אויף איר קינד, אויף סאַריטאַן, דעם אויסגע־וואַקסענעם שיינעם פריילין און זי האָט זיך צוגעבויגן און אָפּגעפּרעסט אויף איר שטערן אַ וואַרימען קוש, באַגעצנדיק סאַריטאַס פּנים מיט אירע טרערן.

דער עולם איז שוין געזעסן אויסגעזעצט אין די גאָנדאָלאַס, די דאַמען וואָס האָבן זיך פון אָנהויב אַביסל געשראָקן צי די זיץ־פּלעצער זיינען נאָר געגנוג גוט און זיכער אינסטאַלירט, האָבן זיך באַלד איבערצייגט אַז זיי זיצן פעסט און זיכער און ווידער איז אויסגעבראָכן אַ פריידיקער אפּלאָוז.

דער טיפּישער אָרקעסטער האָט שוין פאַרנומען די עסטראַדע אין אַ ווינקל פון סאַלאָן, דער צערעמאָניע־מייסטער האָט געגעבן אַ צייכן צום דיריגענט און דער אָרקעסטער האָט אויסגעשפּילט אַ מאַרש. דער צערע־מאָניע־מייסטער האָט אָנגעצונדן די פופצן ליכטלעך און ווען די מוזיק האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט אינדערמיט מאַרש, האָט ער גערעדט אַ פּאָר ווערטער, געווינשן דער סעניאָריטאַ סאַריטאַ ראָקאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאָ אין נאָמען פון אַלע געסט   אַ סך גוטע יאָר פון פרייד און גליק

און ער האָט צוגעהאַלטן סאַריטאַן בעת זי האָט זיך אַריבערגעבויגן און אויסגעלאָשן די ליכטלעך.

ווידער אַ שטורמישער אַפּלאָוז און די מוזיק האָט אויסגעשאַלט דעם סיגנאַל פאַר די קעלנער, אַז מען דאַרף סערווירן.

דאָ איז ווידער געקומען אַ נייע איבעראַשונג.

די קעלנער וואָס זיינען פון אַלע זייטן געקומען ווי אַנצולויפן, זיינען אַלע געווען געקליידט אין זיידענע מאַטראָזן־קאָסטיומען. דאָס האָט געמאַכט אַזאַ עפעקט, אַז די געסט זיינען אַזש אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער און ווידער שטורמיש אַפּלאָדירט.

דער באַנקעט האָט זיך אָנגעהויבן און די געסט האָבן די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט ריידן און קאָמענטירן, אַז די היינטיקע עקזאָטישע פּייערונג, איז פאַר זיי די גרעסטע איבערלעבעניש, וועלכע זיי וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

סאַריטאַ, נאָכדעם ווי זי האָט דערפילט די מאַמעס טרערן אויף איר פּנים, האָט נישט אויפגעהערט קוקן אויף איר און עפּעס האָט זי פון איר אויסערלעך־פריידיקן פּנים אויך אַראָפּגעלייענט אַ געוויסן באַהאַלטענעם טרויער און זי האָט זי געוואָלט טרייסטן און זי האָט זי געוואָלט זען באמת פריילעך און זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר און זי אָנגעהויבן קושן און פּליסטערן: — מאַמאַ, ווי שטאַרק איך בין דיר דאַנקבאַר... ווי שטאַרק איך בין דיר דאַנקבאַר...

סולעמאַ האָט אַרומגענומען סאַריטאַן און זי פעסט געדריקט צו איר האַרצן און אויפסניי זיך באַגאָסן מיט טרערן פון מוטערלעכער פרייד.

דער באַנקעט האָט זיך געענדיקט און דער צערעמאָניע־מייסטער האָט מיטגעטיילט, אַז ער פאַרבעט די הויכווירדיקע געסט צוריק אין טאַנץ־זאַל און מיט דעם פאַרענדיקט ער זיין אַמט.

סולעמאַ האָט ווידער געפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין ברוסט, האָט זי געבעטן אַז סאַריטאַ זאָל מיטן פּאַ צוריקגיין אין זאַל, אָבער סאַריטאַ האָט נישט געוואָלט בלייבן אָן דער מאַ און זי איז מיט איר אַוועק אין שלאָפצימער און דער פאָטער אַליין האָט באַגלייט די געסט אין זאַל, וואו דער טאַנץ און אונטערהאַלט האָט זיך פאַרצויגן ווייט אין ווייסן טאָג אַריין.

# ב

## אַן אומדערוואַרטע באַגעגעניש

עס איז געווען אין דער צייט ווען די ידיעות וואָס זיינען געקומען פון פוילן, זיינען געוואָרן אַלץ טרויעריקער און טרויעריקער.

נישט נאָר די טעלעגראַפן אַגענטורן האָבן געבראַכט די טרויעריקע ידיעות, נאָר פיל מער די פּערזענלעכע גרוסן פון געציילטע יידן וואָס האָבן זיך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען פון היטלעריסטישן גהינום דורך זבאָנ־שין, פון דעם אַזוי־גערופענעם „קיינעמס־לאַנד" צווישן דייטשלאַנד און פוילן און קומען אַהער, טראָץ אַלע אימיגראַציע־באַשרענקונגען.

מוראדיקע, ממש אומגלויבלעכע זאַכן האָבן זיי דערציילט און נאָך מער האָט מען זיך דערוואוסט פון די ספּעציעלע שליחים, וועלכע האָבן מיט דאַטן און ציפערן געשילדערט די גרויס און באַדייטונג פון דעם אומגליק וואָס האָט דערוויל אַריינגעכאַפּט אין קלעם צענער טויזנטער יידן און איבער פיל מער יידן הענגט די דראָאונג פון טויזנט־קעפּיקן מאָנסטער זיי אומצוברענגען.

מ א ר ק ט ו ר ק א ו, אַ מיט־רעדאַקטאָר פון דער באַרימטער וואַרשעווער צייטונג „מאָמענט", וועלכער האָט אַלס שליח פון זיין צייטונג באַזוכט זבאָנשין, און זיך דאָרט באַקענט מיט דער גאַנצער גרויס פון אומגליק, איז געקומען ווי אַ שליח קיין אַרגענטינע און ער האָט צעטרייסלט די געמיטער פון דער בוענאָס־איירעסער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

פאַר די קאָמיסיאָנען פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אויף עפנטלעכע אַקטן, האָט ער געשילדערט די פּיין פון די פילע טויזנטער יידן פון פּוילישן אָפּשטאַם וואָס די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעטריבן נאַקעט און בלויז פון דייטשלאַנד און זיי אַריבערגעוואָרפן איבער דער גרעניץ און פוילן באַוואַכט שטרענג די גאַנצע גרעניץ־ליניע און וויל זיי נישט אַריינלאָזן צוריק אין זייער געבוירן־לאַנד.

דער תמצית פון זיינע שילדערונגען איז באַשטאַנען פון איין וואָרט; איין וואָרט, וואָס האָט צעטרייסלט די צוהערער; איין וואָרט, וואָס האָט געווירקט אַזוי ווי איינער וואָלט פון אַ הויז וואָס שטייט אין פלאַמען, צעעפנט אַ פענסטער און אַרויסגעשריגן — ראַטעוועט . . .

אין די שילדערונגען זיינען אויך געווען אַנצוהערענישן פון זאַכן וועלכע דער שליח האָט נישט געקאָנט ארויסזאָגן אויף אַ קול, אָבער פון די אַנצוהערענישן האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דער מצב פון די יידן אין פוילן ווערט אויך פון טאָג צו טאָג ערגער און ערגער און אַז די גיפט-באַצילן וואָס שטראָמען אַרויס פון היטלערס יעדן וואָרט, שפּרייטן זיך אַריבער די גרעניצן פון זיין רייך און זיי הויבן שוין אָן פאַרסמען די פּוילישע רעגירונגס-קרייזן און איין גאָט ווייס וואָס דערפון וועט ווערן...

וואָס האָבן די יידן אין אַרגענטינע געקאָנט טאָן? קודם האָט מען אָרגאַניזירט אַן עמערגענץ-קאַמפּיין, צו קענען שיקן מאַטעריעלע הילף פאַר די געליטענע און געוואוסט האָט מען, אַז מיט דעם איז מען נישט יוצא, און די וואָס האָבן נאָנטע קרובים, ווי טאַטע-מאַמע אָדער ברידער און שוועסטער, האָבן אָנגעהויבן אָפּשלאָגן די טויערן פון די אַרגענטינער אימיגראַציע-באַהערדן, בעטנדיק דערלויבענישן זיי אַריבערצוברענגען קיין אַרגענטינע, אָבער אויך דאָ, האָט שוין די היטלער-גיפט- און האָס-פּראָפּאַגאַנדע אָנגעהויבן פאַרפעסטן געוויסע רעגירונגס-קרייזן און זייער ווייניק זיינען געווען די גליקלעכע, וואָס האָבן באַוויזן אַריבערצוברענגען זייערע טאַטע-מאַמע אָדער אַ ברודער צי אַ שוועסטער.

יאַנקל און גאָלדע פערלבערג, די זעלבע גאָלדע פערלבערג וואָס איז מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ" געקומען מיט אַ קינד צו איר מאַן און זי האָט אויפן זועג געמוזט קאָרמען מיט אירע בריסט דאָס זיבעלע וואָס איז געבליבן נאָך דער טראַגיש-פאַרשטאָרבענער שרהלע שטיינבערג, זיי זיינען שוין איינגעאָרדנט אין געגנט פון קאָנינג מיט אַ פאַבריק פון „טעכידאָס דע פונטאָ". זיי האָבן זעקס קינדער און זיי פרייען זיך, וואָס יעדעס קינד וואָס איז ביי זיי געבוירן געוואָרן, האָט זיי פון הימל מיטגעבראַכט נייע ברכה און הצלחה.

ביידע האָבן דאָ געאַרבעט און גענוג געליטן ביז די זון האָט פאַר זיי אָנגעהויבן שיינען.

ווען קיוועלע, אָדער קאַרליטאָס, דאָס קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פוילן נאָך יאַנקלס אוועקפאָרן און גאָלדע האָט עס מיטגעבראַכט, איז אַלט געוואָרן ניין יאָר, האָט ער שוין אָנגעהויבן מיטהעלפן ביי דער אַרבעט און ביי צען יאָר, האָט ער זיך שוין אונטערגענומען צו אַרבעטן ביי דער האַנט-מאַשין און ער האָט געטאַנצט פאַר פרייד, ווען ער האָט געהאַט אויסגעשטריקט און פאַרענדיקט מיט זיינע אייגענע קינדערשע הענטלעך, דעם ערשטן סוועטער.

היינט איז זיי גוט. עטלעכע גרויסע מאַשינען מיט מאָטאָרן וואָס ווערן

באַדינט פון עטלעכע אַרבעטער, אַרבעטן אין צוויי טורנאַס און אַ צענדלינג מיידלעך אַרבעטן ביים קאָנפעקציאָנירן די אויסגעשטריקטע אַרטיקלען.

דער פופצן יעריקער קיוועלע איז שוין אַ גאַנצער קאַפּאַטאַז און ווען יאַנקל לויפט אַרום זיך קהלן וועגן יידישע שולן אָדער וועגן אַנדערע יידישע ענינים, האָט ער זיך שוין אויף וועמען צו פאַרלאָזן.

די לעצטע צייט, פאַרברענגט ער כמעט גאַנצע טעג אַרומלויפנדיק אין דער געביידע פון דער אימיגראַציע־דירעקציע פון איין אָפּטיילונג צו דער צווייטער און פון איין באַאַמטן צום צווייטן.

אַ סך טעג קומט ער דאָ צוזאַמען מיט גאָלדען. ער וויל אַריבערברענגען זיין אַלטן פרומען טאַטן פון פוילן און זי — איר ברודער מיטן ווייב און קינדער.

די טרויעריקע בריוו וואָס זיי באַקומען פון דאָרט און די שילדערונגען וואָס זיי האָבן געהערט פון די שליחים, האָבן אויף זיי אַזוי געווירקט, אַז זיי זיינען גרייט זיך אויסצוברענגען ביזן לעצטן סענט, אַבי אַרויסצוראַטעווען פון דאָרט די נאָענטסטע.

אָבער יעדעסמאָל גיט מען זיי אַנדערע תירוצים און מען פּאָדערט ביי זיי נייע סערטיפיקאַטן און נייע „סאָליסיטודן" און מען הייסט זיי קומען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און עס דויערט דאָס לויפעניש חדשים לאַנג און עס נעמט נישט קיין סוף...

איינמאָל, בעת גאָלדע מיט יאַנקלען זיינען שוין צום ווויפילטן מאָל געווען אין דער אַרכיוו־אָפּטיילונג פון דער אימיגראַציע־דירעקציע, כדי אַרויסצובאַקומען אַ נייע באַשטעטיקונג פון גאָלדעס „זשעגאַדאַ", מיט דער דאַטע פון איר אָנקומען אין לאַנד, האָט גאָלדע דאָרט געזען ביים פענסטערל אַ מענטש, וואָס איז איר פאַרגעקומען באַקאַנט.

זי האָט אים געזען בלויז אין פּראָפיל און זי האָט נישט אָראָפּגענומען אירע בליקן פון אים, באַמיענדיק זיך צו דערמאָנען ווען און וואו זי האָט אים געזען.

דער מענטש האָט זיך עפּעס דאָרט לאַנג דורכגעשמועסט מיט דעם פונקציאָנאַר, מען האָט אים אָנגעוויזן אַן אויפגעמישט בלאַט אין אַ גרויסן דיקן בוך, דער מענטש האָט אַריינגעקוקט און ווען דער מענטש האָט זיך אויסגעגלייכט און אַ קער געטאָן זיין פּנים צו איר זייט, האָבן זיך אירע אויגן ברייט אויפגעריסן, מיט דער רעכטער האַנט האָט זי זיך גענומען קנייפּן די באַק און די פינגער פון דער לינקער, האָט זי אַריינגעקניפּן אין מאַנס

האַנט־מוסקול און אויסגערופן שטיל: — אוי, עס איז דאָך ער! דער פֿאָטער פֿון זיבעלע...

דער מענטש האָט באַמערקט אַז די פֿרוי קוקט אויף אים צודרינגלעך, האָט ער זי אויך שאַרף אָנגעקוקט, אָבער זעענדיק פֿאַר זיך אַן אַבסאָלוט אומבאַקאַנטע פֿרוי, האָט ער אָפּגעווענדעט זיין בליק פֿון איר און נאָך עטלעכע ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט צום באַאַמטער, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געוואָלט אַוועקגיין.

גאָלדע האָט אים פֿאַרשטעלט דעם וועג: — „דיסקולפּע, סעניאָר"... האָט זי אָנגעהויבן אויף שפּאַניש און זייענדיק שוין אינגאַנצן זיכער אַז דאָס איז טאַקע ער, האָט זי פֿונדעסטוועגן נאָך געפֿרעגט, נאָר שוין אויף יידיש: — איר זיינט געקומען קיין אַרגענטינע מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ"? יאָ? נו? דערקענט איר מיך נישט? איך בין דאָך אייער שיף שוועסטער, איך האָב דאָך אָפּגעריסן די ברוסט פֿון מיין קינדס מיילעכל און מיט מיין מילך דערהאַלטן אייער „זיבעלע" ביים לעבן!...

זאָגנדיק די ווערטער, האָבן זיך אין איר מוח אויפֿגעמישט די זכרונות פֿון דער טראַגישער געשעעניש אויף דער שיף און זי האָט אַרויסגעכאַפּט איר טאַשנטיכל און געגומען ווישן די טרערן.

יאָ, דאָס איז געווען ער. ברוך שטיינבערג.

די צייט און איבערלעבענישן פֿון לאַנגע פֿופֿצן יאָר, האָבן נישט באַוויזן אָפּצואַוואַשן פֿון זיין געוויסן דעם פֿלעק פֿון זיין האַנדלונג, מיטן איבערלאָזן זיין קינד אויף הפקר.

וואָלט ער כאָטש באַקומען די זיכערקייט אַז דאָס עופֿהלע האָט נישט אויסגעהאַלטן אויף פֿרעמדע הענט און עס איז געשטאָרבן, וואָלט ער זיך זיכער באַרואיקט, אָבער וויפֿל ער האָט נישט געפֿאָרשט און נאָכגעפֿרעגט, קיין פּאָזיטיוון רעזולטאַט האָט ער נישט דערגרייכט און ווי שטאַרק ער האָט זיך באַמיט צו פֿאַרטומלען זיין געוויסן מיט אינטענסיווע טעטיקייטן סיי ביי זיך אין געשעפֿט און סיי ביי געזעלשאַפֿטלעכע אַקטיוויטעטן, אָבער דער פֿלעק אויף זיין געוויסן האָט זיך פֿון צייט צו צייט אַ שפּרייט געטאָן איבער זיין גאַנצן וועזן און אים נישט געלאָזן פֿאַרגעסן אָן זיין פֿאַרברעכערישער טאַט.

און כאָטש ער אַליין האָט געוואוסט, און שוין צופֿיל מאָל זיך באַמיט צו פֿאַרענטפֿערן פֿאַר זיך אַליין, אַז בעת ער איז אָנגעקומען אין לאַנד האָט ער זיך געפֿינען אין אַן אַבסאָלוטן צושטאַנד פֿון אומפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, ער האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אין אַ הינערפֿלעט, אָן געדאַנקען און אָן באַוואוסטזיין, אָבער דאָס אַליין האָט נישט געקאָנט פֿאַרענטפֿערן דעם מאָנענדיקן רוף, וואָס האָט פֿון צייט צו צייט אָנגעפֿילט זיין האַרץ: — „וואו ביזטו,

טאַטע? ״ און געשטויסן פון פאַרצווייפלטער אומרו, האָט ער נישט איינמאָל געענטפערט אויף דעם רוף מיט אַן אויסגעשריי: — „וואו ביזטו, קינד מיינס?״... און ער האָט אויפסניי אָנגעהויבן לויפן איבער פאַרשידענע אָמטן און צו אַדוואָקאַטן און געזוכט און געפאָרשט, אָבער אַלץ אָן רעזול־טאַט. די שפורן פון זיין פאַרשוואונדן קינד זיינען אַבסאָלוט פאַרווישט גע־וואָרן.

עטלעכע יאָר זיינען שוין פאַרגאַנגען זייט ער האָט זיך אַריבערגעקליבן פון קליינעם שטעטל קיין בוענאָס איירעס. עס האָט געהייסן, אַז ער טוט עס צוליב כאַקאַבאַן, צוליב זיין סטודיום, אָבער ער האָט ביי זיך גוט גע־וואוסט, אַז אויך די אומרו צוליב זיין פאַרשוואונדן קינד האָט אים געטריבן אַהער, אפשר וועט ער זייענדיק אין דער הויפּט־שטאָט, גיכער קענען עפּעס דערגיין.

חנה׳לע איז פאַר אים געווען אַ געטרייע לעבנס־באַגלייטערן. זי איז גע־ווען אַ געטרייע מאַמע צו אירע דריי קינדער וואָס זיינען געוואַקסן געזונט און שיין און זי האָט זיך געפרייט, וואָס נאָך איר אומגליק איז איר כאַטש באַשערט געווען צו באַקומען אַ צווייטן מאַן, וואָס איז צו איר עלטסטן קינד, צו יאַנקעלען, נישט ווי אַ שטיף־טאַטע, נאָר ער ווייזט צו אים אַרויס מער ליבשאַפט ווי צו זיינע אייגענע צוויי קינדער וואָס זי האָט מיט אים געהאַט.

יאַנקעלע איז געוואַקסן און זיין התמדה איז מיט אים מיטגעוואַקסן. ווען ער האָט באַדאַרפט אַריבער אין „נאַציאָנאַל״, אין דער מיטל־שול, האָט ער געמוזט פאָרן קיין באַהיאַ בלאַנקאַ, דאָרט האָט ער געוואוינט ביי אַ פעט־טער, ביי חנהלעס אַ ברודער און פונקט אַזוי ווי ער איז געווען דער בעסטער שילער אין שטעטל, אין די אָנפאַנג שולן, אַזוי איז ער אויך געוואָרן איינער פון די בעסטע שילער אין זיין קלאַס אין באַהיאַ בלאַנקאַ.

יעדן זונטיק איז כאַקאַבאַ געקומען אין שטעטל צו טאַטע־מאַמע און יעדן זונטיק איז עס געקומען צו רייד, אַז עס וואָלט גוט געווען צו וואוינען אין הויפּט־שטאָט, דאָרט מיינט דאָס לערנען גאָר עפּעס אַנדערש און אַזוי ווי ברוך האָט געהאַט זיין באַזונדערע סיבה וואָס האָט אים געצויגן קיין בוענאָס איירעס, און מאַטעריעלע מעגלעכקייטן זיינען געווען, האָבן זיי פאַרקויפט די קלייט מיט די סחורות און געקומען קיין בוענאָס איירעס, וואו זיי האָבן געדונגען אַ קלייטל אין געגנט פון „אָנסע״, און פונקט אַזוי ווי אין שטעטל, האָט חנהלע אויך דאָ ווייטער געהאָלפן אין קלייט און זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַ גוטן מאַטעריעלן מצב. חנהלע האָט זיך גע־פילט גליקלעך און אויך ברוך וואָלט געקאָנט זיין גליקלעך, ווען נישט דער שאָטן פון זיין פאַרשוואונדן קינד וואָס האָט אים כסדר פאַרפאָלגט.

כאַקאַבאַ האָט דאָ שנעל פאַרענדיקט די מיטל־שולע און איז אַריבער

אין מעדיצינישן פֿאַקולטעט וואו ער האָט ממש אַרויסגעוויזן חריפות און דערמיט געצויגן אויף זיך די קנאה און שנאה פֿון די „ניניאָס ביען“, פֿון די רייכע נישט־יידישע סטודענטן און די צוויי קלענערע קינדער האָבן אַ חוץ אין די שפּאַנישע שולן, אויך געלערנט אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַר יידיש וועלטלעכע שולן אויף לאַוואַישע, נישט ווייט פֿון זייער קלייט.

ברוכ׳ס איצטיקער וויזיט אין דער אַרכיוו־אָפּטיילונג פֿון דער אימיגראַציע־דירעקציע, איז ווידער געווען צוליב זיין פֿאַרשוואונדן קינד.

אַן אַדוואָקאַט האָט אים געזאָגט, אַז ער מוז אַרויסבאַקומען אַ „מערטיפיקאַדאָ דע זשעגאַדאַ“, אַ באַשטעטיקונג, אַז דאָס ערשט־געבוירענע קינד שרה שטיינבערג איז אָנגעקומען דעמלט מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ“ און נאָך לאַנגע נאָכפֿאָרשונגען, האָט אים איצט דער באַאַמטער געוויזן אין בוך, אַז דאָ איז פֿאַרשריבן דער נאָמען ברוך שטיינבערג. עס איז אויך פֿאַרשריבן אַז די שיף האָט דעמלט מיטגעבראַכט אַן ערשט־געבוירן קינד וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן אין זעלבן טאָג אין „האָספּיטאַל דע ניניאָס“.

ווען ברוך האָט זיך דאָ אַזוי פּלוצלינג צוזאַמענגעטראָפֿן מיט דער אָם פֿון זיין קינד, האָט זיך אויפֿסניי געעפֿנט די וואונד אין זיין האַרצן.

ברוך האָט לאַנג געקוקט אויף גאָלדען און זעענדיג ווי די טרערן גיסן זיך פֿון אירע אויגן, האָט אים אַרומגענומען אַ טיפֿע דאַנקבאַרקייט צו איר; כאָטש איין מענטש באַוויינט זיין אָמאָליקן אומגליק... און פּלוצלינג איז אים אויפֿגעשוואומען אַ געדאַנק: — אפשר ווייס זי עפּעס וועגן זיין קינד?

גאָלדע האָט אָנגעהויבן דערציילן ווי אַזוי זי האָט דאָס קינד געזייגט און ווי איר מאַן האָט זיך דערשראָקן, ווייל מען האָט זי פֿאַרהאַלטן אויף דער שיף, ביז עס איז געקומען אַן אָם, אַן „ענפֿערמערע“ פֿון אַ שפּיטאָל און מען האָט ביי איר דאָס קינד צוגענומען און דעמלט האָט מען זי ערשט אַראָפּגעלאָזט פֿון דער שיף און יאַנקל האָט זי מיט איר קינד אָפּגעפֿירט אין זיין צוגעגרייטער היים.

ברוך האָט געוואָלט הערן נאָך און נאָך. אָט האָט ער עפּעס געהערט וועגן זיין בלוט און פֿלייש וואָס איז פֿון אים אַזוי אַוועקגעריסן געוואָרן נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור נאָך זיך, אויסער דעם ווייטיק וואָס פֿאַרפֿאָלגט אים אַלע יאָרן און ער וויל הערן נאָך, אפשר ווייסט זי נאָך עפּעס צו דערציילן, אפשר וועט זי אים אָן עפּעס וואָס דערמאָנען וואָס וועט אים קאָנען העלפֿן. אָבער דאָ איז דאָך נישט קיין פּלאַץ צום ריידן, זיי זיינען דאָך דאָ אודאי געקומען עפּעס דערליידיקן, האָט ער געבעטן יאַנקל׳ס אַדרעס. יאַנקל האָט אים געגעבן זיין וויזיט קאַרטע און ברוך האָט פֿאַרזיכערט, אַז נאָך דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, וועט ער אים באַזוכן.

ברוך האָט זיך געזעגנט און איז אַוועק און גאָלדע האָט אים לאַנג נאָכגעקוקט און אויפֿסניי גענומען ווישן די טרערן...

# ג

## עס יערט דאָס יידישע לעבן אין אַרגענטינע

די שלוחים וואָס האָבן אָנגעהויבן אַזוי אָפט קומען סיי פון אייראָפּע ווי פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַמעריקע, האָבן ווי די מלאכים פון איוב׳ן געבראַכט צו די יידן קיין אַרגענטינע נישט מער ווי איוב־בשורות, איין בשורה טרויעריקער פון דער צווייטער.

געווען אויך שלוחים וואָס זיינען געקומען אין נאָמען פון פּאַרטיי־אידעאָלאָגיעס און נישט וועלנדיק דיסקרעדיטירן זייער קולטור־באַגאַזש, האָבן זיי אויך, אַ חוץ דאָס דורכפירן די פונקציעס פון זייערע שליחות, אויך געגעבן רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס, אָדער סתם, וועגן יידישע קולטור־טעטיקייטן אין די פאַרשידענע לענדער וואָס זיי האָבן באַזוכט.

דער גרויסער רוב פון די שלוחים האָט זיך גאַנץ ווייניק אינטערעסירט מיט דעם מצב פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע, זיי זיינען געווען ווי פונקציאָנאַרן און אפילו די פון זיי, וואָס האָבן אין זייערע „קאַמפּיין־רעדעס" ב אַ וו י ז ן צו באַווירצן זייערע טרויעריקע שילדערונגען פון נויט און פּיין מיט שיינע באַפליגלטע ווערטער, איז עס ביי זיי נאָר געווען ווי אַ פליכט־דערפילונג אַלס שלוחי־ציבור, וואָס ווייסן, אַז מיט באַפליגלטע רייד קאָן מען לייכטער צוקומען צום צוהערערס האַרץ און געמיט...

די יידישע שרייבער, עלטערע תושבים פון בוענאָס איירעס, וועלכע האָבן נאָך גוט געדענקט די וויזיטן פון ה. ד. נאָמבערג, לאַצקי בערטאָלדי. ז. י. אנכי און פּרץ הירשביין, וועלכע האָבן דאָ איבערגעלאָזן טיפע שפּורן אויף דעם היגן כמעט נישט צעאַקערטן יידישן קולטור־פעלד און מען קאָן זאָגן, אַז זיי האָבן דאָ פאַרזייעט געזונטע יידישע קולטור־קערנער וואָס האָבן זיך פיין אָנגענומען און גענומען שפּראָצן. אַט אַ די שרייבער תושבים, האָט ווי געטאָן די שלוחים׳ס טרוקענע דורכפירונג פון זייערע שליחות׳ן; עס האָט זיי ווי געטאָן, וואָס די אַלע שלוחים האָבן נאָכן איבערלאָזן דאָ די געשילדערטע צרות און פּיין און נאָכן מיטפירן מיט זיך די געזאַמלטע געלטער, האָבן זיי אָן דעם אַרגענטינער יידישן ישוב כמעט ווי פאַרגעסן און פאַרשוויגן די געזונטע שפּראָצונגען פון אַרגענטינער יידישן ליטעראַרישן, קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, און גאַנץ אָפט איז דערשינען אין אַר־

טיקל אָדער אַ פּעליעטאָן, אין די בוענאָס איירעסער יידישע צייטונגען, אין וועלכן מען האָט די שלוחים פאַרגעוואָרפן זייער פאַרשווייגן דאָס אַר־גענטינער יידישע לעבן.

די יידישע שרייבער אין אַרגענטינע האָבן דאָך פּאַרט געוואוסט, אַז די ענינים וועגן וועלכע עס קומען די שלוחים זיינען וויכטיקע און אַז די קאַמפּיינען זיינען נויטיקע, האָבן זיי, אַ חוץ זייער שרייבן וועגן אָנקומען פון די שלוחים און פּאָפּולאַריזירן די וויכטיקייט פון זייערע שליחות, אויך אַליין ז י ך איינגעשפּאַנט אַלס מיטהעלפער פ א ר זיי, באַגלייטנדיק זיי אין די אינסטיטוציעס און אפילו צו פאַרמעגלעכע יחידים, און דאָס האָבן די יידישע שרייבער געטאָן נישט על מנת לקבל פרס, נישט אויף צו פאַרדי־נען ביי דעם אַזוי ווי די שלוחים, נאָר מיט תמימותדיק־ערלעכן פליכט־באַ־וואוסטזיין, אַז מען דאַרף העלפן לייסטן פאַר אַ וויכטיקן צוועק.

פונדעסטוועגן, איז פון ערגעץ־וואו, פון צווישן די יידישע שרייבער אין אַרגענטינע, אַרויסגעקומען דער רוף, אַז „מען דאַרף אויך אַ קוק טאָן צו זיך אַליין!”

סיי אין רעסטאָראַן „אינטערנאַציאָנאַל” פון ליאָווע פּאַלעי, וואָס האָט זיך געפינען פונקט אַנטקעגן „די אידישע צייטונג” און סיי אין „פּאָפּולאַר” פון מאַקסן, האָבן יידישע שרייבער דיסקוטירט און דער תמצית פון די דיס־קוסיעס איז געווען, אַז אמת, מען דאַרף טאַקע העלפן לינדערן די נויטן פון געדרודפטע יידן אין מיטל־אייראָפּע, אָבער, מען מוז זיך גלייכצייטיק אַריינ־וואַרפן אין אַן אינטענסיווער טעטיקייט אויפן אייגענעם באָדן אויף וועלכן מיר לעבן!...

יוסף מענדלסאָן, דער רעדאַקטאָר פון „די יידישע צייטונג”, וועלכער האָט אַלעמאָל אַרויסגעוויזן אַ קעגנערשאַפט צו נייע איניציאַטיוועס, האָט אין „אינטערנאַציאָנאַל” געטענה'ט, אַז מען דאַרף זיך נישט דראַפּען צו די הימלען; איר האָט שוין געמאַכט אַ ליטעראַטן־פאַריין, איר האָט שוין אַן אַרגענטינער אָפּטייל פון „ייוואָ”, עס זיינען דאָ עטלעכע יידישע אָנפאַנג־שולן, דאַרף מען בעסער אַכטונג געבן, אַז דאָס זאָל זיך האַלטן...

— דאָס וואָס מיר האָבן שוין דערגרייכט, איז אַ רעלאַטיווער ענין; — האָט זיך אָפּגערופן מ. רעגאַלסקי, — עס איז ווי מען קוקט דערויף און איך האַלט, אַז אויב מען קאָן ווייטער שאַפן און מער דערגרייכן, איז אודאי גוט...

— אויב עס גייט וועגן יידישן שול־וועזן, האָט זיך אַריינגעמישט דער ראַפינירטער פּאָלעמיקער און שיין־שרייבער א. ל. שוסהיים, — מיין איך, אַז נאָר אַ מאָדערנע שול וואָס זאָל זיין פּאָליטיש־אָריענטירט אויף יידיש

נאציאָנאַלער באַזע, קאָן האָבן אַ כח־הקיום און אַן עקזיסטענץ־באַרעכטי־קונג...

— דאָס רעדט פון אייך אַרויס אייער פּעצעקישע אידעאָלאָגיע! — האָט שמואל ראָזשאַנסקי, וועלכער האָט שוין זייט אַ צייט אַקטואירט אַלס אינערלעכער רעדאַקציע־מיטגליד פון די „יידישע צייטונג" אויסגערופן: — פאַרוואָס קומט איר נישט אַריין אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער שול? פאַרוואָס אינטערעסירט איר אייך נישט אַ קוק צו טאָן און זען און הערן ווי פיר יעריקע קינדערלעך און אונדזער ערשטן יידישן קינדער־גאָרטן זינגען לידער פון פּרצ'ן און פון אברהם רייזין?...

אַזעלכע ענלעכע דיסקוסיעס זיינען אויך פאָרגעקומען אין קאַפע און רעסטאָראַן „פּאָפּולאַר".

ביי איין טישל זיינען געזעסן יעקב באָטאָשאַנסקי, אביגדור שפּריצער און י. ל. גרוזמאַן, וואָס האָט זייט עטלעכע יאָר ארויסגעגעבן אַן אייגענעם זשורנאַל „דער שפּיגל".

זיי האָבן גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון יידישע שולן און פון אַ יידישער קולטור־אַרבעט וואָס זאָל אויך פאַראינטערעסירן די אין ארגענ־טינע געבוירענע יידישע יוגנט.

עס איז צוגעקומען דער יונגער שרייבער י. האָרן, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג אין לאַנד און ארבעטנדיק אַ גאַנצן טאָג אין אַ וואַרשטאַט, גיט ער אָפּ זיינע מידע פרייע שעה'ן פאַר אַרבעט לטובת דער געזעלשאַפט פאַר יידישע שולן און עס איז אויך צוגעקומען פאַליק לערנער, דער יונגער שריי־בער און זשורנאַליסט וואָס האָט געאַרבעט אַלס רעדאַקציע־מיטגליד אין דער נייער אומפּאַרטייאישער יידישער „מאָרגנצייטונג".

צוהערנדיק זיך אַ ווײַלע צו דעם וואָס באָטאָשאַנסקי האָט געזאָגט, האָט פאַליק לערנער אויסגערופן:

— איך האַלט שוין לאַנג פון דער לאָזונג, אַז מיר דאַרפן ווענדן אונזערע אויגן אויף זיך אַליין! מיר לייסטן אַ סך הילף פאַר דרויסן, און מיר פאַר־געסן זיך צו אָפּט, אַז מיר אַליין נויטיקן זיך אויך גאָר שטאַרק אין הילף.

דר. זשיטניצקי איז צוגעקומען און הערנדיק בלויז די לעצטע ווערטער פון פאַליק לערנער, האָט ער זיך אָפּגערופן: — רעדט, רעדט, קינדערלעך... און איך האַלט, אַז אונזער הויפּט־פּראָבלעם איז: — וואוהין גייען אונזערע קינדערלעך? וואוהין גייט אונזער יוגנט?... און איך מיין, אויב עס וועט נישט באַצייטנס עפּעס געטאָן ווערן דערצו, ווערט דאָ אונזער יידישע קול־טור ווי אַ „בעזדיעטניק" וואָס האָט נישט קיין יורש...

— און איך זאָג, האָט י. ל. גרוזמאַן אויסגערופן פּאַטעטיש: — אַז עס

איז געקומען די צייט, אַז מיר זאָלן טאָן אַזוי ווי דער נביא יחזקאל האָט גע־זאָגט וועגן די עצמות היבשות! מיר דאַרפן צונויפקלויבן די פאַרטרוקנטע יידישקייט־ביינער פון אונדזער יוגנט און אַריינבלאָזן אין זיי אַ רוח חיים! ...— — —

ביי אַן אַנדער טיש זיינען געזעסן די לינקע פאַרטיי און קולטור־טוער דר. מעעראָף, לינקאָווסקי און דר. שמשון דרוקאַראָף, דער דיכטער שניאור וואַסערמאַן און צו זיי איז באַלד צוגעקומען י. אַקצענסאָוו און פיניע קאַץ.

זיי האָבן גערעדט וועגן די דערגרייכונגען פון זייער פאַרטיי אויף אַלע געביטן פון יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן און וועגן די האָפענונגען, אַז באַלד, באַלד, וועלן זיי קענען אַרויסגעבן אַן אייגענע יידישע טאָג־צייטונג, מיט דער מיטהילף פון די חברים און סימפּאַטיקער אין ווישאַ לינטש, וועלכע האַלטן זיך אין איין אַרויפאַרבעטן און כאָטש זיי פאַרגרעסערן פון טאָג צו טאָג זייערע פאַבריקן, זיינען זיי געבליבן געטרייע חברים און סימפּאַטיקער פון דער אומאָפּפרעגבאַרער פאַרטיי־אידעאָלאָגיע...

לינקאָווסקי האָט פאַרזיכערט, אַז מען רעדט שוין דאָרט וועגן עפענען אַ יידישע שול און — „אויב אַזאַ שול וועט דערעפנט ווערן, וועט עס זיין א ו נ ז ע ר שול!...

נאָך ביי אַ טיש, זיינען געזעסן דער שול־טוער פון די לינקע פּועלי־ציון פאַרטיי, דר. יונה קאָווענסקי מיט דעם נישט לאַנג־צוריק אָנגעקומע־נעם יונגען פּועלי־ציוניסטישן טוער חיים פינקעלשטיין און צו זיי האָבן זיך צוגעזעצט עטלעכע אַרויפגעאַרבעטע סוחרים און פאַבריקאַנטן פון קאָנינג און אַנסע און זיי האָבן געפירט אַ שטילן שמועס וועגן מצב פון זייער שלום־עליכם־שול, וואָס איז דאָ געווען, קאָן מען זאָגן די ערשטע אָנגעזעענע שול וואָס האָט איינגעפירט און געפלעגט דעם מאָדערנעם יידישן לימוד לויט די אָנגעוויזענע כללים פון בער באָראָכאָוו...

כאָטש שטיל, אָבער מיט געניוג ליידנשאַפט און מיט שאַרפער באַטאָ־נונג האָט גערעדט חיים פינקלשטיין:

— איר זאָגט, אַז אונזער שלום־עליכם־שול איז געווען די ערשטע, טאָ זעט, אַז זי זאָל נישט בלייבן ווייט הינטערשטעליק פון די לעצטע! זעט, אַ קליין גרופּקעלע בונדיסטן, דער, יענער און העכסטנס נאָך איינער אָדער צוויי, ווער זיינען זיי? האָבן זיי באַוויזן צו דערעפענען אַ שול מיט אַ קינ־דער־גאָרטן וואָס באַקומען כסדר אָנזען. זיי האָבן באַוויזן בעת זייערע עפנט־לעכע אַקציעס צו פאַרהיימלעכן זייער באַנקראָטירטע פאַרטיי־אידעאָלאָגיע און געשאַפן זייער שול, וואָס וועט נאָך אפשר זיכערן דעם אויפהאַלט פון זייער, איבערהויפּט דאָ, אומבאַרעכטיקטער פאַרטיי־עקזיסטענץ... אונזער

פּאַרטיי האָט אַ סך חברים און סימפּאַטיזירער, נאָר די שוואַכע אַקטיוויטעט האָט זיי אויסגעלאָשן און מען דאַרף זיי אָנוואַרימען. מיר דאַרפֿן זיך אַריינ־וואַרפֿן אין דער אַרבעט מיט ענטוזיאַזם און פֿולן גלויבן, אַז מיר וועלן זיגן! מיר דאַרפֿן אַ שלום־עליכם־שול, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער נישט נאָר פֿאַר הי', נאָר פֿאַר דער גאַנצער יידישער וועלט! דער בוענאָס איירעסער יידישער ישוב דאַרף אויסטאָן די קינדער־שיכלעך! מיר דאַרפֿן צוטרעטן צו אַ גרוי־סער אַרבעט, מיט שוואונג און פֿאַרנעם! מיט אַזאַ פֿאַרנעם, אַז ער זאָל מיטרייסן, ענטוזיאַזמירן און אַרבעטנדיק מיט פֿולן גלויבן אין דערפֿאָלג, וועלן מיר אים דערגרייכן!...

אויך אין אַ ניי־דערעפֿנטן קאַפֿע אויף דער גאַס קאַריענטעס נעבן קאַ־נינג, זיינען ביי שוואַרצע קאַוועלעך אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַזעלכע דיס־קוסיעס.

דאָרט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט יונגע סוחרים און פֿאַבריקאַנטן, געוועזענע פּאַרטיי־מענטשן וואָס האָבן נישט פֿאַרגעסן זייער נאָענטע אָנגעהעריקייט צו יידישע קולטור־סביבות אין די אַלטע היימען און אויב די שווערע צייטן פֿון די ערשטע יאָרן אין אַרגענטינע האָבן פֿאַרטויבט און פֿאַרברוטאַליזירט די גייסטיקע בענקענישן, דאַרף מען זיי היינט אָנהויבן אָפּמינטערן און זען, אַז זיי זאָלן אָנרעגן צו מעשים!...

צווישן דער גרופּע האָט זיך אויך געפֿונען אברהם וויסבלאַט און כאַטש ער איז געווען טעטיק אין דירעקטאָריום פֿון אַ קרעדיט־באַנק וואָס האָט אים פֿאַרנומען אַ סך צייט, האָט ער אָבער אויך געהאַט אַ לעבעדיקן אינטערעס צו אַלע יידישע קולטור־פֿראַגן.

אויך דער שטריקער־פֿאַבריקאַנט יאַנקל פּערלבערג איז דאָ געווען. ער איז צווישן די קאַנינגער סוחרים און פֿאַבריקאַנטן באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַ פּראָסטן חי־וקים, אָבער דוקא ער, האָט דאָ אַרויסגעזאָגט דאָס ריכטיקע וואָרט.

— איר רעדט וועגן נייע יידישע ביכער? ווער וועט זיי לייענען? איך און דו און ער... און וואָס וועט זיין אַז מיר וועלן פֿאַרלייגן מיט די קעפּ, ווער וועט דאַן לייענען די ביכער? אַז אונזערע קינדער גייען אומגערן אין די אָרימע יידישע שולן אָדער תלמוד־תורות, איז זייער לערנען אויך אומ־גערן און אָבי אַרויס פֿון שול, איז — אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך!... צוויי פֿון מיינע קינדער גייען דאָ אין אַ שול, גייען זיי אומגערן, זיי פֿאַר־שטייען נישט דעם לערער און דער לערער פֿאַרשטייט זיי נישט, די „זאַדאַ־ניעס" וואָס דער לערער גיט זיי אויף ווילן זיי נישט מאַכן. נו, וואָס וועט זיין? וועלן זיי לייענען יידישע ביכער? וואָס מיר דאַרפֿן האָבן, איז אַ גרויסע, אַ שיינע יידישע שול וואָס זאָל דעם קינד געפֿעלן, וואָס זאָל ווערן

דעם קינדס מקום-קדוש און אבי מיר זאלן נאר װעלן, מיר קאנינגער„ קענען מיר דאס זײער לײכט דערגרײכן און מיר דארפן עס װעלן, װײל נישט כדי צו עסן מיט צװײ לעפל האט אונז גאט געהאלפן! . . .

אזוי האט גערעדט דער „פראסטאק״ יאנקל פערלבערג, גאלדעס מאן און אזוי מער-װײניק, בעסער און ערגער אויסגעדריקט, האבן אויך גערעדט אנדערע אזעלכע װי יאנקל און װען עס האבן אנגעהויבן קומען דעלעגא־ציעס פון שרײבער אויף קאנינג כדי צו זאמלען געלט פאר קולטור-צװעקן, פאר ארויסגעבן א בוך, פאר שולן, אויף הוצאות צו קענען ברענגען א באַ־רימטן שרײבער-גאסט װאס זאל דא געבן א ציקל רעפעראטן, האט קאַ־נינג צעעפנט די קעשענעס און זיך ברײטהארציק באשטײערט. די קאנינ־גער האבן נישט געפרעגט װעגן דעם אײנגעלאדענעם שרײבערס פארטײ־לעגיטימאציע, זײ זײנען  געװען זשעדנע צו הערן אן אויפמונטערונגס־װארט װאס זאל נערן זײערע אויפגעװאכטע גײסטיקע באדערפענישן און זײ האבן זיך געלאזט קאסטן דערפאר.

און אזוי האבן די יידישע יידן פון בוענאס איירעס און פון די ארגענ־טינער פראװינץ-שטעט געהאט דאס דערהויבנדיקע פארגעניגן צו  האבן אזעלכע געסט װי ה. לײװיק, שמואל ניגער, מ. ראװיטש, זרבבל און י׳ שעפ־נער, און הערן זײערע דערקװיקנדיקע און באלערנדיקע װערטער.

די לאזונג „מיט די בליקן צו זיך״ האט מיט גארנישט קאליע געמאכט די לײסטונגען לטובת הילפס-קאמפײנען פאר יידישע נויטן אין אנדערע לענדער, זי האט אבער אנגערעגט צו אינטענסיװער טעטיקײט אויך פארן אײגענעם קולטור-געזעלשאפטלעכן געברויך.

און עס איז געװען עפעס אזוינס װי א געטלעכער שטויס, װי א גע־הײמע קראפט װאס האט אנגעהויבן באװעגן יידישע סוחרים און פאברי־קאנטן, אז זײ זאלן ארײנטרעטן אלס פארשטײער פון בוי-קאמיטעטן און זײ זאלן לאזן זײערע פאבריקן און געשעפטן אונטער פרעמדע אויפזיכט און אלײן אװעקגײן אויף א סך שעה׳ן טעגלעך, זאמלען געלט אויף צו בויען יידישע שול-בנינים און אנדערע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס.

מען האט שוין דא געװאוסט װעגן דעם חורבן פון יידישן ישוב אין פינסטערן היטלער-לאנד, מען האט אבער נאך נישט געהאט קײן אנונג װעגן דעם גרויסן אומגליק װאס גרײט זיך אראפצולאזן איבערן גאנצן מיטל-אײראפעאישן יידנטום, װען אונזערע ארגענטינער יידישע יידן זײ־נען געשטויסן געװארן פון דער אומצעשטערבארער מיסטישער  קראפט פון „אײביקן ייד״, אנצוהויבן בויען און פארפונדעװען יידיש לעבן דא, אײ־דער עס װערט אײנגאנצן חרוב אין די פיל-דורותדיקע אלטע יידישע הײ־מען. . .

ד

# כאַקאָבאָ זילבערמאַן

אין זעלבן טאָג, ווען ער האָט זיך אין דער אימיגראַציע־דירעקציע אַזוי פּלוצלינג באַגעגנט מיט זיין שיף־שוועסטער, די זייגערן פון זיין קינד, האָט ברוך שטיינבערג באַזוכט זיין אַדוואָקאַט.

שוין אַ לאַנגע צייט ווי ברוך האָט כמעט ווי פאַרגעסן אָן זיין פּיין. די פּאַרנומענקייט, די אָנגעשטרענגטע אַרבעט מיטן אַריבערקלויבן זיך פון שטעטל אין דער הויפּטשטאָט, דאָס איבערנעמען און איינאָרדענען די קליינט, דאָס פאַרזאָרגן די קינדער מיטן פאַרשרייבן זיי אין שולן, דאָס אַרויספאָדערן פון שטעטל כאַקאָבאָס מעטריקעס און אַנדערע פּאַפּירן, אַז ער זאָל קענען אָנגענומען ווערן אין „נאַציאָנאַל" און דערנאָך אין אוניווערזיטעט, כדי דאָ צו פאַרענדיקן זיין שטודיום און טאַקע דאָס געשעפט גופא, וואָס האָט ברוכ'ן כסדר געהאַלטן אין טראַנס פון אַרבעט, אַט אַ די שטענדיקע פּאַרנומענקייט האָט אויף אַ צייט ווי אָפּגעמעקט פון זיין געדעכעניש זיין אַמאָליקן אומגליק, און בלויז אין זעלטענע פאַלן, האָט אַ שווערער חלום אויפגעוועקט אין אים זיין אומרו, נאָר אין גאַנג פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט איז די אומרו באַלד פאַרשוווּנדן.

גייענדיק אויפן וועג צום אַדוואָקאַט, האָט ער נאָכגעטראַכט וועגן דער סיבה וואָס האָט אין אים מיט אַזאַ קראַפט אויפגעוועקט זיין אַמאָליקן ווייטיק און פּיין און גייענדיק אַזוי, האָט ער אין געדאַנק גענומען ריידן צו זיך אַליין:

— די טעג ווערט שוין פופצן יאָר זייט מיין טראַגישן אָנקום קיין אַרגענטינע... מיין פאַרשוואונדן קינד וואָלט שוין איצט אַלט געווען פופצן יאָר...

ער האָט זיך געפילט זינדיק. אמת, ער האָט געשריבן, געבעטן מען זאָל נאָכפאָרשן, ער איז אַליין אויך געקומען פון זיין שטעטל קיין בוענאָס איירעס און געגאַנגען, געזוכט פּראָטעקציעס, אָבער צי האָט ער געטאָן

גענוג? צי האָט ער טאַקע אין פולער מאָס דערפילט זיינע פאָטער־פליכטן צום פאַרשוואונדענעם קינד?

באַהערשט פון אַזעלכע ווייטיקלעכע געדאַנקען איז ער אָנגעקומען צום אַדוואָקאַט.

ער האָט דעם אַדוואָקאַט איבערגעגעבן די דאַטעס וואָס ער האָט באַקומען אין אַרכיוו פון דער אימיגראַציע־דירעקציע, אָבער די מאָגערע דאַטעס האָבן פאַר דעם אַדוואָקאַט נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג.

כדי צו קענען אָנהויבן אַ געריכטלעכע אויספאָרשונג וועגן אַ פאַרשוואונדן קינד, האָט ער באַדאַרפט האָבן אַ מעטריקע, אָדער כאָטש אַ באַשטעטיקונג פון דער אימיגראַציע־דירעקציע, אַז דעמלט און דעמלט איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע אַ קינד מיט דעם און דעם נאָמען.

אין זיין אומבאַהאָלפנקייט, האָט ברוך אויפסניי אָנגעהויבן באַשולדיקן דעם אַמאָליקן „צענטראַל־קאָמיטעט" און אימיגראַנטן־שוץ פאַריין. זיי האָבן דאָך דעמלט זיכער געמוזט זען, אַז ער, דער טאַטע פון דעם ברעקל יתומהלע, דרייט זיך אַרום אַ נעכטיקער, אַז ער באַנעמט אַבסאָלוט נישט וואָס אַרום אים קומט פאָר און אויף זיי איז געלעגן די אחריות צו וויסן וואָס מיט זיין קינד איז געוואָרן און וואו עס איז אַהינגעקומען.

און עס קאָן זיין, אַז ווען ער וואָלט געוואוסט אויף זיכער אַז דאָס וועט העלפן, וואָלט ער פון זיין פיין געמאַכט אַ געזעלשאַפטלעכן ענין; די געזעלשאַפטלעכקייט אין בוענאָס איירעס, איז שוין היינט נישט מער אַזוי ווי אַמאָל; עס זיינען היינט דאָ גרויסע אינסטיטוציעס מיט אַ סך אַנזען און איינפלוס, אפשר וואָלט מען דורך אַ געזעלשאַפטלעכער אַקציע געקאָנט עפּעס אויפטאָן, וויניקסטנס אויף צו דערוויסן זיך צי דאָס קינד איז דעמלט געבליבן ביים לעבן! ...

אפשר... אויף דעם בלויזן אפשר, האָט ער זיך פשוט געשעמט צו לאָזן דעם ענין באַקאַנט ווערן פאַר דער עפנטלעכקייט. ער פילט איצט אויף זיך די פולע אחריות פון אַ פאַמיליען־מענטש; ער ווייס, אַז די קינדערלעך וואַקסן קיין עין־הרע, כאַקאַבאַ וועט ווערן אַ דאָקטאָר און ער וועט אודאי באַלד שטיין אין שידוכים און ער ווייס און פאַרשטייט, אַז אויב דער ענין זאָל איצט, נאָך אַזויפיל יאָר קומען פאַר דער עפנטלעכקייט, וועט מען קיינעם נישט באַשולדיקן אַזויפיל ווי אים אַליין, פאַרוואָס ער האָט אַזוי לאַנג געשוויגן און ער וואָלט דערמיט זיך און זיין פאַמיליע פשוט אויסגעשטעלט אויף חוזק, צו שאַנד און שפּאָט...

טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער אפילו אָנגעהויבן באַדויערן דעם צופאַל, וואָס ער האָט זיך היינט געטראָפן מיט דער שיף־שוועסטער, ווייל אויב ער קאָן זיך אויך ביי איר גאָרנישט דערוויסן, וואָלט שוין געווען בעסער ווען

ער טרעפט זיך נישט מיט איר. זאָל דער ווייטיק שוין בלייבן בלויז ביי אים, אַבי עס זאָלן נישט צעשטערט ווערן די געמיטער פון זיין געטרייער חנהלע און די קינדער.

ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, צי דאַרף ער גיין אין אָוונט אויף דעם צוזאָגטן וויזיט צו זיין שיף־שוועסטער און איר מאַן, צי וואָלט נישט בע־סער געווען ער זאָל זיך מער נישט ווייזן פאַר זיי; נאָר דער געדאַנק, אַז אפשר וועט ער זיך ביי איר פאָרט דערוויסן עפּעס מער איינצלהייטן וועגן זיין קינד און אגב, אפילו נישט, איז נויטיק, אַז ער זאָל דאָרט בעטן, אַז דער ענין זאָל בלייבן בסוד, ווייל דאָס ריידן וועגן דעם קאָן גאָרנישט העל־פן, עס קאָן נאָר אים און זיין פאַמיליע פאַרשאַפן אַ סך פיינלעכע אומאָנ־גענעמלעכקייטן.

קיין וויכטיקע דאַטעס וועגן קינד, וואָס זאָלן האָבן אַ ווערט פאַרן אַדוואָקאַט, האָט זיך ברוך ביי גאָלדען נישט דערוואוסט.

זי האָט אַ סך געוויינט בעת זי האָט פאַר אים געשילדערט די סצענע אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ", ווען זי איז געשטאַנען און געקאַרמעט דאָס ברעקל קינד מיט איר ברוסט, בעת די יונגע און שיינע קימפּעטאָרן האָט פאַרמאַכט די אויגן אויף אייביק און זי האָט איבערגעחזרט דאָס זעלבע וואָס זי האָט שוין געזאָגט אינדערפרי, אַז זי האָט דאָס קינד געזייגט איבער דעם גאַנצן וועג, ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס און דאָ האָט מען זי פאַרהאַלטן אויף דער שיף, ביז עס איז אָנגעקומען אַן „ענ־פערמערא" וואָס האָט ביי איר צוגענומען דאָס קינד און שוין. מער ווייס זי נישט, ווייל יאַנקל, איר מאַן, האָט זי באַלד אָפּגעפירט אַהיים.

געענדיקט דערציילן דאָס וואָס זי האָט געדענקט צו דערציילן, האָט גאָלדע אויסגעווישט די אויגן און גענומען ברוכ'ן אויספרעגן, ווי אַזוי עס האָט געקאָנט געשען אַזוינס, אַז ער זאָל נישט וויסן וואו זיין קינד איז אַהינגעקומען און זעענדיק ווי ברוך זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און ווי זיין פּנים דריקט אויס ליידן און פּיין, האָט זי זיך ווידער צעוויינט און כדי אים צו טרייסטן, האָט זי אָנגעהויבן דערמאָנען ווי פּיצל דאָס קינד איז געווען, אַ זיבעלע, די גרויס — ממש ווי אַ פייגעלע... אין וואַטע איז עס געווען געוויקלט און די דאָקטוירים אויף דער שיף האָבן געציטערט דעריבער און קיינער פון זיי האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס קינד וועט בליי־בן לעבן און — האָט זי צוגעגעבן — אויב קיינער ווייס נישט וועגן דעם קינד, איז עס אודאי אַוועק צו דער פאַרשטאָרבענער מאַמע...

די לעצטע ווערטער אירע, האָבן ברוכ'ן געדינט אַלס טרייסט. יאָ, עס איז אומזיסט זיין זוכן און פאָרשן, דאָס קינד איז טויט. נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען אים אין שפּיטאָל געזאָגט, אַז דאָרט איז אין יענער

צייט געשטאָרבן אַ קינד אָן אַ נאָמען; זיכער איז עס געווען זיין קינד...

ברוך האָט דאָס מיט אַ כיוון דערמאָנט פאַר גאָלדען און ער האָט געבעטן ביי איר און יאַנקלען, זיי זאָלן וועגן דעם נישט ריידן פאַר קיינעם, ווייל כאָטש ער האָט נישט קיין אָפיציעלע דאַטן וועגן זיין קינדס טויט, איז עס אָבער זיכער אַזוי ווי מען האָט אים דעמלט אין שפיטאָל דערקלערט און עס איז שוין בעסער מער נישט צו דערמאָנען די אַלטע ווייטיקן...

ער האָט זיך נאָך געמוזט לאָזן ארומפירן פון גאָלדען איבער אַלע צימערן פון איר היפשן, שיין־אויסגעמעבלירטן דעפּאַרטאַמענט, ער האָט געמוזט קוקן אויף דעם שיינעם גרויסן עלעקטרישן אייז־קאַסטן און אויף דעם שיינעם ראַדיאָ וואָס איז געווען קאָמבינירט מיט אַן אויטאָמאַטישן גראַמאָפאָן וואָס טוישט אליין די פּלאַטן און אויך געמוזט אויסהערן גאָלדעס פרײדיקע אַראָפּריידן זיך פון הארץ, וויפיל אַרבעט און מי און וויפיל יונגע כוחות איר מאַן און זי האָבן געמוזט אוועקגעבן, ביז זיי האָבן דאָס אַלץ דערגרייכט.

ברוך האָט געדאַנקט פאַר דער וואַרימער אויפנאַם, צוגעזאָגט אז מען וועט זיך נאָך זען, געזעגנט זיך און אוועק.

איבערן גאַנצן וועג ביז אַהיים, האָט ער איינגעחזרט אין זיך דיזעלבע ווערטער וואָס מען האָט אים אַמאָל געזאָגט אין שפּיטאָל און מיטן צוגאָב פון זיין שיף־שוועסטער, אַז דאָס קינד איז געווען ווי אַ פייגעלע, אין וואַטע געוויקלט און אַז דאָקטוירים האָבן געצווייפלט צי עס וועט בלייבן לעבן, האָט ער באַשלאָסן אַז דאָס קינד איז אודאי נאָך דעמלט געשטאָרבן און דאָס וואָס די ערד דעקט צו, דאָס מוז מען פאַרגעסן... פאַרגעסן...

ער האָט געפילט ווי אַ שווערע משא וואָלט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעקייקלט פון זיין געמיט, זיינע טריט זיינען געוואָרן זיכערער און פעסטער און אַ האָפענונג איז אויפגעגאַנגען אין זיין הארץ, אז פון איצט אָן וועט זיך פאַר אים אָנהויבן אַ ניי לעבן.

עס איז שוין געווען גענוג שפּעט, ווען ער איז צוגעקומען צו זיין הויז און ער איז געבליבן שטיין פאַרוואונדערט, זעענדיק אז דער טויער שטייט אָפן און פאַרן הויז שטייט אַ וואָגן פון דער „אַסיסטענציאַ פּובליקאַ".

דאָס הויז וואו ברוך האָט געוואוינט, איז געווען פון אַכט שטאָק מיט דריי הויפן אין דער טיף און האָט געהאַט אַ סך דעפּאַרטאַמענטן און עס איז ברוכ'ן אויפן ערשטן מאָמענט אפילו נישט איינגעפאַלן דער געדאַנק, אז אָט אַ דער „רעטונגס־וואָגן" זאָל האָבן אַ שייכות מיט זיין דעפּאַרטאַמענט. נאָר פּלוצלינג האָט אים עפּעס אַ טיאַכקע געטאָן אין הארצן און נישט וועלנדיק פאַרלירן קיין צייט מיט עפענען דעם „אַסענסאָר", איז ער שנעל אַרויפגעלאָפן די טרעפּ אויפן ערשטן שטאָק און נאָך שטאַרקער האָט

אין אים גענומען קלאַפּן דאָס האַרץ, ווען ער האָט געזען די טיר פון זיין דעפּאַרטאַמענט אָפן און עס זיינען גראָד אַרויס פון דאָרט צוויי סאַניטאַרן אין ווייסע כאַלאַטן און ווייסע היטעלעך, וואָס האָבן מיט זיך מיטגענומען אַ לאַנג טראָג־בעטל.

אַ דערשראָקענער אויף טויט האָט זיך ברוך אַריינגעריסן אין שטוב:

— חנהלע! קינדער! וואָס איז געשען?...

חנהלע, אַ בלאַסע, מיט צעשויבערטע האָר, האָט אים אָנגעוויזן מיט צוויי פינגער אויפן מויל, אַז ער זאָל זיין שטיל. זי האָט שוין טעלעפאָנירט נאָך אַ דאָקטאָר. מען האָט כאַקאַבאַן אהיימגעבראַכט פון האָספּיטאַל דע קליניקאַ מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ...

יאַנקעלע, אָדער כאַקאַבאַ זילבערמאַן, דער יתום וואָס איז געבליבן נאָך יוסף זילבערמאַן, דעם קאָלאָניסט ר׳ ירוחימס איידעם וואָס האָט ברוכ׳ן אָפּגעוואָרט ביי דער באַן, ווען ער איז געקומען זיין אַ לערער אין דעם שטעטל נעבן באַהיאַ בלאַנקאַ, איז געוואַקסן ווי אַ מוסטער פון די גע־ראָטענע יידישע קינדער וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין די נייע היימען פון זייערע עלטערן, אין אַרגענטינע.

פאַר דעם יידישן קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַרגענטינע, איז די היים נישט געווען קיין נייע היים און אַרגענטינע איז פאַר אים נישט געווען דאָס נייע לאַנד, נאָר די היים איז געווען זיין היים און אַרגענטינע — זיין געבורטס־לאַנד און אויב די עלטערן האָבן אָפט דערמאָנט זייערע אַלטע היימען וועלכע זיי האָבן ליב געהאַט, נאָר די שווערע לעבנס־באַדינ־גונגען האָבן זיי געטריבן פון דאָרט און זיי האָבן דאָ ליב באַקומען אַרגענ־טינע, דאָס לאַנד, וואָס האָט זיי אַזוי פריינטלעך אויפגענומען און געגעבן זיי אַלע רעכט צו אַרבעטן און לעבן און אויסבויען זיך דאָ זייערע נייע נעסטן, האָבן די הי־געבוירענע קינדער נישט געוואוסט פון קיין אַלטע היים, דאָס איז געווען זייער היים און דאָס זייער לאַנד, פאַר וועמענס זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט זיי זיינען גרייט צו שטאַרבן, אַזוי ווי עס זאָגט זיך אין אַרגענטינער נאַציאָנאַלן הימן, וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן זינגען באַלד אין דער ערשטער קלאַס אין די אַרגענטינער שולן.

די אין אַרגענטינע געבוירענע יידישע קינדער האָבן נישט געוואוסט פון דעם מינדער־ווערטיקייט־געפיל פון אימיגראַנטן און זיי האָבן גע־וואוסט, אַז אַרגענטינע איז זייער לאַנד און זיי זיינען אַרגענטינער.

אויך די נישט־יידישע שכנים האָבן דעם יידישן קינד נישט געגעבן צו פילן, אַז זיי זיינען עפּעס אַנדערש, ווייל דער רוב פון די שכנים זיינען אַליין אויך געווען אימיגראַנטן פון פאַרשידענע לענדער און פון פאַרשי־דענע גלויבנס און געוואוינהייטן און אויף וויפיל די אַלע אימיגראַנטן האָ־

בן נאר געפלעגט די אלט-היימישע קולטור און געוואוינהייטן און זיי האבן זיך באמיט אויך אין זייערע קינדער דאס איינצופלאנצן, האבן די קינדער אלץ געוואוסט און געפילט אז זיי זיינען פרייע ארגענטינער און אז דאס קומען פון זייערע עלטערן קיין ארגענטינע איז געווען א טובה פאר דעם גרויסן און שיינעם, נאר וויניק באפעלקערטן לאנד, לויט דער לאזונג פון דעם ארגענטינער „פראסער" און גרויסן שטאטסמאן אלבערדי, וואס האט געזאגט אז — רעגירן, הייסט באפעלקערן! ...

יאנקעלע איז געוואקסן א געראטן ארגענטינער יידיש קינד.

שוין אין די אנפאנגס-שולן אין שטעטל, האט ער געשמ'מ אלם בעס-טער שילער און אויב ער האט אמאל געליטן צוליב קנאה פון אנדערע קינדער, איז דאס נישט געווען קיין ליידן פאר זיין יידישקייט, נאר פאר זיין בעסער קענען. אויך די קליינע צאל יידישע קינדער אין שול האבן געפילט לגבי אים דיזעלבע קנאה.

אזוי איז אויך געווען אין דער מיטל-שול אין באהיא בלאנקא. אויך דארט איז ער געווען איינער פון די בעסטע שילער און קיינער האט אים קיינמאל נישט געגעבן צו פילן, אז ער איז בעסער אדער ערגער, ווייל ער איז א ייד.

ערשט ווען ער איז אנגעקומען אין דער מיטל-שול, אין „נאציאנאל" פון דער הויפט-שטאט, האט זיך די לאגע פאר אים געענדערט. דא האט ער זיך שוין אנגעטראפן נישט בלויז אויף קנאה פאר זיין בעסער קענען, נאר אויך אויף חוזק און שנאה אויפן חשבון פון זיין יידישן אפשטאם.

היטלער איז שוין געהאט געקומען צו דער מאכט אין דייטשלאנד און זיין פראפאגאנדע פון ראסן-האס און אנטיסעמיטיזם וואס האט שנעל פאר-פלייצט גאנץ דייטשלאנד, האט זיך גענומען שפרייטן איבער אנדערע לענ-דער און האט שוין אויך דערגרייכט די ארגענטינער ברעגן.

יאנקעלע, אדער כאקאבא, ווי מען האט אים שוין לאנג גערופן אפילו אינדערהיים, האט זיך נישט געלאזן באליידיקן, ער האט געוואוסט ווי אזוי אפצוענטפערן, אבער דאס האט גאנץ אפט דערפירט צו צוזאמענשטויסן און א גליק איז געווען, וואס די צאל פארסמטע סטודענטן פון אנטיסעמי-טישן גיפט זיינען געווען וויניק און א סך פון די נישט-יידישע סטודענטן האבן זיך אויך געשטעלט אויף דעם צד פון די אומבארעכטיקט-אנגעגרי-פענע יידישע מיט-שילער און די קליינע צאל וואס האבן זיך גערופן „ני-ניאס ביען", האבן זיך מיט ציין-קריצעניש געמוזט צוריקציען.

נאך ערגער איז געווארן כאקאבאס סיטואציע, ווען ער איז אריין אין מעדיצינישן פאקולטעט.

דער ראסן-האס און אנטיסעמיטיזם צווישן די אוניווערזיטאריער אין

מעדיצינישן פאַקולטעט איז שוין געווען טרויעריק באַרימט און די צאָל פון די אַנטיסעמיטישע סטודענטן איז געווען גענוג גרויס, אָבער די צאָל יידי־שע סטודענטן וואָס האָבן שטודירט מעדיצין, איז געווען אַ היפּשע און צו זיי זיינען אויך צוגעשטאַנען אַ היפּשע צאָל אוניווערזיטעטאַריער וואָס האָבן שוין געהאַט זייערע פּאָליטישע אויסבליקן און זיי האָבן זיך כּסדר איינ־געשטעלט פאַר זייערע יידישע קאָלעגן און די אַנטיסעמיטן האָבן נישט געוואַגט צו גיין ווייטער ווי אָפּחוזקן און מאַכן פאַרשידענע וויצן אויפן יידישן חשבון.

ערשט אין מעדיצינישן פאַקולטעט האָט כּאַקאַבאַ אָנגעהויבן פילן וואָס דאָס מיינט אַ ייד און וואָס מער ער האָט דאָס געפילט, אַלץ שטאַר־קער איז אין אים געוואַקסן דער באַוואוסטזיין, אַז ער איז אַ ייד, אַז ער איז אַן אַרגענטינער ייד!

די באַדינגונגען האָבן אים געצוואונגען, ער זאָל זיך האַלטן צוזאַמען מיט די יידישע און מיט די קאָלעגיאַלע נישט יידישע סטודענטן, זיי האָבן געלערנט, אָבער זיי האָבן כּסדר אויך געמוזט זיין גרייט צו קענען אָפּענט־פערן ווי געהעריק אויב די „ניניאָס ביען" וועלן וואַגן אָנצופאַלן אויף זיי.

כּאַקאַבאַ האָט געוואוסט וועגן די פּאָליטישע קאַמפן וואָס קומען פאַר צווישן די פּאַרטייען פון לאַנד, אָבער ער האָט געוואָלט שטודירן, ער האָט געוואָלט לערנען און לאָזן די פּאָליטיק פאַר אַנדערע, נאָר די באַדינגונגען האָבן אים אויך אריינגעצויגן אין פּאַרטיי־געווירבל. ער האָט דאָך אַלעם געליטן אַלס ייד און ער האָט געמוזט צוגעבן, אַז דער ראַטן־פאַרבאַנד איז דערווייל דאָס איינציקע לאַנד וואָס האָט געזעצלעך פאַרבאָטן דעם ראַסן־האַס און אַנטיסעמיטיזם און פונקט אַזוי דאַרף מען אויך דאָ קעמפן פאַר אַזאַ הומאַנעם געזעץ און אַזוי איז עס געשען, אַז כּאַקאַבאַ האָט זיך אָנגע־שלאָסן אין אַן אָרגאַניזאַציע וואָס אירע לאָזונגען זיינען געווען — קאַמף קעגן ראַסן־האַס און אַנטיסעמיטיזם, נישט וויסנדיק אפילו אַז די אָרגאַני־זאַציע איז בלויז אַ פאַרהויז פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און ער איז טאַקע דורך דעם פאַרהויז אריינגעצויגן געוואָרן אין איר.

כּאַקאַבאַ איז געוואָרן אַ קאָמוניסט. מיט פיבערהאַפטער נערוועזיטעט האָט ער געלייענט די ידיעות וועגן דעם העראָאישן קאַמף פון שפּאַנישן פאָלק פאַר דער פרייהייט, ער האָט מקנא געווען די עטלעכע קאָלעגן זיינע וואָס זיינען אַוועק אַלס וואָלונטירן קיין שפּאַניע, כּדי דאָרט צו שטעלן זיך אין די רייען פון די פרייהייט־קעמפער און ער האָט שוין אַליין אויך אָנ־געהויבן טראַכטן אַזוי צו טאָן, אָבער זיין דראַנג צום לערנען, צו פאַרענדיקן

קודם זיין שטודיום כדי צו ווערן אַ נוצלעכער מענטש, האָט אים אָפּגע־האַלטן פון דעם שריט.

און אין פאַקולטעט איז די לאַגע פון דעם יידישן סטודענט געוואָרן ערגער און ערגער. די פוילע וויצן פון די אַנטיסעמיטישע סטודענטן, זייער רופן אים „כאַקויביטאַ", „כאַקויבאַ", דאָס פאַרקרומען זיך און פאַרדרייען זיין נאָמען, האָט אין אים אויפגעקאָכט די בלוטן, אָבער ער האָט זיך באַ־הערשט, אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן אים אָנגעגריפן פיזיש, ערשט דעמלט האָט ער מיט קראַפט אויסגעלאָרן זיין גאַנצע פאַרביטערונג קעגן זיי און נישט איינער פון זיי איז אַוועק פון אונטער זיינע געזונטע קולאַקעס אַ צע־קיילטער און צעביילטער.

גאָר שווער איז געוואָרן זיין סיטואַציע, ווען ער האָט אָנגעהויבן גיין צו די פּראַקטישע מעדיצינישע לעקציעס. די לעקציעס זיינען פאָרגעקומען אין אַן אָפּטיילונג וואו מען האָט געבראַכט פון שפּיטאָל די אומבאַקאַנטע מתים וואָס קיינער האָט זיי נישט ארויסגעפאָדערט און אויף די סעקצירטע מתים האָבן די סטודענטן געלערנט אַנאַטאָמיע.

דאָרט האָבן די סטודענטן באַקומען זייערע לעקציעס גרופּעסווייז און עס איז אָפט איינגעקומען, אַז צווישן דער גרופּע איז געווען בלויז איינער אָדער צוויי יידישע סטודענטן און די איבעריקע זיינען געווען בלויז פון די „ניניאָס ביען", פון די „פיין־דערצויגענע" כוליגאַנישע אוניווערזיטאַריער.

און דאָסמאָל איז געשען, אַז כאַקאָבאַ איז אריינגעפאַלן אין אַזאַ גרופּע איינער אַליין, און ער וועט שוין דעם טאָג קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

געווען דאָרט צווישן די כוליגאַנעס איינער אַ סטודענט פון דייטשער אָפּשטאַמונג, מיטן נאָמען פריץ שנאַלהעצל. מיט וואָס דער נאָמען פריץ שנאַלהעצל איז שענער פון כאַקאָבאַ, דאָס האָט קיינער און נישט ער אַליין געוואוסט, אָבער קענענדיק דייטש, האָט ער געחוזקט פון דעם כאַקויבאַ־כאַקויביטאַ זילבערמאַן און היינט האָט ער געמאַכט אַן אַנטדעקונג, אַז זילבערמאַן מיינט אויף שפּאַניש — „האָמברע דע פּלאַטאַ" און שנאַלהעצלס איבערזעצונג האָט ארויסגערופן אַ ווילדן געלעכטער פון דער גאַנצער גרופּע.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס חוזק'ן בעת קליינע פויזן אינמיטן דער לעק־ציע און אַבי די לעקציע האָט זיך געענדיקט און די צוויי פּראָפעסאָרן זיי־נען אַרויס, האָט שנאַלהעצל זיך געשטעלט כאַקאָבאַן אין וועג און געפרעגט אים וויפיל געלט ער האָט, ווייל אויב זיין נאָמען איז „כאַקויביטאַ האָמברע דע פּלאַטאַ", דאַרף ער אודאי האָבן אַ סך געלט . . .

כאַקאָבאַן איז שוין די גאַנצע צייט געווען אָנגעמאָזאָליעט אויפן האַר־צן צוליב שנאַלהעצלס חוצפה און איצט, ווען ער האָט זיך אַזוי אַוועקגע־

שטעלט אין וועג און אים באַליידיקט מיט דער חוזקדיקער פראַגע, האָט ער פאַרגעסן אַ טראַכט צו טאָן אַז ער איז דאָ איינער צווישן אַ סך שונאים כוליגאַנעס, ער האָט צונויפגעקראַמפּט די פויסט און מיטן גאַנצן כח פאַר-פאָרן שנאַלהעצלען אונטער דער מאָרדע.

שנאַלהעצל האָט זיך צוויי מאָל איבערגעקערט און אַוועקגעפאַלן, כאַקאַבאַ האָט געוואָלט ארויסלויפן, אָבער די אַנדערע סטודענטן האָבן אים פאַרהאַלטן ביי דער טיר, אים אריינגעשלעפּט צוריק אינדערמיט זאַל, צווישן די טישן וואו עס זיינען געלעגן די צעשניטענע טויטע קערפּער און דאָ האָבן זיי אויף דעם אומגליקלעכן געהאַגלט מיט די קולאַקעס.

כאַקאַבאַס פויסטן האָבן געקעמפט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גבורה. אָט האָט ער אַפּגעשטויסן איינעם, וואָס האָט זיך איבערגעקערט און אומגעפאַלן און אָט אַ צווייטן, אָבער דאָ איז אונטערגעקומען שנאַל-העצל, די רציחה האָט אין אים געברענט, ער האָט אַ חאַפּ געטאָן אַן אויס-געטריקנטן קנאָכן פון אַ מענטשלעכן פוס און מיט פולער קראַפט אים אַראָפּגעלאָזט אויף כאַקאַבאַס קאָפּ.

כאַקאַבאַ איז אומגעפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט און ערשט אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט מען אים אַזוי געפונען און מען האָט אים פאַרנייט די וואונד און געמאַכט די ערשטע קוראַציע און אַ שעה שפּעטער, האָט מען אים מיטן שפּיטאַל-אַמבולאַנס, אַפּגעשיקט אַהיים.

איצט זיצט ברוך אויף אַ בענקל נעבן כאַקאַבאַס בעט, ער זיצט אַ גע-בויגענער, מיטן פּנים איינגעגראָבן אויף די האַנט-פלאַכן פון זיינע הענט, וואָס שטיצן זיך מיט די עלענבויגנס אויף זיינע קניען. ער זיצט פּונקט אַזוי ווי ער איז אַמאָל, מיט פופצן יאָר צוריק געזעסן אין דעם קעמערל אויף דער שיף נאָך דעם טראַגישן פאַרפאַל, אָבער איצט איז ער ביי זיין קלאָרן פאַרשטאַנד, איצט באַנעמט ער מיטן פולן באַוואוסטזיין וואָס דאָ איז געשען און ליגנדיק אַזוי מיטן פּנים אויף זיינע האַנט-פלאַכן, טראַכט ער: — פאַרוואָס? אוי גאָט, פאַרוואָס? פאַרוואָס שלאָגסטו אַזויפיל, אַזוי אומדערבאַרעמדיק און אַזוי אומאויפהערלעך איין איינציקן אומבאַהאָל-פענעם אומגליקלעכן מענטשן?!... מיט וואָס האָב איך זיך אַזויפיל פאַר-זינדיקט אין מיין אָרעם געפּלאָגט לעבן, וואָס דו שלאָגסט מיך אַזוי אומ-דערבאַרעמדיק מיט דיין צאָרן?!...

כאַקאַבאַ האָט זיך אַנגעהויבן באַוועגן און ברוך האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך צוגעבויגן אַ קוק טאָן אויף אים, זען צי כאַקאַבאַ דערקען אים...

# ה

## מלכה פלעכטמאַן און גיטעלע האבער

דער פאקט, וואָס די שיינע מלכהלע פלעכטמאַן, וועלכע האָט גע־וואַקסט פון איר רייצנדיקער שיינקייט און זי האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צומאָל קאָקעטיש אַ פינטל צו טאָן מיט אירע שיינע טיף־שוואַרצע פינקל־דיקע אויגן, האָט זיך אין גרעאַנגל צו באַפרייען זיך פון שאַנד געלאָזן צע־שניידן איר שיין פּנים, איז געווען אַ גענוגנדיקער באַווייז פון איר אומ־שולד.

איר איז היינט גוט. נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זי שוין געהאַט גענוג מאַטעריעלע מיטלען אָראָפּצונעמען די שווידערלעכע צייכנס פון איר צעשניטן פּנים דורך אַן עסטעטישער אָפּעראַציע און היינט איז איר גע־בליבן בלויז איין צייכן, ווי צום אָנדענק פון איר אַמאָליקער טרויעריקער איבערלעבעניש.

איר מאַן, שמחה, האָט זי זייער שטאַרק ליב געהאַט און נישט דעמלט אין שפּיטאָל און נישט די אַלע שפּעטערדיקע יאָרן, האָט ער אַמאָל אַפילו אַ פּרואוו געטאָן עפּעס פרעגן אָדער מיט עפּעס דערמאָנען וועגן דעם וואָס מיט איר איז פאַרגעקומען דורך די עטלעכע חדשים ביז עס איז געקומען צו דעם גרעאַנגל.

מיט די פינף הונדערט פעזעס וואָס אַן אומבאַקאַנטער מענטש האָט צוגעשיקט פאַר מלכהלען אין שפּיטאָל, האָט ער זיך אָנגעהויבן איינאָרדענען, ער האָט געקויפט אַ ניי־מאַשין און אַביסל רעשטלעך פון שטאָפן, אַ הויזן נייער איז ער שוין אַמאָל געווען און אַ שכן האָט פאַר אים צוגעשניטן די רעשטלעך און ער האָט גענומען נייען קינדער־הייזלעך.

פון פריען פאַרטאָג ביז אָרום אַכט אַזייגער, איז ער געזעסן ביי דער מאַשין, שפּעטער איז ער אַרוים מיט די אויפגענייטע הייזלעך איבער גאַסן און געסלעך און אויסגערופן: — „פאַנטאַלאָנעס פּאַראַ ניניאָס" און שמאָלע טויערן פון אָרימע הייזקעס האָבן זיך געעפנט, עס האָבן זיך באַוויזן פרויען מיט אָפּגעריסענע קינדער, מען האָט געמאַסטן און געקויפט די הייזלעך. אַהיימגעקומען מיט פּדיון, איז ער ביי טאָג אַרוים קויפן נייע רעשטלעך און אַט איז ער ווידער געזעסן ביי דער מאַשין און ווייטער געאַרבעט ביז שפּעט

אין דער נאַכט, ביז ער האָט באַוויזן צו עפּענען אַ קרעמל אין אַ „סאַגואַן״ און מלכה׳לע האָט באַדינט דאָס קרעמל.

ער האָט ליב געהאַט מלכהלען און כאָטש ער האָט זיך באַמיט צו פֿאַרגעסן אַלץ וואָס איז מיט איר געשען, האָט אָבער אין זיין האַרץ געטליעט אַ שרעק פֿאַר נייע נסיונות און מיט כחות פֿון צען אייזלען, האָט ער געאַרבעט, ווי מען זאָגט עס, חמור למשא...

ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט אַליין צושניידן די רעשטלעך און ער האָט שוין אָנגעהויבן פּרואוון פֿאַרקויפֿן די הייזלעך אין הורט, אין „מער־קאָדעס״ צו די קרעמער און אין קליינע קלייטן און עס איז אַוועק גוט, אַט האָט ער שוין נאָך אַ מאַשין און נאָך אַ מאַשין. עס זיצן שוין אַרבעטער און מען נייט שוין נישט בלויז די קליינע קורצע הייזלעך פֿון רעשטלעך, נאָר עס ליגן גרויסע שטיקער סחורה און מען נייט הויזנס און גאַנצע אַנציגער און היינט שטייט ער מיט אַ גרויסער קלייט אין געגנט „אָנסע״, די צוויי קינדער וואָס מלכהלע האָט אים געבוירן, וואַקסן שיינע און געראָטענע און מלכהלע פֿירט זיי יעדן אינדערפֿרי אויף לאַוואַזשע, צו די געזעלשאַפֿט־לעכע שולן, יאָסעלען אין שול אריין און לאה׳לען — אין קינדער־גאָרטן.

שמחה איז ווייטער ענערגיש און אַרבעטזאַם, אָבער דאָס געשעפֿט זיינס מיטן וואָרשטאַט האָבן שוין געגוג אַרבעטער און אָנגעשטעלטע און ווען מען האָט אים פֿאָרגעלייגט אָנצונעמען אַן אַמט אין דער קאָמיסיאָן פֿון הכנסת אורחים, האָט ער אָנגענומען און שפּעטער איז אויך מלכהלע אַריין אַלס מיטגליד אין דער דאַמען־קאָמיסיאָן פֿון יידישן שפּיטאָל און כאָטש אויף איר פּנים איז נאָך געבליבן אַ צייכן פֿון איר טרויעריקער אי־בערלעבעניש, האָט די צייט און דאָס בעסערע לעבן אָפּגעווישט און אויס־געמעקט דאָס אַמאָליקע פֿון איר האַרצן און פֿון איר געמיט.

שמחה פֿלעכטמאַן מיט מלכהלען און זייערע קינדערלעך פֿירן אַ שיין, גליקלעך באַלעבאַטיש פֿאַמיליען־לעבן און זייער עקאָנאָמישער וואויל־שטאַנד האַלט כסדר אין איין וואַקסן פֿון גוט, אויף בעסער און בעסער.

.............................................................

אַנדערש איז עס געשען מיט גיטעלע האָבער, דעם אינטעליגענטן מיידל פֿון באַכניע, נעבן קראָקע, וואָס דער דענטיסט פֿעלצמאַן האָט פֿון זיין פֿאַרוואָרפֿן ווינקל אין ענטרע־ריאָס אַזויפֿיל בריוו געשריבן וועגן איר און געבעטן מען זאָל זיך דערוויסן וואו זי געפֿינט זיך און וועלכע איז דעמלט אַזוי שפּורלאָז פֿאַרשוואונדן.

די רעדער פֿון טרויעריקע געשעענישן האָבן גיטעלען אריינגעדרייט אונטער זיך און האָבן זי צעריבן.

זי ליגט איצט אין אַ שפּיטאָל, אין דער אָפּטיילונג פֿון אַנשטעקנדיקע

קראַנקהייטן. זי ליגט אין דעם שפּיטאָל־בעטל אין גליענדיקן פיבער. ארום איר בעטל שטייען דאָקטוירים און סטודענטן־פּראַקטיקאַנטן און אַן אַלטער פּראָפעסאָר גיט פאַר זיי אַ מעדיציניש לעקציע, ווייזנדיק מיט דעם בלייער וואָס ער האַלט אין דער האַנט, אויף דער קראַנקער פרוי:

— „טעאָרעטיש, אויב זי וועט אויסהאַלטן די שטאַרקע דאָזע קוועקזילבער, קאָן זי נאָך רעאַקציאָנירן און בלייבן לעבן, אָבער זי וועט בלייבן פּאַראַליזירט און אויב נישט, וועט זי מוזן ליידן פון אָפטע עפּילעפּטישע צוזאַמענברוכן ..."

ווען גיטעלע האָבער האָט אין איר איינזאַמקייט, בענקשאַפט און נויט געשריבן דאָס בריוול צו איר שיף־ברודער, דעם גאַלאַן לואי פראַנסוא אין בראַזיל, האָט זי זיך דערמיט אליין אריינגעוואָרפן אין דער נעץ וואָס ער האָט מיט זיינע מאַניקירטע נעגל אויסגעשפּינען פאַר איר, נאָך אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ".

ער האָט איר באַלד געענטפערט, אַז ער פילט זיך זייער באַטריבט צוליב אירע ליידן און אַז אַבי ער וועט זיך קענען באַפרייען פון זיינע פאַרפליכטונגען אין בראַזיל, וועט ער זיך אומפאַרזוימט אריבערכאַפּן קיין בוענאָס איירעס און ער וועט זען וואָס ער קאָן טאָן פאַר איר.

דער בריוו איז געווען געשריבן אין אַ פאַרגרייזטן דייטש געמישט מיט פראַנצויזישע ווערטער און דאָס האָט גיטעלען נאָך מער אימפּאָנירט און חוץ דעם בריוול, איז אין קאָנווערט אויך געלעגן אַן אַרגענטינער פופציק פּעזאָדיקער באַנקנאָט.

גיטעלע איז געווען גליקלעך. זי האָט פאַר זיך געזען אַ ניי לעבן וואָס קומט איר אַנטקעגן אויף אַזאַ מאָדנע אופן, נאָר ווי אַזעלכע גליקלעכע צופאַלן ווערן באַשריבן אין געוויסע ראָמאַנען און מיט אַ פלאַטערנדיק געמיט, האָט זי אים אָנגעשריבן אַ דאַנק־בריוו, זי האָט אים פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער האָט איר געשיקט געלט, ווייל נישט דאָס איז זי אויסן געווען, זי דאַנקט אים מער פאַר דער האָפענונג וואָס ער גיט איר, אַז ער וועט קומען און וועט דאָ פאַר איר עפּעס אויפטאָן, כדי צו פאַרבעסערן איר אומגליקלעכע לאַגע ...

בלויז צוויי וואָכן שפּעטער, בלויז צוויי וואָכן, וואָס האָבן זיך אָבער פאַר איר געצויגן ווי צוויי אייביקייטן, האָט זי פון אים באַקומען אַ טעלעגראַמע אַז ער איז שוין דאָ, און אַז ער וועט אויף איר וואַרטן פונקטלעך פיר אזייגער נאָכמיטיק אויף דעם ראָג פון די גאַסן רעקאָנקיסטאַ און קאָריענטעס.

ווען זי האָט אים דערזען אין דעם שיינעם טוריסטן־אָנצוג מיט דער

פרעכטיקער בריליאַנטענער שפּילקע אין קראַוואַט און מיט זיין צעשטראַלט פּנים, איז ער איר נאָך בעסער געפעלן ווי אויף דער שיף און אַן עמאַציאַנירטע פון פרייד, האָט זי זיך ממש אים געוואָרפן אין די אָרעמס.

ער האָט זי אריינגעפירט אין אַ קאָנפיטעריע, אין דער רעזערווירטער אָפּטיילונג „פאַר פאַמיליעס", באַשטעלט אַ שאָקאָלאַד און „מאַסאַס" און אויסהערנדיק גיטעלעס שילדערונגען וועגן איר בענקשאַפט און וועגן אירע ליידן דאָ אין דעם פרעמדן לאַנד, האָט ער איר פאַרזיכערט, אַז נאָך היינט וועט ער זיך פאַרשטענדיקן טעלעפאָניש מיט זיין פריינט אין ראָזאַריאָ, וואָס פירט אַ גרויס געשעפט פון אימפּאָרט. ער ווייס אַז מען דאַרף דאָרט אַ סעקרעטאַרשע וואָס זאָל קענען ענטפערן אויף דייטשע בריוו און ער האָפט, אַז עס וועט זיין גוט.

דערנאָך איז שוין אַלץ צוגעגאַנגען שנעל. שוין אויף צומאָרגנס האָט דער גאַלאַן געוויזן גיטעלען אַ טעלעגראַמע פון ראָזאַריאָ, אַז מען דערוואַרט דאָרט די סעקרעטאַרשע וואָס ער רעקאָמענדירט, און אַזוי ווי ער וויל נישט אַז זי זאָל אין דעם פאַר איר פרעמדן לאַנד פאָרן אַליין, וועט ער זי באַגלייטן און ביי דער געלעגנהייט וועט ער דאָרט אויך באַזוכן עטלעכע פירמעס מיט וועלכער ער שטייט אין קאָמערציעלע באַציאונגען.

פּונקטלעך צו דער צייט, איז גיטעלע מיט אַ טאַקסי-אויטאָ אָנגעקומען צו דער סטאַציע „רעטיראָ". דער שאָפער האָט איר געהאָלפן אַראָפּנעמען אירע צוויי שווערע וואַליזעס פון אויטאָ, זי האָט אים שוין געוואָלט באַצאָלן דעם באַטרעף פון דער רייזע, נאָר דאָ איז צוגעקומען דער עלעגאַנטער פראַנסואַ, באַצאָלט דעם שאָפער און צוגערופן אַ „טשאַנגאַדאָר" וועלכער האָט די צוויי וואַליזעס, אויף דער אָנווייזונג פון פראַנסואַ, אוועקגעטראָגן גלייך אַרויף, אויף דער באַן, אין אַ וואַגאָן ערשטע קלאַס.

נאָך פאַרנדיק אויפן וועג, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז עס פּאַסט נישט צו פאָרן גלייך פון דער באַן, מיט די וואַליזעס צו דער גרויסע פירמע און צום גליק, האָט פראַנסואַ אין ראָזאַריאָ אַ „טאַנטע", וועלן זיי קודם דאָרט פאַרפאָרן און דערנאָך וועט מען שוין זען.

גיטעלע האָט זיך געפילט אַזוי גליקלעך, אַז זי וואָלט באַשטאַנען, אַז די רייזע זאָל אַזוי געדויערן און געדויערן און זי האָט שוין, ביים בלויזן געדאַנק אַז פראַנסואַ וועט אודאי באַלד מוזן אוועקפאָרן, אָנגעהויבן בענקען און ווען זי האָט עס אים געזאָגט, האָט ער זי וואַרים ארומגענומען, צוגעצויגן איר קאָפּ צו זיינע ליפּן און איר אָפּגעפּרעסט אַ צערטלעכן קוש אויפן שטערן.

אָנגעקומען קיין ראָזאַריאָ, האָט אַ טאַקסי זיי אוועקגעפירט איבער

גאַסן און געסלעך און ענדלעך צוגעפאָרן צו אַ הויז; פראַנסואַ האָט באַ־
צאָלט דעם שאָפער און ווען דער שאָפער איז אַוועק, האָט ער אַ קוועטש
געטאָן דאָס גלעקל פון טויער, נאָך אַ קורצע ווײַלע האָט זיך די טיר גע־
עפנט און זיי זענען אַרײַן מיט די וואַליזעס.

אין איר גליקלעכן צושטאַנד האָט גיטעלע אפילו נישט באַמערקט, אַז
קיינער איז נישטאָ ביי דער טיר, אַז די טיר האָט זיך אליין אויטאָמאַטיש
געעפנט און פונקט אַזוי אויטאָמאַטיש האָט זי זיך פאַרמאַכט מיט אַ קלאַפּ
פון שלאָס.

פראַנסואַ האָט געלאָזן שטיין די וואַליזעס אין קאָרעדאָר און מיט גי־
טעלען אונטער אָרעם זיך געלאָזן אַרויפגיין די טרעפּ צום ערשטן שטאָק,
ביי די טרעפּ אויבן, איז שוין געשטאַנען פראַנסואַס מומע, אַ דיקע פרוי
מיט אַ היפשן גוידער און מיט אַ הויכער פריזור פון געלאַקטע בלאָנדע
האָר, וואָס גיטעלע האָט באַלד דערקענט, טראָץ אירע געפאַרבטע האָר
אויף בלאָנד, אַלס דיזעלבע פרוי וואָס האָט אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" גע־
גאָלטן אַלס זיין מוטער און אומווילקירלעך, נישט טראַכטנדיק אויפן מאָ־
מענט גאָרנישט, האָט עס איר אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן.

אויפן ערשטן אויגנבליק, האָט די דיקע פרוי פאַרשטאַנען אַז גיטעלע
האָט זי דערקענט און נאָכדעם ווי זי האָט זיך צעקושט מיט פראַנסואַ, האָט
זי אויסגעשטרעקט די הענט אַנטקעגן גיטעלען און אויסגערופן: אַ, דאָס
איז דאָך דוכט זיך, אונדזער שיף־שוועסטער! זייער אַנגענעם!

דאָס געבן זיך צו דערקענען, האָט צונישט געמאַכט אין גיטעלען דעם
אויפגעבליצטן צווייפל; די מומע האָט זיי אַריינגעבעטן צום טיש, סער־
ווירט געטראַנקען און צוביים, אָבער פראַנסואַ האָט דערקלערט אַז ער מוז
שוין גיין צו זיין פריינט דעם „אימפּאָרטאַדאָר", זאָל די טאַנטע דערווייל
פאַרווײַלן דעם גאַסט, ביז ער וועט צוריקקומען.

נאָך צוויי שעה, איז פראַנסואַ געווען צוריק. ער האָט אויסגעזען ווי
נישט דערזעלבער. זיין שמייכלענדיק פּנים איז איצט געווען פאַרכמורעט
און זעענדיק גיטעלעס פאַרוואונדערונג, האָט ער זי באַרואיקט אַז עס איז
גאָרנישט, בלויז אַ פאַרדרוס, וואָס גראָד היינט, האָט זיין פריינט דער אימ־
פּאָרטאַדאָר, געמוזט אַוועקפאָרן קיין בוענאָס איירעס און ווער ווייס ווען
ער וועט זיין צוריק . . .

ווען גיטעלע איז געוואָרן טרויעריק, האָט ער זי גענומען גלעטן און
באַרואיקן, אַז נאָך אַלעם איז דאָס נישט קיין אומגליק און אפשר איז עס
גאָר בעסער, ווייל וואָס מישטיינס געזאָגט קאָן זי דאָס פאַרדינען אויף אַזאַ
פאַסטן און אַז עס איז גאָר אַן עבירה, מיט אַזאַ שיין פּנים און מיט אַזאַ

שיינעם קערפּער, זאָל מען זיך דאַרפן אַריינזעצן אין אַ ביורא און פאַר אַ מיזעריע אָפּפינסטערן דאָרט די יונגע יאָרן...

גיטעלען זיינען די ווערטער פאַרגעקומען מאָדנע, אָבער זי האָט נאָך נישט געהאַט קיין אַהנונג וועגן דעם וואָס די דאָזיקע ווערטער זיינען אויסן; אָבער ווען אויך די מומע האָט זיך אַריינגעמישט און אַ זאָג געטאָן, אַז אַ שיינע יונגע פרוי, אויב זי האָט נאָר שכל, קאָן זי אין דעם לאַנד אַרומגיין אין גאָלד... זי דאַרף נאָר האָבן אַביסעלע שכל...

גיטעלע האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן. זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף פראַנסואַ, ער איז געזעסן פאַרכמורעט און מיט קאַלטן בליק איר געקוקט גלייך אין די אויגן. האָט זי אַ קוק געטאָן אויף דער „טאַנטע", זעט זי, ווי זי מאַכט זיך גלייך די פריזור און קוקט אויף איר מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל. זי קוקט ווידער אויף איר גאַלאַן און זי שפּרינגט אויף פון איר פלאַץ: — ניין! ניין! און זי לאָזט זיך אַרויסלויפן, לויפט אַראָפּ די טרעפּ, זי זעט, אַז די וואַליזעס שטייען נישט מער, אָבער ווער טראַכט איצט פון די וואַליזעס? איר לעבן, זי דאַרף ראַטעווען איר לעבן!... זי פּרוּווט עפענען דאָס טויער, פאַרמאַכט. הויבט זי אָן קלאַפּן אין טויער, אָבער קיינער הערט נישט דעם דומפן אָפּקלאַנג פון אירע פויסטן־קלעפּ אויף דער דיקער דעמבענער טיר, נאָר זי אליין. לויפט זי צוריק אַרויף און זי באַפעלט דעם גאַלאַן, ער זאָל איר שוין עפענען דאָס טויער, שטייט ער אויף, גייט צו צו איר, נעמט אָן איר האַנט און גיט זי אַ ציִ צו צו זיך, כאַפּט זי אַרום און רופט אויס:

— גענוג! איך האָב באַשלאָסן, אַז דו דאַרפסט נישט אַרבעטן אַלס בריוו־שרייבערן! דו קאָנסט און דאַרפסט מאַכן אַ בעסער לעבן און דו, האָב בעסער שכל און פאָלג וואָס מען זאָגט דיר!...

גיטעלע האָט אָנגעהויבן פילן ווי אַלץ דרייט זיך אַרום איר, עס איז איר פינסטער געוואָרן אין די אויגן און זי איז געבליבן אין אָנמאַכט אין פראַנסואַס אָרעמס.

:—:—:—:—:

ווען זי האָט געעפנט די אויגן, איז זי געלעגן אין אַ בעט און נעבן איר איז געזעסן די „מומע".

די מומע האָט זי געגלעט און געעצה'ט, אַז זי זאָל בעסער זיין אַ גוט קינד און עס וועט איר זיין גוט, ווייל טאָמער נישט, וועט זיין ערגער פאַר איר... פראַנסואַ האָט זיך פיינט צו שפּילן...

גיטעלע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און צוגעלאָפן צו דער טיר,

אָבער דאָ האָבן איר פאַרשטעלט דעם וועג צוויי יונגע מענטשן אַנגעטאָן אין לייבלעך אָן אַרבל, זיי האָבן זי פאַרהאַלטן און צוריקגעשלעפּט צום בעט.

אין טיר האָט זיך באַוויזן פראַנסואַ.

גיטעלע האָט געוואָרפן אויף אים אַ בליק און איז געבליבן ווי פאַר־גליווערט: — ווי איז מעגלעך? גאָט, מיין גאָט! ווי אַזוי האָב איך זיך דאָס אַליין אַריינגעוואָרפן אין אַזאַ אומגליק?...

פראַנסואַ האָט געשפּיזט אויף איר זיינע בליקן און מיט פּאַמעלעכ־טריט זיך דערנענטערט צו איר:

— ווערסט זיין גוט? זאָג, ווערסט פאָלגן וואָס מען הייסט דיר? ער האָט זיך געזעצט אויפן בעט און זיך צוגעבויגן צו איר: — זיי גוט, וועל איך דיך ליב האָבן... נאָר ווען ער האָט איר געוואָלט אַ קוש געבן, האָט זי מיטן גאַנצן כח אים אָפּגעשטויסן פון זיך און ווידער געוואָלט אַראָפּשפּרינ־גען פון בעט, און ווידער זיינען צוגעקומען די צוויי יונגען און זי מיט זייע־רע מוסקולירטע נאַקעטע הענט אַ וואָרף צוריק געגעבן אין בעט אַריין.

פראַנסואַ האָט אַ ווינק געטאָן צו דער מומע, און ביידע זיינען אַרויס פון שטוב, איבערלאָזנדיק דאָרט די צוויי יונגען, ביי וועלכע די אויגן האָבן זיך מאָדנע צעפונקלט...

קיינער אויף דער גרויסער וועלט, אַ חוץ די בעסטיעס פון דעם הויז, האָט נישט געהערט גיטעלעס פאַרצווייפלטע הילף־רופן אין דער נאַכט אַריין; קיינער איז איר נישט געקומען צו הילף אין איר קאַמף קעגן די צוויי ברוטאַלע באַצווינגער, זי האָט געקעמפט, געקעמפט אַזוי לאַנג ביז די כחות האָבן זיך ביי איר אויסגעשעפּט און זי איז געפאַלן, געפאַלן אין טיפן, טיפן תהום...

ווען זי האָט געעפנט די אויגן, איז שוין געווען גרויסער טאָג. ווען זי האָט אָנגעהויבן באַנעמען וואָס מיט איר איז געשען, האָט זי דאָס ערשטע געוואָלט אַראָפּ פון בעט, אויסזעצן די שויבן און אַרויסשפּרינגען פון פענסטער.

אָבער נעבן בעט איז געזעסן די „מומע" און קוקנדיק אויף איר מיט באַדויערן, האָט זי איר פאַרגעוואָרפן איר נאַרישע האַנדלונג און איר גע־עצה'ט, אַז זי זאָל זיין קלוגער, ווען נישט וועט איר זיין נאָך ערגער...

גיטעלע איז געווען גענוג אינטעליגענט, אַז זי זאָל פאַרשטיין, אַז זי איז דאָ אַריינגעפאַלן אין די נעגל פון די ערגסטע מינים פאַרברעכערישע בעסטיעס, פון וועלכע זי וועט זיך מער אַ לעבעדיקע נישט קענען אַרויס־רייסן און דער באַוואוסטזיין, אַז זי האָט זיך אַליין איבערגעגעבן אין זיי־

ערע הענט, האָט איר ממש געשפּאָלטן דעם מוח און זי האָט באַשלאָסן, אַז זי פאַרדינט דעם טויט פאַר איר לייכטזיניקער האַנדלונג. נאָך דעם טויט! זי וועט קעמפן ווי לאַנג זי וועט קענען און וועט זיך נישט אונטער־געבן און מעג מען אויף איר ווידער אָנשיקן די צוויי בעסטיעס, וועלן זיי זי נעמען נאָר אין איר אומעכטיקן צושטאַנד און פראַנסוא וועט פון איר קיין נוצן נישט האָבן!...

עס האָבן זיך פאַר גיטעלען אָנגעהויבן טעג פון ליידן און פּיין. מען האָט זי געקאַטעוועט מיט לאַנגע האַנטעכער וואָס זיינען געווען דורכגע־בונדן אין קניפּן. אַזוי האָבן די חברה־לייט געקאַטעוועט אומגליקלעכע שיינע מיידלעך, כדי עס זאָל אויף זייערע שיינע קערפּערס נישט בלייבן קיין סמנים... אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. אין די גרעסטע פּיין, אַבי זי איז נאָר געווען ביים באַוואוסטזיין, האָט זי מיטן גאַנצן כח, מיט ציין און נעגל געקעמפט און אָפּגעשטויסן פון זיך יעדן אונטערגעשיקטן מאַן וואָס האָט זיך צו איר דערנענטערט.

נאָך וואָכן און וואָכן קעמפן, איז פראַנסוא מיד געוואָרן און אַזוי איז עס געקומען צו דעם ביזט וואָס ער האָט געמאַכט מיט מאַריצן, ער האָט אים געגעבן גיטעלען און פאַר איר האָט ער באַקומען מלכהלע פלעכטמאַן, מיט וועלכער ער איז ערשט רעכט אַריינגעפאַלן.

דער טויש איז געמאַכט געוואָרן אַזוי, אַז מאַריץ איז פאַר גיטעלען דערשינען ווי אַ מלאך הגואל, אָבער שנעל האָט זי זיך דערוואוסט וואָס פאַרא מלאך ער איז און ווען זי האָט זיך אים אויך נישט געוואָלט אונ־טערגעבן, האָט ער אָנגעהויבן באַנוצן פאַר איר „דראָגס", דאָס האָט גע־האָלפן; אונטער דער ווירקונג פון די גיפטיקע באַטויבונגס־מיטלען, האָט זי מיט אַ שמייכל געלאָזן מיט זיך טאָן וואָס מען האָט געוואָלט. און זי איז געפאַלן, געפאַלן, געפאַלן...

אין לאַנד איז דערווייל פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע, נייע פּרעזידענטן און נייע רעגירונגען און איין רעגירונג האָט זיך ענדלעך אַ נעם־געטאָן צו די הענדלער פון געפאַנגענע ווייסע שקלאַפינס און האָט קאָנפיסקירט דאָס גאַנצע אייגנטום פון זייער אָרגאַניזאַציע „מיגדאל" און סיי מאַריץ, סיי פראַנסוא און אַ סך אַנדערע ליגן שוין לאַנג אונטער קראַטעס און זייער פּרעזידענט סעמקע רייבשטיין וואָס איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, איז אין פּאַריז אוועקגעפאַלן אין אַ רינשטאָק און מען האָט זיין טויטן קערפּער אָפּ־געפירט אין אַ קלינישער טויטן־קאַמער אויף אויטאָפּסיע, אָבער גיטעלע, נישט געדענקנדיק שוין אפילו ווער זי איז געווען, האָט נאָך אַלץ געזונקען אין דעם לעבן פון שמוץ און שאַנד, ביז זי איז קראַנק געוואָרן אַזוי אומ־

היילבאַר, אַז זי איז שוין געבליבן אין שפּיטאָל ביז זי האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם.

זי האָט נאָך דער ווייטיקלעכער איינשפּריצונג פון קוועקזילבער נישט רעאַקציאָנירט און בלויז צוויי שעה נאָכדעם ווי דער פּראָפעסאָר האָט נעבן איר בעטל געגעבן די לעקציע, האָט זי פּלוצלינג ברייט אויפגעריסן אירע אויגן און באַלד זיי ווידער פאַרמאַכט, פאַרמאַכט אויף אייביק . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין זעלבן טאָג איז אין „די פּרעסע" דערשינען אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אַ שטעטל אין ענטרע ריאָס, אין וועלכער עס ווערט מיטגעטיילט, אַז דער שטילער, באַשיידענער און אַלעמאָל מרה־שחורהדיקער, נאָר אויסגעצייכנטער דענטיסט דאוויד פעלצמאַן איז געשטאָרבן, און דאָס שטעטל דאַרף איצט האָבן אַ נייעם דענטיסט . . .

# ו

## סאַריטאַ ראָקאַ־ראַוסאָן דע אַרעוואַלאָ

אין דער רעזידענץ פון סולעמאַ און אַלפאָנזאָ ראַווסאָן־אַרעוואַלאָ, איז דער לעבנס־שטייגער געווען אַזוי ווי אין דעם רוב גרויסע רייכע הײמען פון די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס.

סולעמאַ איז בלויז אין איין פּרט געווען אַן אויסנאַם; זי איז נישט ווי די אַנדערע אַריסטאָקראַטישע דאַמען מיטגעפאָרן מיט איר מאַן קיין פּאַריז פאַרברענגען דאָרט דעם גרעסטן טייל פון יאָר, זי איז געווען אַ זייער פרומע גאָטספאָרכטיקע פרוי און זי האָט ליב געהאַט איר איינציק קינד, נישט געוואָלט זיין ווייט פון איר טויף־פאָטער, וואָס איז היינט שוין אַ בישאָף, און זי האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט איר איינציק קינד און נישט געוואָלט עס איבערלאָזן בלויז אויף די הענט פון איר גובערנאַנטין, די מאַדמאַזעל בידאורט.

פאַר סולעמאַן האָט עס געהייסן, אַז איר קרענקלעכער מאַן פאָרט יעדעם יאָר קיין פּאַריז צוליב זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד. דאָרט זיינען פאַראַן גרויסע דאָקטוירים און זיי דערהאַלטן אים ביים לעבן; אָבער זי האָט גוט געוואוסט אַז דאָס איז נאָר אַ תירוץ, אַז די ניין אָדער אַ סך מאָל צען חדשים אין יאָר, פאַרברענגט ער נישט בלויז אין פּאַריז, ער איז אַן אָפטער גאַסט אין מאָנטע קאַרלאָ, וואו ער באַמיט זיך אויסצוברענגען די היפשע טיילן פון פאַרמעגן, וואָס זייערע פּריצייטיק פאַרשטאָרבענע עלטערן האָבן נאָך נישט געהאַט באַוויזן אויסצוברענגען...

די צוויי אָדער דריי חדשים וואָס אַלפאָנזאָ אַרעוואַלאָ איז געווען אין אַרגענטינע, האָט ער מערסטנטייל פאַרבראַכט אויף זיינע קאַמפּן, פּאָוואַרקעס און וואַטע־פּלאַנטאַציעס וואָס האָבן זיך געפונען אויף די ווייטע אַרגענטינער טעריטאָריעס.

נישט האָבנדיק קיין אַנונג וואָס דאָרט קומט פאָר, האָט ער געמאַכט אינספּעקציעס, צוגעקוקט זיך צו דער אַרבעט אין די מעלקערייען וואו עס

האָבן געאַרבעט צענדליקער כמעט האַלב־נאַקעטע, פאַר דער צייט פאַרעל־טערטע פרויען מיט גערונצלטע שוואַרץ־פאַרברוינטע פּנימער און פאַרשטע־לנדיק זיך מיט דער האַנט די נאָז, האָט ער באַזוכט די גאַרבערייען, וואו מען האָט די אָפּגעשינדענע פעלן פון געפאַלענע בהמות געטרוקנט און אָפּ־ליבסטן איז אים געווען צוצוקן זיך ווי די יונגע, געזונטע און פלינקע „קאַוו־באָיען" זייִנע, מאַנסירן די יונגע פערד, פון וועלכע דער אַגראָנאָם, דער עקאָנאָם מיט די קאַפּאַטאַזן זיינע, וועלן דערנאָך דאַרפן אָפּקלויבן די פערד־לעך וואָס וועלן קענען דערצויגן ווערן אַלס גוטע „קאַררעראַ" פערד.

וועגן לעבן פון די הונדערטער מענער, פרויען און אפילו קינדער וואָס האָבן דאָרט געשקלאַפּט פאַר זיין וואוילטאָג וועגן, האָט ער זיך איבער־הויפּט נישט אינטערעסירט. דאָס האָט ער געלאָזן פאַר דעם עקאָנאָם און פאַר די קאַפּאַטאַזן און אפילו מיטן עקאָנאָם און אַגראָנאָם וואָס זיינען גע־ווען די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכע פון דעם אַלעם ארום, האָט ער ווייניקער גערעדט וועגן דער ווירטשאַפט און מער געשפּילט מיט זיי אין קאָרטן.

ער האָט געוואוסט, אַז ער קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן, אַז זיי פאַר־שטייען בעסער אין די אַלע זאַכן ווי ער און אַבי די הכנסות זיינען געווען נישט קלענער ווי מיט אַ יאָר צוריק, איז ער געווען צופרידן.

און אַזוי האָט ער יאָר־איין און יאָר־אויס ארויסבאַקומען פון זיינע איינגנטומען ריזיקע סומעס געלט, פון וועלכע ער האָט בלויז אַ קליינעם טייל דעפּאָזיטירט אין דער לאָנדאָנער באַנק אין ב. איירעס, אַז זיין פרוי זאָל קענען באַקומען די רענטעס אויסצוהאַלטן די רעזידענץ און די רעשט קאַפּיטאַלן האָט ער מיט זיך גענומען קיין אויסלאַנד, וואו ער האָט זיי, פונקט אַזוי ווי אַנדערע זיינס גלייכן, טיילווייז איבערגעלאָזן אין די שפּיל־הייזער פון מאָנטע קאַרלאָ און דעם רעשט, פאַרברויכט אויף ווייַן, ווייב און געזאַנג.

סולעמאַ איז געווען מיט איר קינד. קרענקלעך און אימפּאָטענט ווי ער איז געווען, איז איר געווען אַלצאיינס צי אַלפאָנזאָ איז אינדערהיים צי אין ווייטן פּאַריז. זי האָט געצערט און געוויאַנעט אַזוי ווי אַ בלום וואָס האָט נישט קיין זון און עס פעלט נישט אויף איר דער באַפרוכפּערנדיקער טוי פון הימל. איר איינציקער פריינט אין לעבן איז געווען איר טויף־פאָטער, דער מאָנסעניאָר, דער בישאָף און איר איינציקע פרייד אין לעבן, איז גע־ווען איר איינציק קינד, איר גאָלד־בלאָנד מלאכל סאַריטאַ, פאַר וועלכער זי האָט מיט צאַרט־מאַמישער ליבשאַפט געווידמעט איר לעבן און מיט גליקזעליקייט אין איר האַרצן, האָט זי צוגעקוקט ווי דאָס קינד וואַקסט שיין און געראָטן און זי איז נישט מיד געוואָרן אויסצוהערן די שילדערונגען פון

דער מאַדמאַזעל בידאורט, וועלכע האָט מיט אַנטציקונג דערציילט ווי אַזוי דאָס קליינע מלאכל פירט זיך אויף, די קלוגע פראַגעס וואָס זי שטעלט איר ביי יעדער געלעגנהייט ווען זי זעט עפּעס אַ נייע דערשיינונג און ווי טיף עס איז איר רחמנות צו יעדער לעבעדיקער באַשעפעניש, אַז זי האָט אַנ־געהויבן וויינען ווען זי האָט געזען ווי דער גערטנער האָט פאַרטיליקט די מוראַשקעס אין גאָרטן...

אויסהערנדיק וועגן איר קינדס רחמנות, האָט סולעמאַ אַ קוש געטאָן דעם צלם וואָס האָט שטענדיק אויף אַ קייטעלע געהאָנגען איבער איר האַרץ און האָט אַרויסגעשעפּציעט: — זי וואַקסט אַ פרומע קריסטין... אָ, יע־זוס האַרציקער!...

סאַריטאַ האָט מיט די בעסטע באַצייכענונגען פאַרענדיקט די קלאַסן אָנפאַנג־שול און סולעמאַס זאָרג איז נאָר געווען, אַז דאָס אַריבערגיין אין דער מיטל־שול, אין „ליסעאָ", זאָל נישט ווירקן שעדלעך אויף איר קינד.

דער בישאָף, וועלכער איז אויך געווען דער טויף־פאָטער פון איר קינד, האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז סאַריטאַ זאָל אָנקומען אין דער בעסטער „אינקאָרפּאָרירטער" מיטל־שול וואָס איז געשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר די אַריסטאָקראַטישע קינדער און סולעמאַ איז געווען גליקלעך, זעענדיק אַז דאָס קינד ווייזט נישט אַרויס קיין שום סימפּטאָמען פון אַ שלעכטער ענ־דערונג.

דער מאָנסעניאָר, איר טויף־פאָטער, איז אָפט געקומען אין דער רע־זידענץ און סולעמאַ האָט זיך פאַר אים ווידער און אָבער מתוודה געווען אויף דעם זעלבן חטא, וואָס זי גלויבט, אַז זי איז אַמאָל באַגאַנגען און וואָס איז געבליבן אַ סוד, וואָס קיינער ווייס נישט, אויסער ער, איר טויף־פאָטער, איר מאַן און זי. אויף אַנדערע חטאים האָט זי זיך נישט געהאַט וואָס מתוודה צו זיין, ווייל זי איז אַזעלכע נישט באַגאַנגען.

דער בישאָף האָט איר יעדעס מאָל אויסגערעדט, געזוכט זי צו אי־בערצייגן, אַז זי איז קיין זינד נישט באַגאַנגען, פאַרקערט, אַז זי האָט מיט איר טאַט געגרויסט און געהייליקט גאָטס נאָמען צום רום פאַר יעזוס קריסטאָ דעם דערלייזער...

דעם בישאָפס טרייסט ווערטער האָבן סולעמאָן בלויז צייטווייליק באַ־רואיקט; זי האָט געפילט, אַז איבער און אונטער די טרייסטווערטער איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס קוועלט זי, וואָס מאַכט ציטערן איר האַרץ פאַר עפּעס וואָס, וואָס זי קאָן זיך אַליין נישט דערקלערן.

די שטעכענישן אין איר ברוסט האָבן זיך פּעריאָדיש איבערגעחזרט, טראָצדעם וואָס זי האָט אויסגעפאָלגט אַלע אָנווייזונגען פון איר באַרימטן

הויז־דאָקטאָר, און זי האָט נאָר געבעטן ביי קריסטאַ דעם דערלייזער, אַז ער זאָל באַשיצן איר לעבן כאָטש אַזוי לאַנג, ביז איר קינד, סאַריטאַ, וועט אויסוואַקסן צו קענען זיין זעלבסטשטענדיק און ווען זי האָט געזען ווי דאָס קינד הויבט זיך אָן רייפן אַזוי ווי אַ יונג ביימעלע וואָס נעמט אויף זיך די ערשטע פרילינגס־בלעטלעך און הויבט אָן באַקומען אַן אַנדער אויסזען, האָט זי נאָך מער גענומען ציטערן איבער איר און נישט טראַכטנדיק כמעט וועגן עפּעס אַנדערש ווי וועגן סאַריטאַן און וועגן איר אַמאָליקן סוד, האָט זי באַשלאָסן, אַז כדי איר אַמאָליקע זינד זאָל ווערן פאַרגעבן, מוז זי ברענגען עפּעס אַ קרבן; זי מוז אויפטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זי מאַכן פילן, אַז גאָט האָט איר מוחל געווען, ווייל די טרייסט־ווערטער פון בישאָף מאַכן זי דאָס נישט פילן...

און אַזוי איז אַנגערוקט די צייט, ביז סאַריטאַ האָט באַדאַרפט אַלט ווערן פופצן יאָר, ווען זי האָט באַדאַרפט בייטן די קינדער־קליידלעך און אַריבערגיין פון אירע קינדערשע יאָרן צו מיידלשער רייפקייט און סולע־מאָס איינפאַל צו פראַווען סאַריטאַס פופצנטע „קומפּלע־אַניאָס" אויף אַזאַ אימפּאָזאַנט עקזאָטישן אופן, איז ביי איר געווען פאַרבונדן מיט איר אַמאָליקן סוד.

זיכער האָט זי זיך געפרייט זעענדיק די איבעראַשונג פון די געסט און זייער וואונדערן זיך אויף איר אויסערגעוויינלעכן איינפאַל, אָבער פיל גרע־סער איז ביי איר געווען די פרייד, וואָס דאָס אויסשטעלן די „גאָנדאָלאָס" און דאָס איינאָרדענען סאַריטאַס טראָן אויבנאָן אויף אַ אינסטאַלירטער שיף, האָט זי געמאַכט פילן, אַז זי באַצאָלט דערמיט אַן אַלטן חוב צו אומ־באַקאַנטע קרעדיטאָרן, אַ חוב וואָס האָט לאַנגע יאָר באַאומרואיקט איר געוויסן.

אויף איר אומבאַדינגטן פאַרלאַנג האָט אַלפאָנזאַ דאָס יאָר איבערגע־ריסן זיין ווײלן אין פּאַריז, איבערגעריסן זיין „קוראַציע" און איז געקו־מען צו דער געבורטסטאָג פייערונג; ער האָט דעם גאַנצן ענין גענומען לייכט און ער איז טאַקע באַלד נאָך דער פייערונג צוריקגעפאָרן קיין פּאַ־ריז. בלויז איר טויף־פאָטער, דער בישאָף, האָט געוואוסט די באַדייטונג פון דער קוריאָזער פייערונג און ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס זיין „קינד" ווי ער האָט זי גערופן, האָט זיך דערמיט באַרואיקט איר געמיט.

יאָ, סולעמאַ האָט געפילט אַז איר אַמאָליקער חטא איז פאַרגעבן און איר געמיט האָט זיך באַרואיקט, אָבער די שטעכעניש אין איר ברוסט האָט

זיך פונדעסטוועגן נישט אויסגעהיילט, און איר דאָקטאָר האָט געמוזט פאַר־טאָפּלען די צאָל פון זיינע וויזיטן צו איר...

:—:—:—:—:

און סאַריטאַ?

ביז צו די טעג ווען איר מאַ האָט אָנגעהויבן מיט די צוגרייטונגען צו פּראַווען איר פופצנטן געבורטסטאָג, האָט זי זיך אינטערעסירט מיט אַלץ אַרום וואָס זי האָט געזען און געהערט, זי האָט פון אַלצדינג געטראַכט און געזוכט צו פאַרשטיין, אַ חוץ פון זיך און פון איר אייגן לעבן.

איר דערציאונג איז געווען אַזאַ, אַז פאַר אַלץ וואָס אירע אויגן האָבן געזען און איר הערצל האָט באַגערט, האָט געזאָרגט איר מאַ, אָדער איר גובערנאַנטין די מאַדמאַזעל בידאורט.

זיכער האָט זי זיך פאַראינטערעסירט און געוואונדערט אויף אַ סך זאַכן און געשעענישן, אויף וועלכע זי האָט רעאַגירט אויף איר קינדישן אופן, שטעלנדיק פראַגן די מאַ, און נאָך מער, איר גובערנאַנטין, אָבער ווי אַ גוט דערצויגן קינד, האָט זי אָנגענומען די ענטפערס פאַר גוט און קיין צווייט מאָל נישט געשטעלט די זעלבע פראַגע.

ווען סאַריטאַ האָט נאָך אין די אָנפאַנג־שול אָנגעהויבן לערנען וועגן פלאַנצן און בלומען, און ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז בינען באַקומען פון פלאַנצן און בלומען זייער האָניק, האָט שוין קיינער נישט געטאָרט אין איר אָנוועזנהייט אַראָפּרייסן אַ בלימל אין זייער גרויסן גאָרטן.

ווען זי האָט געזען ווי אירע מיטשילערנס יאָגן זיך אין דעם שיינעם גאָרטן פון זייער רייכער פּריוואַט־שול נאָך אַ שמעטערלינג, האָט עס זי פאַרדראָסן און זי האָט געוויינט פון מיטגעפיל, ווען די קינדער האָבן גע־כאַפּט דעם שמעטערלינג און ביי דעם אַראָפּגעריסן די פאַרביקע פליגע־לעך. אין אַזאַ טאָג האָט זי ממש נישט געקאָנט עסן און ביינאַכט האָט זי געהאַט טרויעריקע חלומות.

די קינדער האָבן אַ סך מאָל געלאַכט פון איר צוליב איר נאַרישן רחמנות צו באַשעפענישן וואָס זיינען דאָך אייגנטלעך נאָר באַשאַפן גע־וואָרן צום פאַרגעניגן פאַר די קינדער און סאַריטאַ האָט זיך צומאָל געפילט ווי אַ פאַרשולדיקטע פאַר זיי, אָבער עס איז איר קיינמאָל נישט איינגע־פאַלן אַ טראַכט צו טאָן פאַרוואָס זי איז אַזוי אַנדערש פון זיי...

אַפילו אין „ליסעאָ”, אין דער מיטל־שול, כאָטש זי האָט אויף אַלע לימודים באַקומען אויסגעצייכנטע קוואַליפיקאַציעס, האָט זי אָבער נישט געקאָנט מיטהאַלטן מיט די אַנדערע אַריסטאָקראַטישע מיידלעך אין זייער

פירונג און ווי א פערזענלעכע באליידיקונג האבן פאר איר געקלונגען די מאדנע ווערטער וואס מאנכע פון אירע חברטעס און איבערהויפט די מער־אנטוויקלטע, האבן ארויסגערעדט נאך די אנהויב־לעקציעס וועגן לעבן און פארמערונג פון פלאנצן און באשעפענישן; עס האט איר ווי געטאן וואס די חברטעס שפעטן אזוי אפ פון גאטס באשאף, און זי האט מיט זיי מער נישט גערעדט.

ערשט בעת דער מוטערס צוגרייטונגען צו אירע „קומפלע־אניאס", האבן זיך געעפנט אירע אויגן און זי האט אנגעהויבן זען א חוץ אלץ ארום, אויך זיך אליין און עפעס האט זי זיך אנגעהויבן פילן ווי ארומגע־רינגלט פון סודות, וואס לאזן זיך נישט דורכדרינגען נישט מיט איר בליק און נישט מיט איר שכל.

זי האט געוואוסט, אז מיט איר אלט ווערן פופצן יאר, ווערט זי אויס קינד. זי האט געוואוסט, אז זי וועט שוין זיין א סעניאריטא און דארפן גיין אויף די בעלער און פארווייל־ונגען וואס פאמיליעס פון זייער גלייכן וועלן פאראנשטאלטן און זי וועט זיך דארפן טרעפן מיט מענטשן, מיט מע־נער און פרויען און ריידן מיט זיי ווי א גרויסע. וואס וועט זי ריידן? וועגן וואס וועלן זיין די שמועסן?

אמת, די קלוגע מאדמאזעל בידאורט האט שוין מיט איר אנגעהויבן ריידן וועגן די זאכן און זי גרייט זי פאמעלעך צו די זאכן, אבער וואס וועט זיין, אז די מענטשן וועלן ריידן עפעס ענלעכעס ווי די געוויסע „קאמפא־ניעראס" ריידן אין שול און זי וועט דארפן ברוגז ווערן אויף זיי?...

און צום ערשטן מאל האט זי אנגעהויבן זען און פילן, אז כאטש די אנדערע מיידלעך זיינען אין דיזעלבע יארן וואס זי און זיי זיינען קינדער פון אזעלכע פאמיליעס ווי זי און דאך איז זי אנדערש פון זיי און עס איז איר איינגעפאלן די פראגע, פארוואס איז זי אנדערש פון זיי?

זי האט אנגעהויבן טראכטן וועגן די פיינע פאמיליעס פון אירע קאמ־פאניעראס, זי קען זיי, די מא האט זי שוין נישט איינמאל מיטגענומען צו זיי אויף וויזיטן, זיי פירן זיך דאך כמעט פונקט אזוי ווי מען פירט זיך אין איר רעזידענץ, טא פארוואס איז זי אנדערש פון זיי?

און סאריטא האט אנגעהויבן זוכן די סיבה פון איר אנדערשקייט ביי זיך אינדערהיים און דא האט זי געזען, אז זי איז ארומגערינגלט פון סודות, וואס זי קאן זיך אפילו נישט דערקלערן אין וואס זיי באשטייען.

דער ערשטער סוד וואס האט באקומען א ממשותדיקן אנהאלט און האט זי געשטויסן צו וועלן אים דערגיין ,איז געווען איר נאמען „ראקא".

אין אלע אירע קינדער־יארן האט זי געהערט זייער פיל ריידן און דער־

ציילן וועגן די יחוסדיקע שטאַמען, די ראַווסאַנס און די אַרעוואַלאָס, וועגן די העלדישקייטן פון זיידעס און עלטער־זיידעס וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַרגענטינע נאָך אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע און זי האָט אויך געהערט וועגן אירע פרומע גאָטספאַרכטיקע באָבעס און עלטער־באָבעס. אָבער אַלץ וועגן ראַווסאַנס און אַרעוואַלאָס און אפילו אויך אַנדערע נעמען, נאָר נישט דעם נאָמען „ראָקאָ".

פאַרוואָס האָט מען עפּעס צוגעטשעפּעט צו איר אמתן פאַמיליען־נאָמען ראַווסאָן־אַרעוואַלאָ, דעם נאָמען ראָקאָ, וואָס קומט נאָך פאַר זיי?

דער סוד האָט אין איר יונגן געמיט אַרויסגערופן אַזאַ אומרו, אַז זי איז שוין גרייט געווען צו פרעגן וועגן דעם ביי דער מאַ, אָבער די מאַ איז אַזוי באַשעפטיקט מיט די צוגרייטונגען צו אירע „קומפּלע־אַניאָס" און אגב, אויב דאָס איז טאַקע אַזאַ סוד וואָס די מאַ באַהאַלט פון איר, טאָ ווי מעג זי פּלוצלינג זי גיין באַאומרואיקן מיט איר פראַגע?

אויך אַ צווייטער סוד וואָס האָט אַנגענומען ממשותדיקע פאָרמען, האָט אַנגעהויבן באַאומרואיקן איר יונג הערצל. דאָס זיינען געווען די מאָדנע אויסערגעוויינלעכע צוגרייטונגען צו איר פופצנטן געבורטסטאָג. אמת, די מאַ און די מאַדמאַזעל בידאורט האָבן איר געזאָגט, אַז די ספּעציעלע צוגרייטונגען זיינען צוליב דעם, ווייל איר איצטיקער געבורטסטאָג איז די בריק דורך וועלכער זי גייט אַריבער פון איר קינדהייט צום דערוואַקסענעם מיידל; אָבער וואָס באַדייטן די „גאַנדאַלאָס" און די שיף אויף וועלכער זי וועט דאַרפן זיצן בעת זי וועט אויסלעשן די פופצן ליכטלעך? עפּעס מוז דאָך דאָס באַדייטן! זי האָט דאָך נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז די מאַ, זאָל גרייטן אַ פייערונג אויף אַזאַ אויסערגעוויינלעך־קאָסטבאַרן אופן און זי זעט דאָך, אַז ווען די מאַ קוקט זיך צו צו דער אַרבעט, לייכטן ביי איר די אויגן מיט אַזאַ הייליק פייער און זי ווערט עפּעס ווי צעטומלט, ווען זי, סאַריטאַ, קומט פּלוצלינג צו צו איר...

ערשט צומאָרגנס, נאָך דעם דורכגעפירטן אימפּאָזאַנטן יום־טוב, האָט סאַריטאַ באַשלאָסן, זיך צו פאַרטרויען וועגן אירע קלעמענישן פאַר איר טויף־פאָטער, דעם מאָנסעניאָר.

זי האָט געוואוסט וואָס דאָס איז די „קאָמוניאָן", זי האָט אויך געוואוסט אַז וועגן יעדע זאַך וואָס באַשווערט אַ קריסטלעך הארץ, דאַרף מען זיך מתוודה זיין פאַרן הייליקן פאַ און דער מאָנסעניאָר האָט דאָך זי שוין אַזויפיל מאָל געפרעגט, צי האָט זי אים נישט עפּעס צו זאָגן, צי עס דריקט נישט עפּעס אויף איר געמיט און ער קוקט דאָך אַלעמאָל אויף איר

מיט אַזעלכע ווארימע בליקן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואוסט אַלע סודות און ער ווארט נאָר, זי זאָל אים עפּעס פרעגן וועגן זיי...

און ווען דער מאַנסעניאָר איז אין אָוונט געקומען צו גאַסט, האָט דאָס שיינע גאָלד־בלאָנדע קינד־מיידל מיט דעם קיילעכדיקן ליכטיקן פּנימל אויפגעהויבן צו אים אירע גרויסע בלויע אויגן, אַ ווײַלע געקוקט, געקוקט אים גלייך אין פּנים און ווען אירע אויגן זיינען פאַרלאָפן געוואָרן פון טרערן, האָט ער איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און זי אריינגעבעטן אין דעם זייטיקן חדר, וואו עס איז געווען איינגעאָרדנט זייער פאַמיליען־„קאפּליצע".

דאָרט, האָט סאַריטאַ זיך אָנגעבויגן, אַ קוש געטאָן דעם צלם וואָס איז ביים בישאָף געהאָנגען אויף אַ טראָלדז פון זיין גאָלדענעם גארטל און אַ פּאַל־טוענדיק אויף די קני, האָט זי ארומגענומען דעם בישאָפס פיס און אויסגערופן: — אַ הייליקער פאָטער, זיי מיר מוחל!...

עס האָט גענומען אַ היפּשע ווײַלע ביז דער מאַנסעניאָר האָט באַוויזן דאָס קינד צו באַרואיקן און שטיקנדיק זיך מיט די טרערן, האָט סאַריטאַ ארויסגעשעפּציעט די זינדיקע פראַגן וואָס צעטרייסלען אַזוי שטאַרק איר געמיט...

— אונדזער לעבן איז אַלעמאָל אין גאָטס הענט און אונדזערע מעשים ווערן קאָנטראָלירט פון הימל און זאָל יעזוס, אונדזער דערלייזער דיך באַוואַכן און באַשיצן, אַז דו זאָלסט נישט וועלן וויסן פון זאַכן פ ר י ע ר, ביז די זאַכן וועלן דיר אליין באַקאַנט ווערן!...

און סאַריטאַ איז ווייטער געבליבן מיט איר צעטרייסלטן געמיט...

ז

## די ברכה פון אַרבעט

נישט ווייט, איבער דער גרעניץ פון דער גרויסער שטאָט בוענאָס איירעס, האָט זיך מקדמונים געפינען אַ ריזן־גרויסער פרייער פּלאַץ וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט ווילד־גראָז פון פאַרשידענע מינים. וואו נישט וואו האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ בערגל וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט זומפּיקע קאַלוזשעס אין וועלכע עס האָבן זיך געראַיעט אַלע מינים שלאַנגען, זשאַבעס און מיליאָנען בייסיקע אינזעקטן.

ביי דער רעכטער זייט פון דעם גרויסן פרייען ווילד־פאַרוואַקסענעם פעלד, האָט זיך געזען אַ חורבה פון אַן אַמאָליקער נידעריקער קאָלאָניאַלער געביידע, דאָרט האָט אַמאָל געוואוינט דער אייגנטימער פון דער געביידע און פון דעם גרויסן שטיק פעלד אַרום און מען האָט דעם פּלאַץ אָנגערופן אויף זיין נאָמען: — וויזשאַ לינטש, דאָס דערפל לינטש.

ווען די שטאָט בוענאָס איירעס האָט זיך נאָך נישט געהאַט אַזוי אויסגעברייטערט, איז דאָס דערפל געלעגן ווייט און פאַרלאָזן, אַזוי ווי אַ סך אַזעלכע ריזיקע שטחים ערד אין די ווייטע אַרגענטינער פּראָווינצן; אָבער ווען די שטאָט האָט אויסגעברייטערט אירע גרעניצן און דער פרייער שטח ערד האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, איז דער גרויסער פרייער פּלאַץ געוואָרן דער הויפּט־קאַנאַל וואו מען האָט אַוועקגעפירט די מיסטן און אָפּפאַלן פון דער גרויסער שטאָט, דאָרט האָבן זיך אומצייליקע מיסט־קלייבער געראַיעט אין די גרויס־שטאָטישע מיסטן און אַרויסגעקליבן אַלץ וואָס האָט פאַר זיי פאַרגעשטעלט אַ שטיקל ווערט, אַריינגעפּאַקט דאָס אין זעק און די איבעריקע מיסטן זיינען באַגאָסן געוואָרן מיט ברען־מאַטעריאַל און מען האָט זיי יעדן טאָג אַוועקגעלאָזט מיטן רויך.

יעדן טאָג אין די פאַר־מיטיק שעה'ן, האָט מען אויף די שמאָלע נישט־ברוקירטע וועגן וואָס האָבן זיך געצויגן צו וויזשאַ לינטש, געקאָנט זען קאַראַוואַנעס פול־באַלאָדענע וועגענער מיט מיסט וואָס זיינען אָנגעקומען פון פאַרשידענע זייטן און דאָרט, אויף אַ באַשטימטן גרויסן שטח איז דאָס

אויסגעשאָטן געוואָרן און באַלד האָבן זיך געיאַוועט די מיסט־קלייבער, צווישן וועלכע עס זיינען אָפּט אויסגעבראָכן בלוטיקע געשלעגן צוליב אַ געפונענער זאַך פון בעסערן ווערט און אין די נאָכמיטיק־שעה׳ן האָבן זיך אויף דעם פעלד געהויבן גערדיכטע פייערן וואָס האָבן געשפּרייט אומהיים־לעכע רויך־וואָלקנס איבער דער גאַנצער געגנט.

כדי צו זיין נענטער צו דעם פּלאַץ ווען מען ברענגט צו פירן די מיסטן, האָבן מאַנכע מיסט־קלייבער אָנגעהויבן „בויען" דאָרט זייערע שטיבלעך, דאָס זיינען געווען אַזעלכע קליינע סוכהלעך צונויפגעקלאַפּט פון ברעטלעך, קאַרטאָנען און בלעכן, מערסטנטיילס פון די מאַטעריאַלן וואָס זיי האָבן אַרויסגעקליבן פון די שטאָטישע מיסט־אָפּפאַלן און אַזוי איז דער גרויסער שטח פון ווידזשאַ לינטש פּאַמעלעך פאַרזייעט געוואָרן מיט אַ היפּשער צאָל אַזעלכע קליינע פאַרשידנפאַרביקע, אומבאַלומפּערטע, אויסטערליש־צו־נויפגעשטעלטע ביידלעך, וואו די מיסט־קלייבער, מערסטנטיילס אליינ־שטייענדיקע אימיגראַנטישע פּאָליאַקן און אוקראַינער, האָבן געוואוינט און זיך דאָרט איינגעאָרדנט זייער אָרים ביסל בעטל וואָס איז מערסטנס באַשטאַנען פון אַ „קאַטרע" צום שלאָפן און אַ קופערט מיט אַ שווערן שלאָס, אונטער וועלכן זיי האָבן געפילט פאַרזיכערט זייער ביסל זאַכן וואָס זיי האָ־בן נאָך מיטגעבראַכט מיט זיך פון זייערע אַלטע היימען.

ווען דער פּלאַץ איז שוין געווען פאַרזייעט מיט אַ היפּש ביסל אַזעלכע ביידלעך, האָט איינער, אַ פּיפּיקער אוקראַינער, אַ געוועזענער מיסט־קליי־בער, אויפגעשטעלט אַ גרעסער ביידל און דאָרט איינגעאָרדנט דעם ערשטן „באָליטש", אַ מין שענקל מיט שאַרפע געטראַנקען און יעדן ווערט וואָס די מיסט־קלייבער האָבן באַוויזן אַרויסצושיילן פון די מיסטן, האָט אָנגע־הויבן אריינפאַלן צו דעם פּיפּיקן אוקראַינער און זיין באָליטש איז גע־וואַקסן.

אָבער, דאָס אויפגעקומענע לעבן דאָרט פון די מיסט־קלייבער אין די ביידלעך און זייער אייגן שענקל וואָס זיי האָבן שוין דאָרט געהאַט, האָט קוים קוים געענדערט דעם אויסזען פון דעם פאַרוואָרלאָזטן שטח ערד. צו די פאַרשידענע מינים באַשעפענישן וואָס האָבן זיך דאָרט געראָיעט אין די זומפּן און ווילד־גראָזן, איז בלויז צוגעקומען נאָך איינע, דער מיסט־קלויבער און די ביידלעך זייערע האָבן לויט זייער צוזאַמענשטעל אויך נישט אויס־געזען מער ווי קאָמבינירטע מיסט־בערגלעך וואָס זיינען נישט ווערט מע־רער, ווי אַוועקצולאָזן זיי מיטן רויך . . .

אַזאַ „בנין" פאַר דעם מיסט־קלויבער איז געווען צונויפגעשטעלט פון געפונענע שטיקער אָפּפאַלן פון בלעך און פון האָלץ און אויב עס האָט אויס־

געפעלט אַ שטיקל ווענטל, האָט מען געלייגט אַ קאַרטאָנענע לאַטע. די שטי־קער האָלץ, קלעצלעך און ברעטלעך, זיינען געווען פון צעבראָכענע פאַר־שידנפאַרביקע מעבל־שטיק; די בלעכן, מערסטנס פון פאַרשידענע גרעסערע און קלענערע קאָנסערוון־פּושקעס מיט זייערע אויפשריפטן און מיט די מעדאַלן און אויסצייכענונגען וואָס האָבן פון זיי אַראָפּגעווײַנט; אָט דאָס איז געווען דער אויסזען און רחבות פון דעם דערפל לינטש.

און פּלוצלינג, ממש מיט אַ שנעלקייט וואָס מען קאָן נישט דערכאַפּן מיטן אויג, האָט וויזשאַ לינטש אָנגעהויבן וואַקסן און וואַקסן, ביז עס איז אויסגעוואַקסן אין אַ ריזן צענטר פון טעקסטיל־פאַבריקן און זיך דערהויבן צו אַ מדרגה, אַז מען זאָל דאָס דערפל לינטש קרוינען מיט דעם נאָמען „אַר־גענטינער מאַנטשעסטער".

ווי אַזוי איז דאָס געשען? און ווען? מיט וועלכע מיטל? וועלכער געניוס האָט דאָס באַוויזן?

וויזשאַ לינטש איז געוואָרן דאָס וואָס זי איז, אַ דאַנק דער ברכה פון אַר־בעט.

די שנעלקייט פון דער אויסערגעוויינלעכער ענדערונג וואָס איז פאַר־געקומען מיט וויזשאַ לינטש, האָט געשאַפן לעגענדעס און איין לעגענדע דערציילט זיך אַזוי:

איינער פון די יורשים־אייגנטימער פון דעם שטח ערד אין וו. לינטש איז געקומען פון אויסלאַנד אָנקוקן זיין אייגנטום און אים איז פינסטער גע־וואָרן אין די אויגן פון דעם וואָס ער האָט געזען.

ער האָט זיך געדרייט אַרום די מיסט־גריבער און צווישן די אויפגע־שטעלטעביידלעך, ביז ער איז אָנגעקומען צו דעם שענקל, צו דעם „באַ־ליטש".

דער אוקראַינער האָט נישט געקאָנט קיין אַנדער שפּראַך אַ חוץ אוק־ראַיניש און זיי האָבן זיך מער פאַרשטענדיקט מיטן וואונק ווי מיט ווער־טער, אָבער פאַרשטענדיקט האָבן זיי זיך און דער אוקראַינער האָט פאַר־שטאַנען, אַז דער באַלעבאַס פון דער ערד וויל „פאַרצעלירן" און אָנהויבן פאַרקויפן שטיקער פון זיין אייגנטום.

דער אוקראַינער האָט געלאַכט: — ווער וועט דאַ קויפן אַ „טערענאַ"?

— איך וועל אויטאָריזירן צו פאַרטיילן עטלעכע „טערענאָס" אומזיסט, אַבי עס זאָל דאַ אויפקומען אַביסל לעבן און אַרבעט און דאַן וועט עס שוין גיין בעסער . . .

דער אוקראַינער האָט סקעפּטיש געשמייכלט: — אַפילו אומזיסט, ווער וועט דאַ וועלן אַהערקומען אין דעם „שמיעטניק" אַריין? . . .

אָבער, אַבי אומזיסט, האָט זיך דער פּיפּיקער אוקראַינער געטראַכט,

האָב איך דאָך נישט וואָס צו דערלייגן און ער איז אַוועק מיט דעם אייגנ־טימער אין שטאָט אַריין, דאָרט געמאַכט אַ פּאַפּיר מיט אַ געחתמעטער פול־מאַכט, אַז אַזויפיל און אַזויפיל קאָן דער אוקראַינער פאַרוואַלטן, פאַרקויפן אָדער שענקען פון זיין אייגנטום.

אויפן וועג צוריק אַהיים, האָט דער אוקראַינער דערזען דעם גאַסן־הענדלער וואָס קומט אָפט קיין וויזשאַ לינטש צו די מיסט־קלייבער און פאַרקויפט פאַרשידענע אַרטיקלען. אָט זעט ער איצט, ווי דער יידישער גאַסן־הענדלער שטעלט אַוועק זיינע צוויי שווערע וואַליזעס מיט סחורות, קריכט אַריין צווישן די גראָזן און שטעלט זיך אַוועק משתין זיין...

אין דעם אוקראַינערס מוח בליצט אויף אַ דערמאָנונג פון זיין אַלטער היים אין אוקראַינע, וואו ער האָט נאָך אַלס קינד געהערט זאָגן, אַז דער פּלאַץ אויף וועלכן אַ ייד האָט משתין געווען, מוז ווערן אַ מזלדיקער פּלאַץ...

דער אַלט־היימישער אַבערגלויבן האָט אים געשטויסן צו כאַפּן אַ שמועס מיט דעם אימיגראַנטיש־יידישן גאַסן־הענדלער און לויט ווי די לע־גענדע דערציילט, איז ע ר, דער גאַסן־הענדלער טאַקע געווען דער ער־שטער וואָס האָט דאָרט אויפגעשטעלט אַ גאַלפּאַנדל אויף דעם באַקומענעם שטיקל ערד, אַריינגעפירט אַהין דעם ערשטן האַנט־וועב־שטול און פון דעם גאַלפּאַנדל האָבן זיך אַרויסגעהערט די געררויש־קלאַנגען פון דער ערשטער וועב־מאַשין וואָס האָבן איבערגעשראָקן נישט נאָר די שלאַנגען, זשאַבעס און אינזעקטן אין די קאַלוזשעס, נאָר אויך די מיסט־קלייבער אין זייערע אָרימע ביידלעך...

דער אָנהויב איז געווען געמאַכט און עס איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער.

יידישע אימיגראַנטן, וועבער פון פאַך וואָס האָבן נישט באַקומען קיין אַרבעט אַלס אַזעלכע, האָבן זיך געמוזט וואַרפן אָף אַלערליי אַנדערע פּרנ־סות, אָבער ווי נאָר עס האָט זיך געיאַוועט די ערשטע מעגלעכקייט, האָבן זיי זיך איינגעשאַפט אַ וועב־שטול, געאַרבעט אין זייערע שטיבער, צעקריגט זיך מיט שכנים צוליב דעם געררויש וואָס זייער אַרבעט האָט פאַראורזאַכט און באַקומענדיק פלעצער כמעט אומזיסט, האָבן זיי אָנגעהויבן איינאָרדנען זייערע אָרימע וואַרשטאַטלעך אין שנעל־צונויפגעשטעלטע גאַלפּאַנדלעך אויף די וויזשאַ לינטשער ווילד־גראָזן, די אויסגעאַרבעטע סחורה האָט שנעל באַקומען אַ גוטן שם און מען האָט זי אָנגעהויבן קויפן און אַרויסשיקן אי־בער די אַרגענטינער פּראָווינצן. אייגנטימער פון איין מאַשין האָבן זיך איינ־געשאַפט אַ צווייטע און אַ דריטע און פון האַנט־מאַשינען זיינען געוואָרן מעכאַנישע, מען האָט אָנגעהויבן זוכן אַרבעטער און אַ סך ניי אָנגעקומענע יידישע אימיגראַנטן, אפילו נישט קיין וועבער פון פאַך, האָבן גענומען

לערנען וועבעריי און דאָס געזאַנג פון אַרבעט און מי האָט זיך כסדר מער אויסגעברייטערט אויף דעם ווילדן שטח ערד, גריבער זיינען אויסגעגלייכט געוואָרן, דער קאַנאַל פאַר שטאָטישע מיסטן איז פּאַמעלעך אַריבערגעפירט געוואָרן צו אַ דערפל מיטן נאָמען אַלסינאַ און אין וויזשאַ לינטש האָבן זיך די גאַלאָפּאַנדלעך פּאַמעלעך געגומען פאַרוואַנדלען אין געמויערטע הייזקעס פאַר וואוינונגען. די פאַבריקאַנטן־אָנפאַנגער האָבן אַהינגעבראַכט זייערע פאַמיליעס פון די אַלטע היימען, די פרויען און קינדער האָבן געהאָלפן אין דער אַרבעט און ווען דער נאָכפרעג נאָך פרישע סחורות איז געוואָרן גרע־סער, האָבן גאַנצע פאַמיליעס זיך טורנירט און די וועב־מאַשינען האָבן נישט געערוט נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט און אויב עמיץ האָט ביי אַזאַ פאַ־מיליע פון אַ פאַבריקאַנט־אָנפאַנגער געפרעגט ווי אַזוי מען קאָן לעבן אונ־טער אַזאַ גהינומדיקן גערויש פון די מאַשינען, איז דער ענטפער געווען: — דאָס איז נישט קיין גערויש, נאָר מוזיק! דאָס איז די מוזיק פון אַרבעט און מי, וואָס איז ווערט געקרוינט צו ווערן מיט דערפאָלג.

און דער דערפאָלג איז געקומען כסדר אין גרעסערע פּראָפּאָרצן, ביז דאָס דערפל הינטער בוענאָס־איירעס האָט באַקומען דעם טיטל — „אַרגענ־טינער מאַנטשעסטער"...

אויף וויפיל די דערמאָנטע און אַנדערע לעגענדעס וועגן דעם אויפ־שטייג פון וויזשאַ לינטש האָבן אין זיך אמת, לאָזן מיר פאַר דעם געניטן גע־שיכטע שרייבער; אָבער אַ פאַקט איז, אַז יידישע פּראַצע, יידישע אויסגע־האַלטנקייט און עקשנות, יידישע מי און געניוס, האָבן פון דעם פאַרוואָר־לאָזטן־ווילד פאַרוואָקסענעם מיסט־פּלאַץ געמאַכט אַ וויכטיקן אינדוסטריע־לן צענטער, וועלכער האָט זיך נאָך פיל־פאַך מער אַרויסגעהויבן נאָכדעם ווי די ברוינע פּעסט אין אייראָפּע האָט אויפגעריסן די גרעניצן און זיך גלאָזן אויף דעם גרויסן פאַרניכטונגס־מאַרש איבער שטעט און לענדער.

ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן זיך די טעקסטיל־אונטערנע־מער גערדראַפּעט מיט שווערער מי אויף די בערג צום וואָוילזיין און אַ סך פון זיי האָבן זיך צוליב קאָנקורענץ פון אויסלענדישע מערק געמוזט אָפּשטעלן און אָפּרוען און מאַנכע זיינען אַפילו אינמיטן קלעטערן — אַראָפּגעפאַלן.

אָבער נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אַלע גרעסטע וועלט־פאַבריקן אין אייראָפּע און שפּעטער אויך אין אַמעריקע האָ־בן געמוזט אָפּליפערן אַלע זייערע אויסאַרבעטונגען פאַר די אַרמייען, פאַר לענדער־פאַרטיידיקונג, פאַרן קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער פּעסט, האָט זיך דער אַרגענטינער מאַרק שנעל אויסגעליידיקט פון די אויסלענדישע פּראָדוקציעס און וויזשאַ לינטש האָט מיט איר שוין פיל־פאַרבעסערטער פּראָדוקציע אָנגעהויבן שפּילן אַ זייער וויכטיקע ראָל פאַר דער באַקליידונג

פון אַרגענטינער פאָלק און אויך אַלס ליפעראַנט פון אַלע מינים שטאָפן און אַרטיפיציעלע זייד־געצייגן פאַר די שכנותדיקע לענדער.

דער נאָכפרעג נאָך סחורות איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די פאַבריקן האָבן געמוזט אַרבעטן די גאַנצע 24 שעה אין מעת־לעת און פאַבריקאַנטן האָבן שוין געזוכט איינצוקויפן נייע, מער־מאָדערנערע מאַשינען און נעכטיקע גרויסע גאַלפּאָנען וואו עס האָבן געאַרבעט צי פינף, צען און מער מעכאַנישע וועב־שטולן, זיינען ווי איבער נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע מאַסיוו־געבויטע פאַבריקן מיט ברייטע פענסטער, ממש מיט אַן אויסזען פון פּאַלאַצן לגבי די פריערדיקע גאַלפּאָנען און אַזוי זיינען אויך מאָדערניזירט און אויסגעברייטערט געוואָרן די אַרבעטס־באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער.

די פרייזן פאַר אַ שטיקל ערד־שטח וואָס מען האָט דאָרט אַמאָל געקאָנט באַקומען כמעט אומזיסט, זיינען טייערער געוואָרן פון טאָג צו טאָג און פונדעסטוועגן האָבן די בוי־אַרבעטן נישט אויפגעהערט. יעדן טאָג זיינען צוגעקומען נייע פאַבריקאַנטן. קליינטניקעס פון שפּייז־אַרטיקלען, האָבן אָפּגעזוכט טעקסטיל־אַרבעטער און געשלאָסן שותפות־אָפּמאַכן און ווען מען האָט געזען אַז דאָס גיט זיך איין, האָבן פאַרשידענע רייכע סוחרים געזוכט מיט ליכט אַזעלכע טעקסטיל־אַרבעטער, כדי צו שליסן מיט זיי שותפות־אָפּמאַכן און פונקט ווי אַמאָל, אין יענע שווערע צייטן פון אָנהויב, ווען מען האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון דעם גאַסן־האַנדל און מיט דעם קלאַפּן אין טויערן און זוכן אַ קליענט און די אַלגעמיינע שטרעבונג איז געווען צו קענען עפענען אַ שטיקל קלייטל. אַזוי האָבן איצטיקע רייכע קליינטניקעס דערפילט אַ דראַנג איבערצוגיין פון פּשוטע סוחרעריי צו אַן אינדוסטריע און אויב אַן אינדוסטריע, האָט עס געמיינט, בויען אַ נייע פאַבריק אין ווילאַ לינטש.

די ניי־צוגעקומענע פאַבריקאַנטן אין ווילאַ לינטש, האָבן ווייט איבערגעשטיגן מיט זייער שוואונג די פריערדיקע אַלטע וועבער און דער נאָכפרעג נאָך פרישע סחורות איז געווען אַזוי גרויס, אַז די פּראָדוקציעס זיינען פאַרקויפט געוואָרן מיט וואָכן און חדשים פריער איידער זיי זיינען פאַקטיש אויסגעאַרבעט געוואָרן.

אַלס מיט־אייגנטימער פון שיינע ניי־אויפגעבויטע פאַבריקן אין ווילאַ לינטש, האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט אַ היפּשע צאָל פון אונדזערע אַמאָליקע „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן. שמחה פלעכטמאַן וועלכער האָט מיט די אַנאָנים־דערהאַלטענע פינפהונדערט פעזעס, אָנגעהויבן מיט קויפן רעשטלעך און אויסאַרבעטן קינדער־הייזלעך וועלכע ער האָט פאַרקויפט אין גאַס, איז היינט אַן אָנגעזעענער פאַבריקאַנט פון ווילאַ לינטש.

נאָך רײַכער פון אים, איז יאַנקל פערלבערג. ער אַליין פירט ווייטער זיין גרויס געשעפט פון שטריקערייַ און קאָנפעקציע אויף קאָנינג און זיין זונדל, וועלכער איז געקומען קיין אַרגענטינע מיט דער „אַטלאַנטאַ" אַלס זויג-קינד, פירט אָן מיט דער פאַבריק און ער אַליין איז נישט פויל, ווען עס פעלט אויס אַן אַרבעטער — צו באַדינען אַ מאַשין.

רייכער און מער אָנגעזען פון זיי ביידן, איז אברהם ווייסבלאַט. צוזאַ־מען מיט עטלעכע שותפים, אַמאָליקע ביאַליסטאָקער און לאָדזשער וועבער, האָט ער אויסגעבויט אַ ריזן-פאַבריק וואָס אַרבעט מיט שפע, ברכה און הצלחה און צו זייער לויב מוז דאָ דערמאָנט ווערן דער פאַקט, אַז זיי האָבן נישט געלאָזן זיך פאַרגיסן זייערע הערצער מיט צופיל פעטקייט, זיי האָבן אַלעמאָל אינמיטן פון גרעסטן טומל פון פאַבריקאַציע און האַנדל, געפונען געגוג צייט זיך אָפּצוגעבן מיט כלל-זאַכן פון אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן.

ווילאַ לינטשער יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן אויפבויען אַן אייגענע שיל מיט אַ סאַלאָן פאַר יידישע שמחות. געווען אויך אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן פריער געוואָלט אויפבויען אַ מאָדערנע יידישע שולע און דאָס האָט אויף אַ געוויסער צייט אַרויסגערופן מחלוקות, ביז יאַנקל פערלבערג האָט אויף זיין פּראַקטיקישן אופן אויסגערופן: — און פאַרוואָס נישט ביידע צוזאַמען? עס פעלט אונדז געלט? און אַזוי איז גע־בליבן, אַז ביידע זאַכן זיינען נויטיק און מען דאַרף בויען, בויען און אויפ־בויען דאָ, אין דער פרייער און שיינער אַרגענטינע דאָס, וואָס די נאַצי-מער־דער מאַכן דאָרט, אין די אַלטע היימען חרוב . . .

און נישט נאָר וועגן אַ שיל און אַ שול אין ווילאַ לינטש, האָבן די ווי־זשאַ-לינטשער פאַבריקאַנטן געטראַכט, נאָר זיי האָבן אויך מיט אויסערגע־וויינלעכער ברייטהאַרציקייט געגעבן גרויסע באַשטייערונגען צוערשט פאַר דער שלום-עליכם שול, וואָס איז געוואָרן ווי אַ מוסטער-פּאַלאַץ פאַר דעם יידישן שול-וועזן און שפּעטער פאַר דער געזעלשאַפטלעכער שול אויפן נאָ־מען פון י. ל. פּרץ, און נאָך שפּעטער נאָך אַנדערע שולן, ביז זיי האָבן אויך אויסגעבויט אַ פּרעכטיקן בנין מיט אַ טעאַטער-סאַלאָן אין ווילאַ לינטש גופא.

און פּונקט אַזוי ווי די ווילאַ לינטשער פאַבריקאַנטן האָבן זיך באַ־שטייערט פאַר יידישע צוועקן און בוי אונטערנעמונגען פאַר יידישער גע־זעלשאַפטלעכקייט, אַזוי האָבן אויך פאַבריקאַנטן פון שטאָט און סוחרים פון די געגנטן קאָנינג און אָנסע, זיך באַשטייערט פאַר דער שול אין ווילאַ לינטש און וואָס טרויעריקער עס זיינען געווען די ידיעות וועגן די חרוב גע־וואָרענע אַלטע היימען, אַלץ מער האָט עס דאָ געוועקט דעם באַוואוסטזיין, אַז מען דאַרף בויען בנינים וואו די הי-געבוירענע יידישע קינדער זאָלן זיך

דערציען אַלס באַוואוסטזיניקע מענטשן, מיט ליבע און געטריישאַפט צו דער שיינער אַרגענטינע און מיט אַ צוגעבונדנקייט צום יידישן פֿאָלק און טראַדיציע.

אַרים און רייך האָבן זיך באַשטייערט פֿאַר דעם בוי פֿון געזעלשאַפֿט־לעכע בנינים און פּונקט ווי די סימפּאַטיזירער פֿון אַמאָליקן „בונד" האָבן זיך באַשטייערט פֿאַר דער שלום־עליכם־שול, כאָטש זי איז געבויט געוואָרן פֿון אַ גרופּע לינקע פּועלי־ציוניסטן און שול־טוער וואָס זיינען געבליבן געטרייע באַראָכאָוועצעס, אַזוי האָבן די לינקע פּועלי־ציוניסטן און סימפּאַטיזירער פֿון אָט דער ריכטונג, זיך באַשטייערט פֿאַר דער י. ל. פּרץ־שול אין צענ־טער שטאָט, וואָס איז געבויט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פֿון אַ גרופּע בונדיסטישע קולטור־ און שול־טוער מיט דער מיטהילף פֿון אַ רייע רייך־געוואָרענע אַמאָליקע בונדיסטן.

שווערער אַביסל. איז עס צוגעגאַנגען מיט דעם בוי פֿון דער י. ל. פּרץ שול אין וויזשאַ לינטש. אַרום דעם בוי האָבן זיך אַנגעהויבן קהל'ן אַ גרופּע לינק־געשטימטע פֿאַבריקאַנטען, וועלכע האָבן נאָכן פּאַקט צווישן סטאַלין און היטלער פֿאַרלוירן די סימפּאַטיע ביי דער אומפּאַרטייאישער באַפֿעלקע־רונג, נאָר עס האָט געדויערט נישט לאַנג, ביז עס זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז טויזנטער און טויזנטער יידישע פּליטים ראַטעווען זיך לויפֿנדיק איבער דער גרעניץ קיין רוסלאַנד און אַז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד עפֿנט פֿאַר די גע־יאָגטע פּליטים די טויערן. דאָס האָט פּאַמעלעך אָפּגעשוואַכט דעם רושם פֿון דעם פּאַקט און די אַלגעמיינע דאַנקבאַרקייט צום ראַטנפֿאַרבאַנד, האָט זיך אויך מאַניפֿעסטירט מיט געבן באַשטייערונגען פֿאַר דעם בוי פֿון דעם שיינעם שול־בנין אין וויזשאַ לינטש.

וויזשאַ לינטש איז אויסגעוואַקסן צו ווערן אַן אָנגעזעענע יידישע פֿאַ־בריקס־שטאָט, וואָס כאָטש די פֿאַבריקאַנטן האָבן זיך שוין לאַנג צוגעפּאַסט צו זיין אויסערלעך מאָדערנע מענטשן, זיינען זיי אין די הערצער געבליבן געטריי צו די יידישע טראַדיציעס פֿון די אַלטע היימען אין ביאַליסטאָק אָדער לאָדזש, וואו זיי האָבן באַקומען די יניקה פֿון דור־דורות אַרבעטס־זאַמע מענטשן און געטרייע יידן — ביז צום מקריב זיין זיך פֿאַר דעם יידישן כבוד.

אַ היפּשע צאָל פֿון די וויזשאַ לינטשער יידישע פֿאַבריקאַנטן, האָבן זיך אַמאָל געפֿינען צווישן די אימיגראַנטן־מאַסן וואָס זיינען געקומען קיין אַר־גענטינע מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ" און זיי באַטייליקן זיך מיט כבוד אין דער לינטשער כאָראַלע סימפּאָניע פֿון אַרבעט וואָס גיט זיי שפע און ברכה...



## סאַריטאַ ראַטעוועט אַ מענטשן...

ווער קאָן דאָס וואַגן צו זאָגן אַז יידן פון דער גאַנצער וועלט בילדן נישט צוזאַמען איין פאָלק ?

איבעראַל, אין אַלע לענדער וואו עס לעבן יידן, אַבי זיי האָבן מער-וויי־ניק בירגער-רעכט, זיינען זיי געטריי צום לאַנד, האָבן ליב דאָס לאַנד און זיינען זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר דעם לאַנד אויב עס געפינט זיך אין גע־פאַר. אַפילו אין אַזעלכע לענדער ווי אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד וואו מען האָט יידן גערודפט און געפּלאָגט, האָבן די יידן בלויז געקעמפט פאַר זייערע בירגערלעכע און מענטשלעכע רעכט, זיי האָבן בלויז געקעמפט קעגן דעם שלעכטס וואָס מען האָט זיי געטאָן, אָבער דאָס לאַנד, די ערד אויף וועלכער זיי זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, האָבן זיי ליב געהאַט נישט ווייניקער ווי די אַלע אַנדערש-גלויביקע וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די אמתע באַלעבאַטים פון לאַנד.

אָבער, ווי אַ קערפּער ציטערט אויף ווען ער באַקומט אַ שטאָך מיט אַ נאָדל אפילו אין קלענסטן פוס-פינגער, אַזוי דערפילן די יידן פון איבעראַל דעם ווייטיק ווען מען שלאָגט און מען פּייניקט ערגיצוואו די בני ישראל און עס הויבט זיך אָן דערפילן דער אַלטער „כל ישראל ערבים זה לזה" און יידן פון איבעראַל זוכן מיטלען אָפּצושרייען גזירות, און אויף דערווייל, זוכט מען וועגן ווי אַזוי אויף אַ וואָס מער פּראַקטישן אופן צו העלפן די געליטענע.

און עס קאָן זיין, אַז אין דער גאַנצקייט פון יידישן פאָלק, זיינען מער שולדיק די אומות-העולם פון אַלע צייטן זינט דעם חורבן ירושלים, ווייל אין יעדן דור זינט דעמלט, זיינען אויפגעשטאַנען רשעים וואָס האָבן געוואָלט אומברענגען און פאַרניכטן דעם ייד און אַבי איין ייד פאַרניכטעט, האָבן די רשעים געזוכט אַ צווייטן, אַ דריטן, אַ טויזנטסטן און די פּלאָג האָט גע־דראָט זיך אויסצושפּרייטן און יעדער ייד, וואו ער האָט זיך נישט געפונען, האָט זיך נישט געקאָנט פילן זיכער, אַז די פּלאָג וועט צו אים נישט דער־

גרייכן. און אַט אַ די שרעק האָט געוועקט די קאָלעקטיווע אחריות איינער פאַרן אַנדערן און פאַרבונדן די יידן פון איבעראַל אין איין קערפּערשאַפט, וואָס אַ קלאַפּ אויף איין אבר, טוט אים ווי דער גאַנצער קערפּער.

דאָס וואָס איז געשען אין מיטל־אייראָפּע, דאָס אונטערצינדן שילן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, און דערנאָך איבעראַל וואו עס זיינען אָנגעקומען די געפּאַנצערטע חיילות פון דעם ברוינעם מאַנסטערהאַפּטן מערדער, האָט ממש פאַרבלוטיקט די הערצער פון יידן פון איבעראַל איבער דער גאָרער וועלט.

אָבער טויזנט מאָל פּיינפולער איז געוואָרן דער ווייטיק פון די ידיעות וועגן די געטאָס וואָס די נאַצישע בעסטיעס האָבן איינגעאָרדנט אין די איגוואַדירטע לענדער און איבערהויפּט אין פּוילן און כאָטש קיין שום ייד האָט נאָך נישט געוואַגט אפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז עס קאָן קומען דאָס וואָס איז געקומען, האָט מען אין די איינגעפּירטע געטאָס דערזען די אויפגעוואַכטע גזירה פון מיטל־אַלטער, וועלכע הויבט אָן שאַרפן די פאַרפעסטעטע ציין פון רשעים אין אַלע לענדער און די ציין קאָנען זיך וואו עס איז נעמען איינבייסן אין יידישן גוף...

אַרגענטינע איז דעמלט געווען דאָס ציל־ברעט פאַר דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע און זי האָט דאַ געשלאָגן טיפע וואָרצלען.

ביי אַזאַ מצב, געשטיצט פון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין, האָבן דאַ אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַלע אָרגאַניזירטע און נישט־אָרגאַניזירטע רשעים און שונאי־ישראל וואָס האָבן יעדן טאָג פאַרקלעבט די ווענט אויף יידישע הייזער מיט אַפישן ווענעמנס אינהאַלט איז געווען ענלעך צום האָרסט־וועסל־ליד — „ווען דאָס בלוט פון מעסער שפּריצט"... און יעדן טאָג האָט מען געזען נייע אויפשריפטן אויף די ווענט: — „טויט אַ יידן, וועסטו זיין אַן אַרגענטינער פּאַטריאָט!"...

און די רשעים, צי זיי האָבן זיך גערופן „ניניאָס ביען", וואָס דאָס מיינט: — קינדער וואָס האָבן זיך דערצויגן אין וואוילטאָג; צי זיי האָבן זיך גערופן „אַליאַנזאַ" אָדער מיט אַנדערע נעמען, געוואָלט האָבן זיי אַלע דאָס זעלבע — נאָכטון דעם ביישפּיל פון היטלער־לאַנד און זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט בלויז ביי דער פּראָפּאַגאַנדע און גיפט־פאַרשפּרייטונג, נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן איבערגיין צו פּראַקטישער טעטיקייט פון איבערפאַלן יידן און אונטערלייגן פּעטאַרדעס ביי יידישע אינסטיטוציעס און שילן.

די יידישע באַפעלקערונג אין אַרגענטינע און אין דער הויפּטשטאָט בוענאָס איירעס, אַ חוץ דעם גרויסן ווייטיק וואָס זי האָט געפילט פון די ידיעות וואָס עס טוט זיך אָפּ אין זייערע אַלטע היימען און די שרעק פאַר דעם אומקום פון זייערע נאָענטע און ווייטערע קרובים וועלכע מען האָט

נישט באַוויזן אַרויסצוראַטעווען באַצייטנס פון פייער, האָט אויך אָנגעהויבן באַהערשט צו ווערן פון שרעק פאַר אייגענער עקזיסטענץ און די קאָלעק־טיווע טעטיקייט פון דער יידישער עדה, האָט געמוזט געפירט ווערן אין צוויי ריכטונגען: — איינע, זאַמלען און זוכן מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף פאַר די געליטענע ברידער און שוועסטער אין איראָפּע און די צווייטע — אָפּווערן און באַקעמפן די נאַצישע פעסט וואָס האָט זיך דאָ אריינגע־כאַפּט, איידער עס קאָן ווערן צו שפּעט...

אין סאָלידאַריטעט מיט די לײַדנדיקע יידן אונטער די נאַצישע שטיוול, האָבן אַרגענטינער יידן דערקלערט אַ באָיקאָט קעגן אַלץ וואָס שטאַמט פון דייטשלאַנד. עס איז אַרוים אַן איסור, צו אימפּאָרטירן סחורות פון דייטש־לאַנד און אפילו צו האַנדלען דאָ מיט דייטשע פירמעס וועלכע שטיצן די נאַצישע אידעאָלאָגיעס און אָט אַ דער באָיקאָט האָט גוט געשלאָגן איבער די קעשענעס פון די דייטשע פירמעס, וועמענס באַשטייערונגען פאַר היגער אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע האָט געמוזט זייער שטאַרק רעדוצירט ווערן.

עס זיינען אָבער געווען אויך אַזעלכע יידן, רייכע יידישע סוחרים, וועל־כע האָבן נישט געוואָלט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו ווערן נאָך רייכער און זיי האָבן ווייטער געהאַנדלט מיט דייטשלאַנד, אימפּאָרטירט פון דאָרט אַלערליי סחורות און זיך נישט געציילט דערמיט וואָס זיי ווערן דערפאַר אויסגעשלאָסן פון די יידישע אינסטיטוציעס.

אַזעלכע יידן זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי פוילנדיקע אָנוואוקסן אויפן יידישן קערפּער, וועלכע דאַרפן אַמפּוטירט ווערן און פונקט אַזוי ווי מען האָט אַמאָל דאָ אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן די „טמאים", אַזוי האָט מען איצט די דאָזיקע געלט־גייציקע זשידלאַקעס באַקעמפט און געשטעלט זיי מחוץ למחנה פון דער יידישער געמיינשאַפט.

אויב די אָנפאַלן אויף יידן און דאָס אונטערלייגן פעטאַרדעס און באַ־שיסן מיט סמאָלע־באָמבעס די ווענט פון יידישע אינסטיטוציעס זיינען בלויז געווען איינצלנע פאַלן וועלכע די רעגירונגס־באַהערדן האָבן דערקלערט אַלס צופעליקע, פון גרופּעס הפקר־יונגען, וועלכע די פּאָליציי האָט צוגע־זאָגט צו אידענטיפיצירן, נאָר מען האָט זיי קיינמאָל נישט אידענטיפיצירט, איז אין די סטודענטישע קרייזן, וואו יידישע סטודענטן האָבן זיך יעדן טאָג צונויפגעטראָפן מיט די כוליגאַנישע יוגנטלעכע פנים־אל־פנים, פאָרגעקו־מען אַ כסדרדיקער קאַמף וואָס האָט זיך אָפט באַנייט, אָנהויבנדיק מיט ווערטער און באַליידיקנדיקע אויסרופן און איבערגייענדיק צום פויסטן־קאַמף, ביז גומענע שטעקנס און אייזערנע ריטער, וואָס רופן זיך דאָ „קאַ־טשיפּאַראָס".

נישט קיין סך זיינען זיי געווען, די כוליגאַנישע סטודענטן; די יידישע ס ט ו ד ע נ ט ן צוזאַמען מיט אַלע קריסטלעכע דעמאָקראַטישע, ליבעראַלע און לינקע קאָלעגן האָבן געהאַט איבער זיי אַ ריזיקע מערהייט און די כוליגאַנעס האָבן נישט געוואַגט זיך צו וואַרפן קעגן זיי אין אָפענעם קאַמף, נאָר ווי די פייגלינגע האָבן זיי אויסגענוצט די מאָמענטן ווען זיי האָבן זיך געקאָנט וואַרפן אויף איינעם אָדער צוויי יידישע סטודענטן, כדי אים אונטערצוהאַקן די זייטן און אים איבערלאָזן אַ פאַרחלשטן אויף הפקר.

כאַקאָבאָ זילבערמאַן, וועלכער האָט נאָך מיט יאָרן צוריק דערפילט וואָס דאָס הייסט אַזוינס צו זיין אַ יידישער סטודענט, האָט שוין ביז היינט געהאַט אַ סך צוזאַמענשטויסן מיט די יוגנטלעכע בעסטיעס. ער איז פון די כסדרדיקע קאַמפן געהאַרטעוועט געוואָרן, און ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט מאַכן קיין הנחות אויף זיינע רעכט אַלס עכטער אַרגענטינער און אויף דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע וואָס פאַרזיכערט פאַר אַלע בירגער גלייכע רעכט און פרייהייט צו אַרבעטן, לעבן און געניסן אויף דער שפּעדיקער אַרגענטינער ערד.

צי האָט ער דען נישט געמאַכט אַן הפסקה אין זיין שטודיום, כדי דינען אַלס סאָלדאַט? און צי איז ער נישט גרייט אָפּצוגעבן זיין לעבן אויף צו פאַרטיידיקן די אומאָפּהענגיקייט און דעם כבוד פון לאַנד, אַזוי ווי ער זינגט עס אין אַרגענטינער הימן פון זיין קינדהייט אָן? ער פילט זיך אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אַרגענטינער און ער פילט, אַז די וואָס באַליידיקן אים און ווילן אים טון שלעכטס, באַליידיקן און ווילן טון שלעכטס זיין לאַנד, זיין שיינע און פרייע אַרגענטינע און ער פאַרבינדט זיך מיט די אַלע כוחות וואָס זיינען גרייט צו קעמפן קעגן די כוליגאַנישע פאַלשע אַרגענטינער און דאָס דערפירט אים, ווידער אַריינצוקומען אין דער אַרביטע פון די לינקע עלעמענטן צווישן דער סטודענטשאַפט, וועלכע זיינען אַלעמאָל גרייט, צוליב פּאָליטישע צילן, אָפּצושלאָגן יעדן אָנפאַל מצד די כוליגאַנעס.

די צייט און די געשעענישן האָבן כאַקאָבאָן אפילו גענוג אויסגערייפט און ער איז — נאָך דעם פאַקט פון סטאַלין־היטלער, — געוואָרן אַן אַבסאָלוטער ב אַ וו א ו ס ט ז י נ י ק ע ר ייד מיט דער פ ו ל ע ר איבערצייגונג, אַז דאָס יידישע פאָלק וואָס ווערט אין אַ רייע לענדער אַזוי גערודפט און געפּלאָגט, מוז האָבן ערגיצוואו אויף דער גרויסער וועלט אַן אייגן ווינקל ערד אויף וועלכן דער ייד זאָל קענען מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט זאָגן: — ד אָ ס א י ז מ יי נ ס; און אַזוי ווי קיין שום לאַנד וויל פאַר די יידן נישט אָפּטרעטן אַזאַ ווינקל ערד, איז דער איינציקער אויסוועג — ארץ ישראל: דאָס לאַנד פון אונדזערע אבות און עס דאַרף נאָר געשען דער נס, אַז עס זאָל אויפשטיין אַ נייער משה, וואָס זאָל די גערו־

דפטע יידן פון איבעראַל צונויפנעמען און אריינפירן זיי צוריק אין זייער אַל־טן היים־לאַנד!

ער איז שוין געווען אַן איבערצייגטער ציוני, געקומען אויף די קאָנ־פערענצן פון אַלע מינים יידיש־נאַציאָנאַלע מנהיגים, אָבער אין אוניווערזי־טעט און אין שפּיטאַל וואו ער איז געגאַנגען אויף מעדיצינישע פּראַק־טיק, דאָרט האָט ער געמוזט אָנעמען די הילף פון די לינק־געשטימטע קאָ־לעגן, כדי צו קענען אָפּשטויסן די כוליגאַנישע אַטאַקעס פון די אַרגענטינער יוגנטלעכע נאַצים.

אגב, דער פאַקט וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט אַריינגעלאָזן אַזויפיל יידישע פּליטים פון פּוילן, בעת די אַנדערע לענדער האָבן כמעט גאָרנישט, אָדער זייער וויניק געטאָן אין דעם זין, האָט אין כאַקאָבאָן פּאַמעלעך אויסגעלאָשן זיין ווידערווילן און זיין פאַרדרוס קעגן די מאַכט פון די סאָ־וועטן וואָס האָבן געשלאָסן דעם פּאַקט מיט היטלערן און נאָך מער האָט ער זיך באַמיט צו פאַרגעסן די פּיינלעכע ווירקונג וואָס דער פּאַקט האָט אויף אים געמאַכט ווען עס איז געקומען די פּלוצלינגדיקע ידיעה, אַז היטלערים־טישע חיילות אינוואַדירן רוסלאַנד און טשוירטשילס דראַמאַטישע דערקלע־רונג, אַז פון איצט אָן, ווערט רוסלאַנד פון אַלע ענגלענדער באַטראַכט אַלס ברידער אין געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם ברוינעם־מאָנסטער.

אויך כאַקאָבאָ, פּונקט ווי אַלע יידן בכלל, האָט זיך באַמיט צו פאַרגעסן אָן דעם פּיינלעכן פּאַקט; ער האָט אויסגעטייטשט אויף זיין אופן, אַז פּונקט אַזוי ווי טשעמבערליין און דאַלאַדיע האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון דער היטלעריסטישער דיפּלאָמאַטיע און געמאַכט די טרויעריקע הנחות לגבי ווין און פּראַג, אַזוי האָט זיך אויך די רוסישע דיפּלאָמאַטיע געלאָזט פאַר־פירן מיטן כלומרשטן פּאַקט און איצט שניידט זי די בלוטיקע פּרוכטן פון איר גלויבן אין היטלערס אַ פאַרפּליכטונג; און ווייל די ראַטנמאַכט קעמפט איצט העלדיש קעגן די פוריעזע ברוינע אינוואַזאָרן, דאַרף איצט די גאַנצע פרייע וועלט פאַרגעסן אָן אַלע אַנדערע חשבונות און העלפן איר אין דעם בלוטיקן געראַנגל קעגן געמיינזאַמען שונא, וועלכער געפינט זיך נישט בלויז דאָרט, אויף די פראָנטן, נאָר אויך דאָ, אין אַרגענטינע, וועלכע ווערט כסדר מער אינוואַדירט פון נאַצישע עלעמענטן און פּראָפּאַגאַנדעס וואָס פאַרסמט די היגע „גאָלדענע יוגנט" און מען מוז זיי דאָ אָפּהאַקן די פליגל, איידער זיי באַוויזן צו טאָן דאָס, וואָס די ברוינע היטלער־יוגנט האָט געטאָן אין דייטשלאַנד. און אויב די אַרגענטינער רעגירונג וויל נישט אָדער קאָן נישט פאַרטיידיקן די זיכערקייט פון אַלע אירע איינוואוינער, מוזן די באַ־דראָטע בירגער זיך אַליין פאַרטיידיקן און אַזוי איז כאַקאָבאָ אַריינגעטראָטן אין איינער פון די פילע גרופּעס וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ,

וואָס האָט געוואָרפן אַ שרעק אויף די כוליגאַנישע צוקונפטיקע פּראָפע־סיאָנאַלן.

און עס האָט נישט געהאָלפן חנה׳לעס בעטן זיך ביי כאַקאַבאַן, ער זאָל נישט גיין צו די היינטיקע פייערונגען פון די סטודענטן וואָס זיינען גוט אַרי־בער די עקזאַמענעס; עס איז געפערלעך, די כוליגאַנישע סטודענטן וואָס זיי־נען דורכגעפאַלן, וועלן זיכער פּראָוואָצירן געשלעגן; כאַקאַבאַ האָט זיך גע־האַלטן ביי זיינס, אַז גענוג האָט ער געהאָרעוועט איבער זיך ביז ער איז אַריבער דעם עקזאַמען מיט אַן אויסצייכענונג און גענוג האָט ער געליטן באַליידיקונגען פון די נישט־פאַרגינערישע כוליגאַנעס; ער האָט אַ רעכט אויסצושווימען זיין פרייד וואָס ער גייט איצט אַריבער די גרעניץ פון שילער צום פּראָפעסיאָנאַל און קיין שום מאַכט וועט אים נישט צוהאַלטן אינדער־היים.

אויך ברוך שטיינבערג, וועלכער האָט כאַקאַבאַן נישט וויניקער ליב געהאַט ווי זיינע אייגענע קינדער וואָס ער האָט דערנאָך געהאַט מיט חנה׳לען, האָט כאַקאַבאַן געפּרואווט אָפּהאַלטן פון היינטיקן גיין אויף דעם סטודענטן־אויספלוג, אָבער כאַקאַבאַ האָט זיך נישט געלאָזט איבעררייד.ן. ער האָט איינגעפּאַקט אַ פּאָר קורצע הייזלעך, אַ באַד־קאָסטיום, געקושט טאַטע־מאַמע און מיט אַ פריילעכן געלעכטער אַוועק פון שטוב.

***

אויך סטודענטקעס האָבן היינט געפּראַוועט יום־טוב און צווישן זיי איז אויך געווען סאַריטאַ ראָקאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאָ.

זי האָט געענדיקט דאָס צווייטע יאָר אין פאַקולטעט פון פילאָזאָפיע. מעגלעך אַז זי וועט ווייטער נישט לערנען, ווייל דער מאָנסעניאָר, דער ביי־שאָף, רעדט צו די מאַמאַ, אַז זי זאָל זי ווידמען פאַרן קלויסטער, נו, ווייל זי זיך היינט אַביסל פרייען צוזאַמען מיט אירע חברטעס און אַנדערע סטו־דענטקעס.

גאַנץ פרי זיינען עטלעכע חברטעס געקומען צו סאַריטאַן אין איר רע־זידענץ. זיי זיינען געקומען רייטנדיק אויף שיין אויסגעפּוצטע און ניי־באַ־זאַטלטע פלינקע פערד און יונגנטלעכע מיידלשע פרייד און געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען און זיך געשפּרייט איבער דעם גרויסן גאָרטן און אַריינגע־שפּאַרט דורך די אָפענע פענסטער אין סולעמאַס שלאָפצימער.

סולעמאַ ליגט אין בעט. זי פילט זיך היינט זייער זייער נישט גוט. די אָפּעראַציע און די אַמפּוטאַציע פון איר לינקער ברוסט האָט זיך טאַקע זייער גוט איינגעגעבן, קנאַפּע צוויי יאָר האָט זי נישט געוואוסט פון קיין קאָפּ־

וויטיקן, אָבער איצט זעט זי, אַז עס גייט מיט איר פּונקט אַזוי ווי מיט איר שוועסטער; דיזעלבע קרענק האָט אָנגעהויבן אַטאַקירן אויך איר רעכטע ברוסט און די וויטיקן זייַנען היינט אַ סך פּיינפולער ווי אַמאָל...

זי ליגט אין בעט און זויגט אייַן אין זיך די פרײדיקע קלאַנגען פון יוגנטלעכן געלעכטער, אַ טרער רייסט זיך איר אַרויס פון אויג, זי באַטאַפּט דעם צלם מיטן קרוציפיקס וואָס הענגט אויף איר האַלז, זי נעמט אים אַרום מיט ביידע הענט, הויבט אים אַרויף פון איר קראַנקער ברוסט צו אירע ליפּן און פרעסט אָפּ אויף אים אַ קוש.

— זאָל דעם קינד די פרייד נישט צעשטערט ווערן, אָ, יעזוס!...

זי האָט מורא, אַז ווען סאַריטאַ וועט זי טרעפן ליגן אין בעט, וועט זי נישט וועלן אַרויסרייַטן מיט אירע חברטעס און מיט גרויס אָנשטרענגונג, מיט איר ליבע צו סאַריטאַ און מיט איר ווילן נישט צו צעשטערן דעם קינדס פרייד, באַהערשט זי דעם וויטיק און גייט אַראָפּ פון בעט.

אַ צי ביים שנור, און עס קומט אַרייַן דאָס קאַמער־מיידל וועלכע העלפט דער מאַדאַם אָנטון די קליידער און אָט זיצט שוין סולעמאַ ביים פענסטער און קוקט אַרויס צום פרילינגדיק צעבליטן גאָרטן.

אַ שטאַרקער שטאָך אין ברוסט שטויסט אַרויס פון איר האַרץ אַ טיפן קרעכץ, זי טראַכט שוין פון צוריקגיין אין בעט אַרייַן, אָבער אָט הערט זי סאַריטאַס לויפנדיקע טריט איבער די אַנדערע צימערן, זי שטרענגט זיך אָן אַרויסצובריענגען אַ שמייכל אויף איר פּנים, עס קומט אַרייַן סאַריטאַ, זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני נעבן דער מוטער, לעגט איר בלאָנדן קאָפּ אויף דער מוטערס שויס און די מוטער גלעט מיט איין האַנט אירע האָר און מיט דער צווייטער איר צאַרט פּנימל און זי הויבט איר אונטער דעם קאָפּ, אַ צייכן אַז די מוטער וויל זי זאָל אויפשטיין, שטעלט זי זיך אויף און וואַרפט זיך דער מאַמען אין די אָרעמס.

אַ האַלבע שעה שפּעטער איז געווען שיין צו קוקן ווי פון סולעמאַס רע־זידענץ זייַנען אַרויסגערייטן זעקס פּרעכטיקע מיידלעך אויף זעקס פלינקע פערד און באַוואונדערן האָבן די פאַרבייגייער געמוזט די גאָלד־בלאָנדע שלאַנקע שיינקייט אין דעם פיין געפּאַסטן רייטער־קאָסטיום מיט געשפּאָרנ־טע שטיוועלעך און אויפן קאָפּ אַ נייעם גלאַנציק־שוואַרצן צילינדער; סאַ־ריטאַ איז געריטן אין דער ערשטער ריי אינדערמיט, צווישן אירע צוויי חברטעס.

כאָטש די גרופּע פיין־דערצויגענע אַריסטאָקראַטישע מיידלעך האָבן נישט מיטגעהאַלטן מיט די אַלע אַנדערע סטודענטן און סטודענטקעס און זיי האָבן געפייערט דעם סוף־יאָר יום־טוב צווישן זיך, אויף זייער אייגענעם אופן, האָט עס זיי אַ צי געטאָן צוצורייטן ביז צו די פּליאַזשעס פון סאַן־אי־

סידראַ, וואו אַלע סטודענטן האָבן באַשטימט צו פּראַווען דעם היינטיקן פרייִלעכן טאָג.

זיי זיינען צוערשט געריטן איבער דעם אַספאַלטירטן וועג. מענטשן האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט באַוואונדערונג און ווייל מאַנכע פאַרבייגייער האָבן אויך צוגעוואָרפן צו זיי געוויסע נישט-פּאַסיקע באַמערקונגען, האָבן זיי באַשלאָסן צו רייטן ווייטער דורך זייטיקע וועגן.

עס איז געוועזן אַרום האַלבן טאָג ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דער פּליאַזשע-געגנט פון סאַן איסידראַ. פון ווייטנס האָבן זיך שוין געזען די רויך-וואָלקנס פון די פייערן וואָס זיינען דאָרט צעלייגט געוואָרן אויף צו בראָטן פליישן און די מיידלעך האָבן געקיצלט די פערד מיט זייערע שפּאָרן און געגלעט זיי מיט זייערע רייט-ביימשן, אַז זיי זאָלן שנעלער לויפן. נאָר דער וועג איז דאָ געווען אַ שלעכטער, צווישן בוימלעך און קשאַקעס וועלכע האָבן זיך שווער געלאָזן אויסמיידן און די רייטערנס האָבן כסדר געמוזט אַראָפּ-בייגן די קעפּ, כדי נישט צו בלייבן הענגען אויף אַ בוים-צווייג.

ענדלעך זיינען זיי געקומען נענטער צום פּלאַץ פון סטודענטן-פעסטיוואַל. זיי זיינען איצט געריטן צווישן און איבער קשאַקעס נעבן ברעג פון לאַ פּלאַטאַ טייך און בלויז געציילטע מינוטן און זיי וועלן זיין דאָרט. אָבער פּלוצלינג האָט סאַריטאַ אַ צי געטאָן די צוים און אָפּגעשטעלט איר פערד.

זי האָט צווישן די געדיכטע קשאַקעס און בוימלעך אויף לינקס, דערזען אַ מאָדנע זאַך; עטלעכע יונגע מענטשן אין באָד-קאָסטיומען האָבן געשלעפּט אַ שווערן זאַק, זיי האָבן אים געשלעפּט צווישן די קשאַקעס מיט צעיאָכמעטער פרייד, נאָר ווען זיי האָבן דערזען די אָנקומענדיקע רייטערנס, האָבן זיי אַ וואָרף געטאָן מיטן זאַק, אים געלאָזן ליגן און זיי זיינען זיך צעלאָפן.

סאַריטאַס חברטעס האָבן אויך אָפּגעשטעלט זייערע פערד און ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט די סבה פאַרוואָס סאַריטאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן זיי זיך פרייִלעך צעלאַכט און באַשלאָסן, אַז זיכער זיינען דאָס געווען סטודענטן און מען דאַרף אַ קוק טאָן וואָס זיי האָבן דאָ געשלעפּט אין דעם זאַק.

זיי זיינען צוגעריטן נענטער צו דעם געדיכט באַוואַקסענעם פּלאַץ און סאַריטאַ מיט צוויי חברטעס זיינען אַראָפּ פון די פערד און אריינגעקראָכן צווישן די געדיכטע בוימלעך און אַן אויסגעשריי פון שרעק האָט זיך אַרויסגעריסן פון סאַריטאַס ברוסט, ווען זי האָט דערזען אַז אין זאַק רירט זיך עפּעס און אַז עס זעען זיך אַרויס פון אים צוויי באָרוויסע פיס...

אָ, יעזוס האַרציקער! . . .

פון שרעק, האָבן זיך די צוויי מיידלעך געהאַט צוריקגעצויגן, אָבער

באַלד איז סאַריטאַ געקומען צו זיך און זי האָט אויסגערופן צו אירע חבר־טעס: — איר זעט דאָך אז דאָ איז פאָרגעקומען אַ „קרימען", אפשר דאַרף מען דאָ ראַטעווען אַ מענטשלעך לעבן?

אומגערן האָבן זיי זי באַגלייט ביז צום זאַק פון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעהערט קרעכצן פון אַ געפייניקטן. סאַריטאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אָנגעהויבן אַראָפּציען דעם זאַק כדי צו באַפרייען פון אים דעם אומגליקלעכן און ערשט ווען זי האָט איינער פון די חברטעס דער־לאַנגט מיט דער רייט־בייטש, האָבן שויןביידע מיידלעך איר צוגעהאָלפן און זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון זאַק אַ צעמזיקטן און צעביילטן פאַרבלו־טיקטן יונגן מענטש.

טויזנטער געדאַנקען זיינען אין דער מינוט דורכגעלאָפן איבער סאַרי־טאַס יונגען מוח און דער הויפּט־געדאַנק ביי וועלכן זי האָט זיך אָפּגעשטעלט איז געווען, אַז אויב די מאַ זאָל זי טאַקע ווידמען פאַרן קלויסטער, וועט זי זיך איצט קענען הייליקן מיט איר ערשטער קריסטליכער טאַט: — ראַטע־ווען אַ מענטשן־לעבן!...

די חברטעס האָבן זיך געמוזט וואונדערן פונוואַנען עס האָט זיך צו סאַ־ריטאַן גענומען אַזאַ באַפעלערישקייט; זי האָט געדראָט מיט דער רייט־בייטש און באַפוילן איינער, זי זאָל לויפן זוכן וואַסער אויף אָפּצומונטערן דעם פאַרוואונדעטן און דער צווייטער אַז זי זאָל כאַפּן דאָס פערד און אַרויס־רייטן צום טראַקט און רופן פּאָליציי און די „אַסיסטענציאַ פּובליקאַ".

אַ האַלבע שעה האָט געדויערט ביז די „גיכע הילף" איז געקומען און אין דער צייט, האָט סאַריטאַ אַרומגעוואַשן די ביילן און בלוטיקע וואונדן פון דעם צעהאַרגעטן, זי האָט מיט אַ שטיק פון אירע אונטער־וועש וואָס זי האָט אַרויסגעריסן פון אונטער איר רייט־קאָסטיום, אַרומגעוואַשן דאָס פּנים פון דעם צעשלאָגענעם און פּונקט ווען די מעדיקאָס פון דער גיכער הילף זיינען צוגעקומען צום פּלאַץ, האָט דער פאַרוואונדעטער געעפנט די אויגן. זיינע צעשראָקענע בליקן האָבן זיך צוערשט געריסן אויף אַרויף און באַלד האָבן זיי אָנגעהויבן בלאָנדזשען ווי מיט פראַגע־צייכנס: — וואו בין איך דאָ ערגיץ? ביז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און צונויפגעטראָפן מיט די בליקן פון דעם בלאָנדן מלאך וואָס האָט נעבן אים געקניט אויף דער ערד.

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט סאַריטאַ דערזען אין אַ מענטש־לעכן בליק אַזאַ טיפן ים פון דאַנקבאַרקייט וואָס האָט דורכגעלאָזן דורך איר גאַנצן קערפּער אַ הייליקן ציטער.

— מיט דער היינטיקער טאַט וועט זי זיך היילקן פאַרן קלויסטער! ...
זי האָט באַפוילן אירע חברטעס אַז זיי זאָלן מיטנעמען איר פערד, זי וועט באַגלייטן דעם פאַרוואונדעטן אין האָספּיטאַל.

ערשט אויפצומאָרגנס האָט די פּאָליציי אידענטיפיצירט דעם פאַרוואונדעטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער אַבסאָלווירטער סטודענט פון מעדיצין — כאַקאָבאָ זילבערמאַן.



# סאַריטאַ און סולעמאַ

סולעמאַ ליגט אין בעט.

שוין עטלעכע מאָל איז דאָס קאַמער־מיידל אַריינגעקומען, געפרעגט צי די גנעדיקע מאַדאַם ווינשט נישט צו עסן אין בעט און סולעמאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. איינמאָל האָט זי בלויז געבעטן, אַז דאָס קאַמער־מיידל זאָל איר איינרייבן די שלעפן און די פולסן פון ביידע הענט מיט קעלניש־וואַסער, דאָס האָט זי אַביסל אָפּגעפרישט.

זי ליגט אין געפערלעכע ווייטיקן. אַזוי ווי מעסערס און לאַנגע, דינע שפּיזלעך וואָלטן אַרומגעלאָפן אין איר ברוסט און געשניטן, געשטאָכן אין איר לייב. זי בייסט די ליפּן פון ווייטיק און זי טראַכט. זי טראַכט וועגן איר קינד, וועגן סאַריטאַן.

— צי זיינען נישט אירע ווייטיקן אַ שטראָף פון גאָט, פאַר נישט אַנטפּלעקן איר דעם סוד פון איר געבורט? אַ יעזוס!... נאָר דו, געפייניקטער אויפן קרייץ, קאָנסט מיטפילן מיין ווייטיק!... אָ, העלף מיר, יעזוס, אַז דער ווייטיק זאָל מיר אַביסל נאָכלאָזן, כדי איך זאָל קענען טראַכטן וועגן דעם מיט אַ קלאָרן געדאַנק!...

לאַנג האָט זי זיך נאָך אַזוי געראַנגלט מיט אירע ווייטיקן, אויף איר פּנים האָבן אַרויסגעשלאָגן רויטע פיבערדיקע פלעקן, אָבער פּלוצלינג האָבן זיך די ווייטיקן אָפּגעשטעלט, די פלעקן האָבן זיך אָנגעהויבן בלאַסן און זי האָט ווייטער געטראַכט.

— צי איז עס דען נישט געווען גאָטס ווילן אַז עס זאָל אַזוי געשען? וואָס וואָלט דען פון דעם דאָזיקן פאַרלאָזענעם נפש'ל געוואָרן, ווען זי ראַטעוועט עס נישט אָפּ, אַדאָפּטירנדיק עס פאַר איר אייגן קינד? זי האָט דאָך דאָס קינד ביי קיינעם נישט צוגערויבט!... דעם נאָמען? איר אָפּשטאַם? אפילו דאָס האָט זי דאָך ביי איר נישט צוגענומען!...

זי האָט נערוועז אַ צי געטאָן דעם שנור און דאָס קאַמער־מיידל האָט זיך געוויזן:

— ברענג מיר אַהער מיין קאַסעטע מיט צירונג.

מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי אויפגעשלאָסן די גרויסע שיין־גראַ־ווירטע זילבערנע קאַסעטע, אַרויסגעוואָרפן די מיט ברילִיאַנטן באַשאָטענע האַלז־בענדער, בראַשן און דיאַדעמס אַזוי ווי ווערטלאָזע שפּילצייג און ענדלעך אַרויסגענומען דאָרט פון אונטן אין דער קאַסעטע — אַ פּאַפּירע־נעם דאָקומענטן.

דאָס איז געווען סאַריטאַס מעטריקע פון דער שיף „אַטלאַנטאַ”, אונ־טערגעשריבן פון דעמלסדיקן שיף־קאַפּיטאַן אַריסטו קאָסוליטש.

לאַנג האָט זי געקוקט אויף דעם דאָקומענטן, ענדלעך האָבן זיך אירע בליקן אָפּגעשטעלט אויף דעם נאָמען — שטיינבערג ...

— צי האָב איך נישט געלאָזן איבערזעצן דעם נאָמען און אים צוגע־שריבן פאַר סאַריטאַן נאָך פאַר אונדזערע נעמען? און צי האָב איך נישט געפאָלגט דעם מאַנסעניאַר מיין טויף־פאָטער און געלאָזן אויף איר האַלז דאָס קייטעלע מיטן מעדאַליאָן וואָס זי האָט געירשנט פון איר מוטער און זי טראָגט דאָס קייטעלע ווי אַ טאַליסמאַן ביז צום היינטיקן טאָג? אָ, יע־זוס האַרציקער! ...

ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, האָט זי אויף שנעל צוריק אַריינ־געלייגט דעם דאָקומענט און דאָס צירונג אין דער קאַסעטע, פאַרשלאָסן און אַ צי געטאָן דעם שנור און ווידער האָט זיך באַוויזן דאָס קאַמער־מיידל:

— קלינג אָן צום מאַנסעניאַר און בעט אים אונטערטעניק, צי ער וואָלט נישט גרייט געווען אונז היינט צו באַזוכן ...

דאָס מיידל איז אַרויס.

ווידער האָבן זיך די מעסערס און די שפּילקעס צעשפּילט אין סולעמאַס ברוסט און זי האָט פאַרביסן די ליפּן פון ווייטיק:

אָ, יעזוס הייליקער! ... צי האָב איך אַ רעכט אויסצופאָלגן די מיינונג פון מאַנסעניאַר און ווידמען סאַריטאַס יונגע לעבן פאַרן מאַנאַסטיר? ...

יאָ, זי וועט מיט איםריידן, זי וועט פאַר אים עפענען איר האַרץ און אַרויס־געבן פאַר אים אַלץ וואָס דריקט זי, צי האָט ער דען נישט אַלע יאָרן איר געמיט פאַרלייכטערט?

דאָס קאַמער־מיידל איז אַריינגעקומען אַ בלאַסע, מיט איבערגעשראָ־קענע בליקן: — מאַדאַם ... איך ווייס נישט ... יאָ, דער מאַנסעניאַר איז נעכטן ביינאַכט אַוועקגעפאַלן מיט אַ „דעראַמע סערעבראַל” און ער גע־פינט זיך איצט אין אַ גסיסה־צושטאַנד . . .

דאָס קאַמער־מיידל האָט זיך צעוויינט און סולעמאַ האָט געשלאָסן די אויגן, און איז געבליבן ליגן ווי אין אָנמאַכט און אין דעם מאָמענט האָט זיך די טיר אויפגעריסן, סאַריטאַ, אָנעם צילינדער, אין צעריסענעם רייט־קאָסטיום און פאַרבלאָטיקטע שטיוול איז צוגעלאָפן צום בעט, זיך אַ וואָרף

געטאָן אויף די קני צוגעטוליעט איר גאָלדענעם קאָפּ צו דער מאַמעס לייב און אויסגערופן:

מאַמאַ! מאַמאַ! איך האָב היינט געראַטעוועט אַ מענטשלעך לעבן! אַ מאַמאַ! . . . דער אומגליקלעכער האָט אויסגעזען ווי דער געפּייניקטער יע־זוס אויפן קרייץ! . . .

אין משך פון די עטלעכע שעה צייט, איז סאַריטאַ אַרויסגעוואַקסן פון איר קינדישקייט צו אַ יונגער, שיינער רייצענדער און פליכט־באַוואוסטזי־ניקער פרוי.

איבער איר אַלעמאָל גלאַטיק פּנימל האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן סמנים פון נייע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס האָבן זיך שוין געצוג דייטלעך אָנגעזען אויף ביידע זייטן שטערן, נאָנט צו די שליפן, און פון אירע גרויסע בלויע אויגן האָבן אָנגעהויבן אַרויסשיינען פעסטע בליקן וואָס דריקן מיט זיך אויס ווילן און ענערגיע.

פון די רייד וואָס די מאַ האָט צו איר אַרויסגערעדט אין אירע פּיינ־לעכע ווייטיקן, האָט זי בלויז פאַרשטאַנען אַז די סודות'דיקייט וואָס זי האָט שוין זיבן יאָרן געפילט אַרום איר לעבן, איז נאָך געדיכטער געוואָרן; אין אין זכרון זיינען אויפגעלויכטן די ווערטער וואָס דער אַלטער מאָנסעניאָר האָט איר אַמאָל געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט פרעגן אויף זאַכן, ווייל די זאַכן וואָס גאָט וויל אַז אַ קינד זאָל זיך דערוויסן, קומט עס מיט דער צייט פון זיך אַליין.

— ניין, באַשליסט סאַריטאַ. — איך בין שוין צוואַנציק יאָר אַלט און עס איז שוין צייט איך זאָל אָנטפּלעקן דעם סודות־שלייער אין וועלכן מיין לעבן איז איינגעוויקלט געוואָרן! און אפשר איז איר היינטיקע טאַט פון אַפּראַטעווען אַ מענטשלעך לעבן, אַ חסד פון גאָט וואָס וועט מכפּר זיין עפּעס אַן אַמאָליקע זינד פון אירע עלטערן? פון דער מאַמעס אָפּגעהאַקטע נישט פאַרענדיקטע פראַזן, האָט זי זיך געקאָנט אָנשטויסן אויף עפּעס אַזעלכעס, אָבער וואָס? זי פאַרשטייט שוין היינט און ווייס, אַז איר פאָטער דאָרט אין אויסלאַנד איז נישט קיין צדיק; זי ווייס שוין, אַז ער האָט מיט אַ יאָר צוריק פאַרשפּילט אין מאָנטעקאַרלאָ אַ האַלבן מאַיאָנטעק פון זייערע גיטער אין זידן פון אַרגענטינע און אַז די מאַ איז זייער באַזאָרגט דעריבער וואָס עס וועט זיין ווייטער; — אָבער וואָס פאַרא צוזאַמענהאַנג האָט דאָס מיט דער סודותדיקייט וואָס הילט אַרום איר אייגן לעבן?

אַ סך, אַ סך מאָל האָט סאַריטאַ שוין געטראַכט וועגן דער סודותדיקייט וואָס רינגלט אַרום איר יונג לעבן, אָבער איצט וויל זי מער נישט בלויז טראַכטן; זי וועט אָנהויבן מאָנען דערקלערונגען און אויב איר מאַמע ווערט געפּלאָגט פון עפּעס אַ שולד וואָס לאַסטעט אויף איר געוויסן, דאַרף זי עס

נאָר הערן פון איר און זי וועט אַן קווענקלעניש גיין אין אַ מאָנאַסטיר און זיך איבערגעבן אין גאָטס הענט און גאָט וועט דער מאַ מוחל זיין איר באַגאַנגענע זינד...

שוין מער ווי צוויי שעה זיצט סאַריטאַ אין איר בודואַר נעבן איר שרייבטישל פאַרטיפט אין אירע געדאַנקען. צוויי מאָל האָט שוין די מאַדמאַזעל בידאָורט געקלאַפּט צו איר אין טיר און זי דערמאָנט אַז זי דאַרף עפּעס עסן און גיין מבקר־חולה־זיין דעם מאָנסעניאָר, אָבער זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— איר מאַ׳ס געוויסן באַלאַסטעט פון אַ שולד? איר מאַ, אַ זינדיקע? ניין! דאָס איז נישט מעגלעך!... זי איז אַ פרומע גאָטס־פאַרכטיקע קריסטין און נישט אַזוי ווי איר מאַ, פירן זיך זינדיקע פרויען...

וואָס פאַרט קומט פאַר אָרום איר? וואָס פאַרט האָט זיך די מאַ אַזויפיל מאָל געסוד׳עט מיט דעם מאָנסעניאָר און זי האָט געפילט, אַז דאָס סודעט מען זיך וועגן איר?

כסדר נייע איינצלהייטן פון איר לעבן זיינען אויפגעשוואומען פאַר איר און אויפגעלויכטן אַזוי ווי פּאָזיטיווע באַוויזן, אַז אָרום איר לעבן הערשט אַ סוד וועלכער איז הערמעטיש פאַרמאַכט אין די הערצער פון איר מאַ און פון מאָנסעניאָר און זי וועט עס לענגער אַזוי נישט אויסהאַלטן, זי מוז וויסן, זי מוז וויסן אַלץ, מעג עס זי אַפילו קאָסטן איר יונג לעבן.

— איך בין נישט מער קיין קינד; נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, און איך וועל שוין זיין דאָקטאָר אין פילאָזאָפיע און איך פאַרשטיי שוין גענוג פון לעבן, אַז איך זאָל אויך פאַרשטיין די מאַ און זיך אַליין!... און צי האָב איך דען היינט נישט באַוויזן אַ טאַט פון אַ דערוואַקסענעם מענטש מיט פולער מאָראַלישער אחריות? צי האָב איך דען נישט אַפּגעראַטעוועט אַ מענטשלעך לעבן?

אין איר מוח האָט אויפגעלויכטן דאָס בילד פון דעם יונגן צעפּייניקטן מענטשן בעת זי האָט אים מיט דער מיטהילף פון אירע חברטעס אַרויסגעשלעפּט פון זאַק.

— אַ יעזוס טייערער!... זי זעט זיין פאַרבלוטיקטן האַלז און פאַרקלעפּטע שוואַרצע האָר פון שוויים, וואָס האָט אים זיכער אַרויסגעשלאָגן פון יסורים; זי פילט איבער דעם הייליקן נחת פון דעם מאָמענט, ווען זי האָט אים, מיט דעם אָפּגעריסענעם שטיק פון אירע אונטער־וועש געוואַשן דאָס פּנים און געררייניקט זיינע וואונדן און מיט וויפיל דאַנקבאַרקייט זיינע בליקן האָבן זי באַגאָסן ווען ער האָט די אויגן געעפנט!...

ווידער פילט זי איבער אין געדאַנק זיינע בליקן אויף זיך און איר איז

גוט אזוי, זי פֿאַרמאַכט אירע אויגן, לענט אָן איר קאָפּ אויפֿן שרייבטישל און לאָזט אין געדאַנק אויף זיך רוען דעם געראַטעוועטנס דאַנקבאַרע בליקן און זי פֿילט, ווי זיי דרינגען אַריין אין איר האַרצן און שפּרייטן זיך מיט אַזאַ הייליקער נחתדיקייט איבער איר גאַנצן קערפּער... — וואָס טוט ער איצטער? איז ער שוין געקומען צו זיך?...

מאַדמואַזעל בידאורט האָט אָנגעקלאַפּט און אַריינגעקומען.

— עס קאָן אַזוי ווייטער נישט גיין, קינד מיינס... די מאַדאַם שלאָפֿט נאָך נאָך דער אינזשעקציע און דו האָסט נאָך אַלץ גאָרנישט געגעסן. קום, עס עפּעס און גיי, דערפֿיל דיין פֿליכט מיט אַ וויזיט צו דיין הייליקן טויף־פֿאָטער, וועלכער ליגט שוין אין אַ צושטאַנד פֿון אַגאָניע...

סאַריטאַ איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון איר פּלאַץ. זי האָט זיך געפֿילט זינדיק מיט איר פֿאַרנאַכלעסיקן אַזאַ הייליקע פֿליכט. איר פֿאָטער איז זעלטן ווען געווען אינדערהיים און דער אַלטער בישאָף האָט מיט אַ סך ליבע און גוטהאַרציקייט פֿאַרטראָטן פֿאַר איר דעם פּלאַץ און אפֿשר, אפֿשר וועט זי אים נאָך געפֿינען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זי זאָל קענען מיט אים עפּעס ריידן? אפֿשר וועט זי קענען צום לעצטן מאָל זיך מתודה זיין פֿאַר אים און אים אויפֿאָדערן, ער זאָל פֿאַר איר אויפֿדעקן דעם סוד וואָס רינגלט אַרום איר לעבן?

זי איז שנעל אַריין אין אַ צווייטן צימער וואו עס איז שוין געשטאַנען אַ געגרייטער טיש מיט פֿאַרשיידענע קאַלטע מאכלים פֿאַר איר. סאַריטאַ האָט בלויז באַוויזן וואָס נישט איז אָפּצועסן און שוין האָט זי געאײַלט צום איבערבייטן זיך דאָס קליידל, זי האָט נאָך אַ קוק געגעבן צו דער קראַנקער מאַ און מינוטן שפּעטער איז סאַריטאַ אין באַגלייטונג פֿון דער מאַדמואַזעל בידאורט אַרויסגעפֿאָרן אין פֿאַיעטאָן געשפּאַנט אין צוויי פֿערד וואָס זיינען געלאָפֿן אין גאַלאָפּ איבערן שאָסיי אין שטאָט אַריין, צו דעם גרויסן קלויסטער וואו עס האָט אין אַ זייטיקן בנין געוואוינט דער מאָנסעניאָר דער אַלטער בישאָף, סאַריטאַס טויף־פֿאָטער.

אָנגעקומען אין קלויסטער זיינען זיי שוין צו שפּעט. ביי דער אָנוועזנהייט פֿון אַ פֿול־געפּאַקטן קלויסטער, האָבן אַ סך גלחים שוין אָפּגעריכט אַ גאָטעס־דינסט פֿאַר דער נשמה וואָס האָט נאָר־וואָס פֿאַרלאָזן דעם גוף פֿון דעם הייליקן מאַן און זי פֿליט איצט אַרויף צום הימל.

מאַדמואַזעל בידאורט און סאַריטאַ האָבן אַנידערגעקניט און זיך פֿאַר־שטעלט מיט די הענט די אויגן. סאַריטאַ האָט שטיל נאָכגעזאָגט די תפילות וואָס די גלחים האָבן אויסגעזונגען אויפֿן קול. אַ שאַרפֿער ווייטיק האָט גע־דריקט אויף איר יונג האַרץ: — נישט באַוויזן מער זיך מתודה צו זיין פֿאַר

אים . . . ער פירט איצט מיט מיט זיך איר לעבנס־סוד אין קבר . . . און זי האָט זיך צעשלוכצט אויפן קול . . .

אַ שעה שפּעטער זיינען זיי אַרויס פון קלויסטער־בנין, סאַריטאַ האָט זיך געווישט די פאַרוויינטע אויגן.

— און איצט, מאַדמואַזעל, פאָרט איר אַהיים און גיט אַ קוק וואָס מאַכט די מאַ, און איך וועל מיט דער באַן פאָרן קיין סאַן איסידראַ צו דער סטאַציע פון דער „אַסיסטענציאַ פובליקאַ".

— וואָס הייסט, איך וועל דיך לאָזן אַליין פאָרן? וואָס וועט זאָגן די מאַמאַ?

— איך האָב היינט אָפּגעראַטעוועט אַ מענטשן־לעבן און איך דאַרף זען וואָס ער טוט.

—ווער איז דער מענטש? איך וועל דיך נישט לאָזן אַליין; איך וועל מיטפאָרן!

צום ערשטן מאָל זייט זי איז אריינגעטראָטן אין דער רעזידענץ פון די ראַוּוסאָנס כדי צו זיין די גובערנאַנטין פון סאַריטאַ, האָט זי דאָס קינד געזען מיט אַזעלכע באַפעלערישע בליקן:

— איך בין נישט מער קיין קינד און מאַדמואַזעל וועט דערפילן מיין וואונטש; איך וויל פאָרן אַליין.

מיט צעשראָקענע בליקן האָט זיך מאַדמואַזעל בידאורט אונטערגעגעבן דעם ווילן פון איר הארין; זי איז אַריין אין פאַיעטאָן און סאַריטאַ האָט זיך געלאָזן לענג־אויס דעם וועג וואָס פירט צו דער סטאַציע פון עלעקטרישן באַן.

אין דער „אַסיסטענציאַ פובליקאַ" האָט זיך סאַריטאַ דערוואוסט, אַז מען מוז דעם אומבאַקאַנטן פאַרוואונדעטן אָפּפירן אין „האָספּיטאַל דע קלי־ניקאַ" אין הויפּטשטאָט, כדי פעסטצושטעלן דורך רענטגען־שטראַלן, צי האָט ער נישט קיין שווערע אינערלעכע באַשעדיקונגען. דערוויל שלאָפט ער אונטער דער ווירקונג פון אינזשעקציעס, וואָס פאַרטויבן אים די ווייטיקן. ער איז נאָך נישט געקומען צו זיך און מען ווייס נאָך נישט זיין אי־דענטיטעט . . .

וואָס קאָן זי איצט טאָן פאַר אים?

— גאָרנישט. מען מוז וואַרטן ביז ער וועט קומען צו זיך. באַזוכט אים מאָרגן אין האָספּיטאַל דע קליניקאַ.

סאַריטאַ האָט בלויז באַוויזן צו וואַרפן אַ בליק אויף דעם צעשלאָגענעם יונגען מענטש. ער איז איצט שוין געווען ריין אָרומגעוואַשן און זי האָט פאַר זיך געזען אַ שלאָפנדיקן יונגען מענטשן מיט אַזאַ צאַרט אויסגעבליכט

פנים, מיט אַ שוואַרץ־געלאָקטן קאָפּ האָר און דינע שוואַרצע וואָנסעלעך וואָס האָבן צוגעגעבן אַזויפיל חן דעם צאַרט בלאַסן פנים . . .

—אָבער, איז עס נישט געפערלעך?

— מיר האָפן אַז נישט. פּראַקטור נאָטירט זיך נישט אויסערלעך, דאָס איבעריקע וועט מען זען מאָרגן . . .

— אַ דאַנק.

ארויסקומענדיק אין קאָרעדאָר פון דער אַסיסטענציאַ, האָט זי אונטער־געהויבן דעם צלם וואָס איז געהאָנגען אויף איר האַרץ און אים אַ קוש געטאָן:

זאָל גאָט העלפן, ער זאָל געזונט ווערן! . . .

אַזויפיל איבערלעבענישן אין איין טאָג, איז פאַר דער איידל־דערצויגע־נער סאַריטאַ געווען פיל, צו פיל. זי האָט אויף זיך פלוצלינג דערפילט פליכ־טן וואָס האָבן אויף איר געמיט געדריקט ווי אַ שווערע מאַסע, און זי האָט זיך געמוטשעט אויף איר פיינעם געלעגער און בשום אופן נישט געקאָנט כאַפּן דעם שלאָף.

— מאָרגן עלף אַזייגער וועט זיין די לויה פון איר טויף־פּאָטער און זי טאָר נישט פעלן; אָבער מאָרגן אינדערפרי מוז זי גיין זען וואָס עס טוט דער יונגער מענטש וועלכן זי האָט געראַטעוועט פון באַנדיטישע הענט . . .

ערשט שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָבן זיך געשלאָסן אירע אויגן און אין חלום האָט זי געזען דעם יונגען אומבאַקאַנטן מענטשן צוגענאָגלט אַזוי ווי יעזוס צו אַ גרויסן קרייץ און זי האָט אים מיט אַ סך באַרמהאַרציקייט פּאַמעלעך באַפרייט און אַראָפּגענומען פון קרייץ און געוואַשן זיינע וואונדן אויף די הענט און אויף די פיס און דערפאַר האָבן יענעמס אויגן ווען זיי האָבן זיך געעפנט, זי באַשטראַלט מיט אַזויפיל דאַנקבאַרקייט און ליב־שאַפט . . . אַ, יעזוס הייליקער! . . .

סאַריטאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ נאַס פּנים פון טרערן.

זי איז שנעל אַריין צו דער מאַ, זאָגן איר אַ גוטן מאָרגן, נאָר זי האָט זי געטראָפן שלאָפנדיק; איז זי באַלד צוריק אַרויס, און אַ האַלבע שעה שפּע־טער, איז זי שוין געזעסן אויפן עלעקטרישן באַן וואָס פאָרט אין שטאָט אַריין.

***

נאָך אַ גאַנצער נאַכט פון נאָכפאָרשונגען אין פאַרשידענע פּאָליציי־קאָמי־סאַריעס, האָט מען חנה'לען ערשט ניין אַזייגער אינדערפרי מודיע געווען, אַז אַזאַ יונגער מענטש ווי זי זוכט, געפינט זיך אינטערנירט אין האָספּיטאַל דע קליניקאַס.

ברוך שטיינבערג האָט געמוזט בלייבן אין בעט. עס האָט אים נעכטן גענומען דריקן אַ שאַרפער ווייטיק אונטערן האַרצן און דער דאָקטאָר האָט אים געהייסן ליגן.

לויפט איצט די פאַרצווייפלטע מאַמע אין קליניק, דאָס האַרץ וואַרפט זיך אין איר פון שרעק, דאָס האַרץ האָט אין איר נעכטן געשריגן: — לאָז אים אין אַזאַ צייט נישט גיין אויף קיין סטודענטישע הוליאַנקעס! און איצט ווער ווייס וואָס מיט אים איז געשען...

לאַנג האָט געדויערט ביז חנהלע האָט זיך דערפרעגט וואו דער פאַר־וואונדעטער געפינט זיך, אָבער ענדלעך האָט זי זיך דערוואוסט, אַז מען ווייסט שוין דאָ דעם נאָמען פון פאַרוואונדעטן, יאָ דאָס איז איר זון און מיט געוויין האָט זי זיך געבעטן אַז מען זאָל זי צולאָזן צו אים כאָטש אויף איין מינוט.

אַריינקומענדיק אין דער גרויסער סאַלע, האָבן אירע בליקן אַ בלאָנ־דזשע געטאָן אויף ביידע זייטן לענג־אויס דער לאַנגער רייע בעטלעך; אַ מאָדנע גאַלעריע פון קראַנקע פּנימער זיינען פאַר איר פאַרבייגעשוועבט, ביז זי האָט דערקענט כאַקאָבאָס שוואַרץ־געלאָקטן קאָפּ האָר.

שנעל האָט זי זיך דערנענטערט צו אים. ער איז געלעגן מיטן פּנים אויסגעדרייט צו דער צווייטער זייט, וואו עס איז אויף אַ שטול געזעסן אַ פרעכטיק יונג מיידל מיט אַ גאָלד־בלאָנדן קאָפּ האָר און מיט אַ צאַרט מלאַ־כיש פּנימל, וואָס האָט צו איר זון אַזוי ליבלעך און מיט אַזויפיל מיטגעפיל געשמייכלט; נאָר פינסטער איז איר געוואָרן פאַר די אויגן, ווען זי האָט גע־זען הענגען איבער דעם מיידלס ברוסט אַ גרויסן צלם מיט אַ קרוציפיקס...

# די ראַוסאַנס רעזידענץ ווערט ליציטירט

די פיבערהאַפטע צייט איז געגאַנגען און די וועלט האָט זיך כסדר מער צעפיבערט.

די היטלעריסטישע מאַטאָריזירטע חיילות האָבן אין ראַטנפאַרבאַנד כסדר דעראָבערט נייע טעריטאָריעס און אָט שטייען זיי שוין כמעט פאַר די טויערן פון מאָסקווע, סטאַלינגראַד איז אַרומגערינגלט ממש ווי מיט אַ פּעטליע אויפן האַלז, וואָס מען דאַרף זי בלויז צוציען און אויס מיט סטאַלינגראַד און דערצו, האָבן דורך אונטערערדישע און אונטער ימישע קאַנאַלן אָנגעהויבן קומען טרויעריקע ידיעות וועגן די „איבערזידלונגען" און מאַסנהאַפטע אויסראָטונגען פון די יידן דורך די ברוינע בעסטיעס און די מאַסנהאַפטע שחיטות וואָס זיי פירן דורך אויף יידן איבעראַל, אויף די טעריטאָריעס וואָס זיי האָבן איינגענומען און אַ גרויל האָט אַרומגעכאַפּט אַלע יידן איבער גאָר דער וועלט און די גרויל האָט אָפּגעווישט די גרעניצן צווישן רעכטס און לינקס, עס האָבן זיך געשאַפן קאָמיטעטן צוהילף די יידישע קרבנות, צוהילף די קעמפער פון ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע גייען אָפּ מיט בלוט אין דעם העלדישן קאַמף קעגן דער צעיושעטער זיגרייכער נאַצישער בעסטיע.

ווער פון די פילע טויזנטער יידישע אימיגראַנטן וואָס זיינען געקומען קיין אַרגענטינע מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ" און מיט אַנדערע שיפן, האָט דאָס נישט איבערגעלאָזט אין די אַלטע היימען אַ טאַטן אַ מאַמען, ברידער, שוועסטער, פרויען, קינדער און נאָענטע קרובים?

האָבן אָרימע אַרבעטער, פרויען און מענער אין זייער פרייער צייט נאָך דער אַרבעט, זיך גענומען אויפסניי אַרבעטן; פרויען האָבן געשטריקט סוועטערס און גענייט אונטערוועש פון דיקע לייוונט; מענער האָבן גענייט מאַנטלען פון דיקן שטאָף און קורטקעס און פוטערנע הענטשקעס און היינט שוין רייכע פאַבריקאַנטן, ביי וועלכע עס זיינען נאָך געבליבן ערגיץ וואו צווישן אַלטוואַרג די אַמאָליקע האַנט-וועב-מאַשינען, האָבן אַרויסגעגעבן די

מאַשינען צו אַרבעטער און צוגעגעבן די רוי־מאַטעריאַלן, אַז די אַרבעטער זאָלן דאָס אין זייער פרייער צייט אויסאַרבעטן און געווען טויזנטער מענער און פרויען וואָס האָבן זיך ממש אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות, אַרבע־טנדיק גאַנצע נעכט, טראַכטנדיק דערביי, אַז אפשר וועט עפּעס פון די אויסגעאַרבעטע זאַכן אָנקומען און דערהאַלטן ביים לעבן עמיצן פון די אייגענע...

גאַנצע שיפן אָנגעלאָדענע מיט אַלע מינים באַקליידונגס־אַרטיקלען, זיינען אָפּגעגאַנגען אויפן וועג קיין אַמעריקע, בכדי פון דאָרט אָפּגעשיקט צו ווערן קיין ראַטנפאַרבאַנד.

גאָלדע פערלבערג האָט נישט אויפגעהערט וויינען און פאַרוואַרפן זיך, פאַרוואָס זי האָט נישט באַוויזן אַריבערצוברענגען די איריקע ווי לאַנג עס איז נאָך געווען צייט און זי מיט אירע קינדער וואָס האָבן שוין געלעבט אין וואָוילטאָג, זיינען געזעסן האַלבע נעכט און געאַרבעט אויף די שטריקער מאַשינען און האָבן געבענטשט יעדעס פאַרטיקע שטיקל סחורה, אַז עס זאָל זיין צום געזונט פון די קעמפער, פאַר וועלכע זיי האָבן דאָס אויסגעאַרבעט.

אברהם ווייסבלאַט האָט זיך געגרייט צוזאַמען מיט זיינע שותפים צו אַ גרויסער הילפס־אַקציע, פאַר וועלכער זיי שענקען איין אַרבעטס־טורנע אין זייער גרויסער פאַבריק.

שמחה און מלכהלע פלעכטמאַן האָבן אויסגעאַרבעט פוטערנע וועסטן און אפילו בערקע, דער אַמאָליקער טרעגער פון פעלצעווויזנע מיט זיין זון הענעך, וואָס היינט זיינען זיי שוין אייגנטימער פון אַ גאַנצער נעץ אַמני־בוס־ליניעס אין די אַרומיקע שטעטלעך אין שכנות מיט דער הויפּטשטאָט און זיי האָבן אַ סך פיליאַלן פון זייער טראַנספּאָרט געזעלשאַפט, אויך זיי שטייען נישט פונדערווייטנס פון דער הילפס־אַרבעט; אַ חוץ וואָס זיי גיבן גרויסע געלט־באַשטייערונגען, שטעלן זיי זייער טראַנספּאָרט־געזעלשאַפט צו דינסט פאַר צונויפנעמען פון די פאַרשידענע טיילן שטאָט, פון די הונ־דערטער גאַסן, די אויסגעאַרבעטע סחורות און אָפּפירן אין די ספּעציעלע מאַגאַזינען, פונוואַנען זיי טראַנספּאָרטירן די גאַנצע לאָדונגען צום פּאָרט און אויף די שיפן.

אַלע, אַלע יידישע איינוואוינער אין דעם גרויסן בוענאָס איירעס, זיינען פאַרכאַפּט פון דער פיבערהאַפטער אָנשטרענגונג — כאַטש מיט אַרבעט און הילף — זיך מיטצובאַטייליקן אין דעם העראָאישן קאַמף קעגן דער מאָנסטערהאַפטער היטלעריסטישער מלחמה־מאַשין.

אָבער גלייכצייטיק, ווערט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט דאָס לעבן אויפן פּלאַץ; די ידיעות וועגן די היטלעריסטישע בעסטיאַליטעטן, האָבן אויך גע־שאַרפט די צייַן פון אַרטיקע נאַצים וואָס האָבן אַקטואירט אונטער פאַרשי־

דענע נעמען און מען האָט באַדאַרפט שטיין אויף דער וואַך, אַז אַט אַ די היימישע כוליגאַנעס זאָלן נישט פּרוּוון איבערגיין פון ווערטער צו מעשׂים.

יידישע יוגנטלעכע וואָס זיינען פריער געווען אַבסאָלוט ווייט פון יעדן מין יידישקייט, האָבן זיך אָנגעהויבן צוטוליען צו יידישע אָרגאַניזאַציעס און קרייזלעך, דאָרט האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין אַ זעלבסט־שוץ און זייער לאָזונג, אַז יעדעס יידישע לעבן וועט מוזן קאָסטן עטלעכע לעבנס פון די אַנגרייפער, האָט צוגענומען דעם אַפּעטיט ביי די יוגנטלעכע כוליגאַנעס אַנצוגרייפן און זיי האָבן בלויז געוואַגט אין די שטילע פינסטערע נעכט צו באַשמירן מיט סמאָלע־באָמבעס די ווענט פון יידישע אינסטיטוציעס און שילן.

כאַקאַבאַ זילבערמאַן איז אויך געווען פאַרשריבן אין איינער פון די זעלבסט־שוץ־גרופּעס. דאָס איז געווען זיין אויפטו, אַז עס זאָל פאַרשפּרייט ווערן דער קלאַנג, אַז די יידישע זעלבסט־שוץ־איינהייטן, האָבן זיך פאַר־גרייט מיט קאַלט און היים געוועהר וואָס ליגט ערגיץ באַהאַלטן און אַט אַ דער קלאַנג האָט אין אַ היפּשער מאָס געווירקט, אַז די כוליגאַנעס זאָלן נישט וואַגן אָנצוגרייפן די יידישע געגנטן, אַ זאַך צו וועלכער זיי האָבן זיך שוין פון לאַנג געהאַט געגרייט.

כאַקאַבאַס דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט צו דעם קריסטלעכן אַריסטאָק־ראַטישן מיידל, האָט מיט גאָרנישט געמינערט זיין יידישן באַוואוסטזיין; פאַרקערט, עס האָט אויסגעזען, אַז דווקא אַט אַ די ליבע צו דעם קריסטלעכן מיידל וואָס טראָגט אַ צלם אויפן האַרצן, האָט אין אים אויפגעוועקט אַ נייעם כוח, מיט וועלכן ער האָט געפילט, אַז ער וועט קענען גובר זיין יעדן נסיון.

יאָ, ער האָט סאַריטאַן ליב געהאַט מיט דער ריינער ערשטער ליבע פון אַ יונגען ערלעכן און פיין־פילענדיקן בחור.

און ווי אַזוי האָט ער זי נישט געזאָלט ליב האָבן? איז זי דען נישט געווען שיין אַזוי ווי טויזנט יונגע מלאכימלעך וואָלטן פון זיך אָפּגעטיילט שטיקער פאַר איר שיינקייט? און איז זי דען נישט געווען קלוג, געלערנט, מיט פיינע מאַנירן פון דורותדיקן אַריסטאָקראַטישן אָפּשטאַם און צי דאַרף ער נאָך אַ בעסערן באַוויז פון איר הויכער מענטשלעכקייט, ווי דער פאַקט וואָס זי האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון די הענט פון די „קאַבאַרדע" בעסטיעס?

און דאָך, נאָך יעדער פרייד פון זיין באַגעגענען זיך מיט איר, האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן ווען ער האָט דערזען העגנגען דעם גרויסן צלם איבער איר האַרץ.

ער האָט געוואוסט, אַז די צאָל נאַציסטישע עלעמענטן און כוליגאַנעס אין אַרגענטינע איז נישט גרויס, אַז נישט אַלע קריסטן צייכענען זיך אויס

מיט יידן־האַס און אַנטיסעמיטיזם און צי האָבן איס דען די מאַנאַשקעס, די קראַנקען־שוועסטער פון האָספּיטאַל דע קליניקאַס נישט גוט און געטריי באַהאַנדלט, כאָטש זיי האָבן געוואוסט אַז ער איז אַ ייד? און צי האָבן זיך אַ סך, אַ סך קריסטלעכע סטודענטן אין די אוניווערזיטעטן נישט אַנגעגעני־מען פאַר די יידישע קאָלעגן זייערע?

און דאָך, דער צלם וואָס מישט יעדעסמאָל אויף פאַר אים לאַנגע קאַ־פּיטלען געשיכטע פון יידישע ליידן און פּיין אין משך פון דורות, אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער, דער צלם שרעקט אים, דער צלם שטויסט אים אָפּ און פאָדערט אים אויף, אַז ער זאָל זיך דערווייטערן פון איר, אַז ער זאָל איר אויסדריקן זיין האַרציקן דאַנק פאַר דעם גוטסקייט וואָס זי האָט אים אַרויס־געוויזן און איר אויפקלערן, אַז זייערע וועגן מוזן זיך צעגיין, אַז זיי טאָרן זיך נישט צוזאַמענטרעפן... מיט דעם מקריב זיין זייער פריינטשאַפט, וועלן זיי טון אַ גרויסן חסד, ער צו זיינע טאַטע־מאַמע און זי — צו איר פרום־גלוביקער גוטער מאַ...

לעצטנס, זיינען שוין דריי וואָכן אַריבער און זיי האָבן זיך נישט געזען. ער האָט געוואוסט אַז איר מוטער איז ערנסט קראַנק און זי איז געווען באַ־זאָרגט דעריבער און וויפיל ער האָט איצט געבענקט נאָך איר רוף, אַז ער זאָל זי קומען זען אויף דעם באַשטימטן פלאַץ, איז ער גלייכצייטיק געווען צופרידן וואָס זי רופט אים נישט; אפשר באַמיט זי זיך אים צו פאַרגעסן, זאָל איר גאָט העלפן, דער גאָלדענער מלאך, ווי ער רופט זי, איז ווערט אַז זי זאָל זיין גליקלעך.

נאָר אָט האָט זי אים ענדלעך ווידער גערופן.

דער פלאַץ פון זייער צוזאַמענטרעף, איז אַלעמאָל געווען נעבן מויער פון אַריסטאָקראַטישן בית־עולם „רעקאָלעטאַ". ער האָט זי אַלעמאָל גע־טראָפן ווען זי איז אַרויסגעקומען פון בית־עולם נאָכדעם ווי זי האָט אָני־דערגעקניט און אַוועקגעלייגט בלומען אויפן קבר פון איר טויף־פאָטער, דעם מאָנסעניאָר.

דאָסמאָל איז זי געקומען פאַרשפּעטיקט. ער האָט זי געטראָפן אָנקו־מען פון וועג, זי האָט געהאַט פאַרוויינטע אויגן.

ביידע האָבן נאָך אַזאַ צייט ווי זיי האָבן זיך נישט געזען, זיך געהאַט אַ סך צו זאָגן, אַ סך צו דערציילן, נאָר ביי ביידע האָט עפּעס אַזוי שווער גע־דריקט אויף זייער געמיט, אַז זיי זיינען געגאַנגען שווייגנדיקע, ביז זיי זיי־נען צוגעקומען צו דעם נאַציאָנאַלן מוזעאום, וואָס געפינט זיך גאַנץ נאָנט פון בית־עולם.

ערשט דאָרט, זיצנדיק אויף אַ באַנק, האָט זי אָנגעהויבן:

— אַ, פריינט: מיט מיין מאַ האַלט עס אַזוי שלעכט... וואָס פאַרא

שווערע נאַכט איך האָב איבערגעלעבט נעבן מיין מאַ'ס בעט!...

סאַריטאַ האָט זיך צעוויינט און ערשט נאָך כאַקאַבאַס וואַרימע טרייסט ווערטער, האָט זי אויפסניי אָנגעהויבן:

— מיר איז זייער שלעכט... ביי אונדז גייט היינט אַלץ שלעכט און דאָס ערגסטע איז, וואָס מיין גוטע מאַ ליידט אַזויפיל...

כאַקאַבאָן איז איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז אפשר ליידט די מוטער אַזויפיל צוליב סאַריטאַס פריינטשאַפט צו אַ יידן? שוין אַ סך מאָל האָט ער זי געוואָלט פרעגן וועגן דעם; ער האָט גוט געוואוסט וויפיל זיין מאַמע האָט געליטן דעמלט, אין שפיטאָל, ווען זי האָט סאַריטאַן געטראָפן נעבן זיין בעט מיט דעם צלם אויפן האַרצן און וויפל זי ליידט ביז היינט, מורא האָבנדיק אַז איר קינד זאָל חלילה נישט אַוועק צו די גוים; אפשר ליידט סאַריטאַס מוטער אויך פון די זעלבע וויטיקן? ער האָט זי שוין נישט איינמאָל גע־וואָלט פרעגן וועגן דעם און אויך איצט איז אים די פראַגע געהאָנגען אויף די ליפּן, אָבער ער האָט נישט געוואָגט צו לאָזן זי קומען צו אירע אויערן.

מיטן געדאַנק, האָט ער באַנומען זייער ביידנס סיטואַציע און ער האָט געוואוסט, אַז עס וואָלט בעסער געווען צו ריידן אָפן און איינמאָל פאַר אַלע־מאָל זיך געזעגענען מיט איר אויף אייביק; אָבער מיטן האַרצן איז עס גע־ווען אַנדערש. דאָס האַרץ האָט זיך אין אים געצאַפּלט פון מורא, אַז איין איבעריק וואָרט, איין איבעריקע פראַגע, וועט אַוועקרייסן פון אים אָט דעם גאָלדענעם וואכנדיקן חלום און אַנשטאָט שטעלן איר די פראַגע, האָט ער אָנגענומען איר הענטל, אַרויסגענומען דערפון איר באַטיסטן טיכעלע און אָפּווישנדיק די טרערן פון אירע אויגן, האָט ער זי געזוכט צו באַרואיקן מיט טרייסטווערטער.

און פּלוצלינג האָט זיך סאַריטאַ אויסגעגלייכט, זי האָט ברייט צעעפנט אירע גרויסע בלויע אויגן, אויף ביידע זייטן פון אירע ברעמען האָבן זיך באַוויזן די כאַראַקטער־שטריכן וואָס דריקן אויס ענערגיע און ווילן און קוקנ־דיק אין כאַקאַבאָס אויגן, האָט זי אָנגעהויבן:

— פריינט: איך בין היינט געקומען צו אייך מיטן פעסטן באַשלוס צו עפענען פאַר אייך מיין האַרץ. מיין טויף־פאָטער לעבט נישט מער און מיין גוטע מאַ איז געפערלעך קראַנק און איך האָב קיינעם נישט אויף דער גרוי־סער וועלט... איר זאָלט וויסן, אַז שוין יאָרן און יאָרן, זייט מיין פינפצענטן געבורטסטאָג, ווייס איך, אַז עפּעס אַ סוד רינגלט אַרום מיין לעבן און וויפיל איך האָב געזוכט דעם סוד צו דערגיין, האָט עס זיך מיר ביז היינט נישט איינגעגעבן. דעם סוד האָט געוואוסט מיין טויף־פאָטער — איז ער טויט און זיין נשמה רוט שוין אין גן־עדן. דעם סוד ווייס אויך זיכער מיין פּאַ, איז ער אַלעמאָל דאָרט ערגיץ אין איראָפּע, וואו ער פירט זיך זיין לעבן לויטן

שטייגער פון אַ סך ווי ער און ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין אי־בעריקן אינטערעס פאַר זיינע פאַמיליען־ענינים; מיין גוטע מאַ, איך בין איבערצייגט, אַז דער סוד דריקט און פייניקט זי זייט אַלע יאָרן, אָבער זי האָט אים מורא אַרויסצוברענגען פאַר מיר . . . עפּעס אַ געהיימע שרעק האַלט זי אָפּ דערפון . . . לעצטע נאַכט, אָ, יעזוס! . . . מאַ איז געלעגן מיט געפערלעכע ווייטיקן, זי האָט אויף זיך די וועש צעריסן פון פיין און אין די שרעקלעכע ווייטיקן ווען זי האָט געבעטן אויף זיך דעם טויט, האָט זי אָנגעהויבן ריידן צו מיר . . . אָ, פריינט; איך האָב אַזויפיל געוויינט! איך בין גרייט געווען מיין לעבן אָפּצוגעבן פאַר איר, אַבי זי זאָל מער נישט ליידן, אָבער אויפן מאָמענט ווען זי האָט אָנגעהויבן ריידן, ווען די ערשטע ווערטער אירע האָבן אויפגעוועקט אין מיין הארצן די האָפענונג, אַז זי גייט מיר אַנטפּלעקן מיין לעבנס־סוד, האָב איך אָן אַלץ פאַרגעסן, איך האָב מיט אַ דורשטיקייט ווי אין אַ מדבר געשלונגען אירע ווערטער, וועלכע זי האָט אַרויסגעקרעכצט מיט ווייטיק; זי האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם סוד וואָס רינגלט מיך אַרום, זי האָט גערעדט וועגן פּאַ, וועגן אונזער רואינירטער עקאָנאָמיע און וועגן מיין צוקונפט און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ שווערע זילבערנע קאַסעטע, זאָגנדיק אַז דאָס איז פאַר מיר, אַז איך זאָל דאָס באַהאַלטן און איך זאָל איר צושווערן, אַז איך וועל זי נישט עפענען פריער, ביז נאָך איר טויט און ביז איך וועל חתונה האָבן אָדער אַריינטרעטן אין אַ מאָנאַסטיר . . . און דעם סוד, האָט זי מיר נישט געזאָגט . . .

די אַלע זאַכן וועגן וועלכע כאַקאַבאַ האָט דאָ געהערט פון איר, האָבן פאַר אים געקלונגען ווילד פרעמד. אַ טאַטע וואָס פאַרשאַרלאַטאַנעוועט זיין ריזן־פאַרמעגן אין אויסלאַנד און האָט נישט קיין אינטערעס פאַר זיין פאַמיליע . . . אַ בישאָף, אַ טויף־פּאַטער וואָס ווייס עפּעס אַ גרויסן פאַמיליען־סוד און ער נעמט אים מיט מיט זיך אין קבר, דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע זאַכן וואָס זיינען פאַר אים פרעמד און נישט באַגרייפלעך און נאָר דערפאַר, ווייל זי, סאַריטאַ, ווייל זי, דער גאָלד־בלאָנדער מלאך, זיין רעטערן האָט עס אים דערציילט, האָט זיך אויסגערעדט פאַר אים, זיינען זיי אים געוואָרן נאָענט און ער האָט זי געפּרוּווט טרייסטן מיט פאַרשידענע ווערטער וואָס האָבן זיך נישט שטאַרקט געקלעפּט צו דער סיטואַציע, און זעענדיק אַז אירע אויגן פולן זיך ווידער מיט טרערן, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געפילט, אַז ער וועט מיט איר מיט־וויינען . . .

פּלוצלינג איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק:

— און אפשר געפינט זיך אין דער קאַסעטע אַן אויפקלערונג וועגן דעם סוד, וואָס איר גלויבט אַז ער רינגלט אַרום אייער לעבן?

— אָ, איך בין זיכער אין דעם! אָבער איך האָב געשוואוירן, מאַ! —

האָב איך געוויינט, — זאָל די קאַסעטע בעסער בלייבן געשלאָסן אויף אייביק, אַבי, מאַ, זאָל לעבן און זיין געזונט!...

סאַריטאַ האָט איצט איבערגעפילט די זעלבע פּאַנישע שרעק וואָס האָט זי באַהערשט נעבן דער מאַמעס בעט און נישט קענענדיק באַרואיקן איר צעוויטיקטן געמיט, האָט זי שלוכצנדיק אַנגעלענט איר קאָפּ אויף כאַקאַבאַס אַקסל.

כאַקאַבאַ האָט נישט געפונען קיין ווערטער וואָס זאָלן איר קענען דינען אַלס טרייסט, האָט ער מיט אַ טיפן מיטגעפיל גענומען גלעטן איר פּנים, ביז ענדלעך האָט ער אָפּגעפּרעסט אויף איר גאָלד־בלאָנדן קאָפּ דעם ערשטן קוש...

***

סולעמאַס מורא, אַז מיט איר וועט זיין אַזוי ווי מיט איר שוועסטער, איז נישט געווען אומבאַרעכטיקט. דער קאַנסער וועלכן מען האָט איר אַמפּוטירט צוזאַמען מיט דער לינקער ברוסט, האָט איבערגעלאָזן וואָרצלען וואָס האָבן זיך צעוואַקסן צו דער רעכטער ברוסט און ביז זי וועט זיך אַנטשליסן צו אַ נייער אַמפּוטאַציע, האָבן די דאָקטוירים איר נישט געקאָנט געבן מער ווי פּאַרטויבונגס מיטלען קעגן די ווייטיקן.

צו די ווייטיקן צו, האָט סולעמאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאַ אָנגעהויבן ליידן פון אַ גאַר נייער פּיין, פון וועלכער זי האָט נישט געהאַט קיין אַנונג אין משך פון איר גאַנצן לעבן.

לאַנג האָט זיך דער עקאָנאָם פון דער רעזידענץ געקווינקלט, אָבער ווען דער דינערשאַפט איז שוין געקומען לוין פאַר צוויי חדשים און דער מאַדמואַזעל בידאורט פאַר גאַנצע פיר חדשים און עס זענען אָנגעקומען רעכענונגען נאָך רעכענונגען און אין קאַסע איז אַלץ נישט געווען קיין געלט, האָט ער שוין געמוזט אָנקומען צו איר און דער אומדערטרעגלעכער מצב פון וועלכן זי האָט נישט געזען קיין אויסוועג, האָט איר נאָך מער דערנענטערט דעם טויט ווי דער קאַנסער וואָס האָט זי יאָרן לאַנג געמוטשעט.

דער טויט איז צו איר שנעלער געקומען ווי די דאָקטוירים האָבן עס פאָרגעזען.

אַרום צוויי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט האָט זי באַקומען אַ שטאַרקע אַטאַקע. זי האָט געלאָזט רופן איר קינד צו זיך, סאַריטאַ איז אין נאַכטהעמד געקומען צו לויפן און זיך געוואָרפן צו דער מאַמעס בעט און די מאַ האָט בלויז באַוויזן איר צו זאָגן, אַז זי זאָל באַהאַלטן און היטן די קאַסעטע; זי האָט נאָך געוואָלט צופירן דעם צלם צו אירע ליפּן, אָבער אַ קאָנוואולסיווער קראַמף האָט מיט איר אַ וואָרף געטאָן, איר אָטעם, איז געוואָרן אָפּ־

געהאַקט און שווער און ווען דער אַרויסגערופענער לייב־דאָקטאָר איז אָנ־געקומען, האָט ער זיך נעבן איר בעט בלויז איבערגעצלמט, ער האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו טאָן.

צוויי שעה שפּעטער, איז סולעמאַ שוין געווען טויט.

אויפצומאָרגנס נאָך דער אימפּאָזאַנטער לויה, האָט זיך אין דער רעזידענץ געיאָוועט עפּעס אַן אומבאַקאַנטער ווייטער פעטער, ער האָט דעם עקאָנאָם באַוויזן „פּאַדערן" וואָס באַפולמעכטיקן אים צו פאַרוואַלטן מיט דער רעזידענץ און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט ער אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן דעם אַלטן עקאָנאָם, די מאַדמואזעל בידאורט און אַ גרעסערע העלפט פון דער דינערשאַפט, די אַלע מאָסרעגלען האָבן אָבער שוין נישט געהאָלפן, עטלעכע וואָכן שפּעטער זיינען צוויי אויטאָס מיט פרעמדע מענטשן אריינגעפאָרן אין טויער פון דער רעזידענץ און אַ שעה שפּעטער, איז שוין איבער דער גאַנצער ברייט פון דער פראָנט־וואַנט געהאַנגען אַ ריזיקע שילד פון רויטע לייוונט, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז אין דעם און דעם טאָג, דריי אַזייגער נאָכמיטיק, ווערט די רעזידענץ לויט דער באַשטימונג פון דעם און דעם ריכטער, פאַרקויפט אויף ליציטאַציע!...

# ר״א

## סאַריטאַ גרייט זיך פאַרן מאָנאַסטיר

וואָכן און חדשים זיינען פאַרגאַנגען און דער מאַטעריעלער מצב פון דער ראַווסאָן־רעזידענץ, איז געוואָרן ערגער און ערגער.

צוליב געוויסע יורידישע אָפּהאַלטן, איז די רעזידענץ נישט „רעמאַ־טירט" געוואָרן, אָבער יעדע עטלעכע טעג האָבן זיך אין דער רעזידענץ באַוויזן אַנדערע הענדלער; דער פעטער האָט זיך געדרייט די אויף שוואַרץ געפּאַרבטע וואָנסעלעך און אַרומגעפירט די הענדלער פון איין סאַלאָן אין צווייטן, געוויזן זיי צוערשט די פאַרשידענע פאַרפּוצונגען וואָס זיינען דער־נאָך אין אויטאָס אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער רעזידענץ און שפּעטער האָבן לאַסט־אויטאָס אָנגעהויבן אַרויספירן גרויסע קוישן אָנגעפּילטע מיט פיינע פאָרצעלאַן־געשיר און נאָך שפּעטער, האָט מען אויך אָנגעהויבן אַרויספירן טיילן פון די אַנטיקוואַרע מעבל־שטיק.

אין סאַריטאַן האָט געוויינט דאָס האַרץ, אָבער זי האָט גאָרנישט גע־קאָנט טאָן. זי איז נאָך נישט געווען פול־יעריק.

און עס האָט אויסגעזען, אַז דער פעטער אירער, איילט צו מיט די זאַכן, כדי אַ תל צו מאַכן פון דער ראַווסאָן־רעזידענץ, נאָך איידער די איינציקע יורשטע ווערט פוליעריק. און נישט נאָר „פאַרזאָרגן" די רעזידענץ, נאָר ער האָט זיך אויך גענומען צו איילן מיטן וועלן פאַרזאָרגן אויך זי, סאַריטאַן.

— צי איז עס דען נישט דיין מא'ס פרומער וואונטש, אַז דו זאָלסט דיין לעבן הייליקן פאַרן מאָנאַסטיר? צו וואָס צעגערן? אויף וואָס און אויף ווען וואַרטסטו? צי ווילסטו דוקא זיך דערוואַרטן ביז די רעזידענץ וועט ליצי־טירט ווערן און מען וועט דיך הייסן זי פאַרלאָזן? ...

אַ, ניין! דאָס וויל זי בעסער נישט דערלעבן. זי ליידט שוין גענוג פּיין, צוקוקנדיק ווי מען פירט כסדר אַרויס אַזעלכע זאַכן און מעבל פון דער רע־זידענץ, וועלכע די מאַמע האָט אַזוי ליב געהאַט און זיך געשפּיגלט אין זיי... און צי ווייס זי דען נישט, אַז זי דאַרף זיך הייליקן פאַר יעזוסן און

דינען אין מאַנאַסטיר מיט זיין באַרימהאַרציקייט?

אָבער . . . ווידער זיינען פאַרגאַנגען וואָכן און חדשים, זי האָט אַלץ אָפּ־געלייגט איר פּאָזיטיווע דעציזיע אויף נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך און נאָך אַ חודש, זי האָט זיך געוואָלט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל זען מיט דעם צאַרטן יידישן בחור, נאָכאַמאָל קוקן אין זיינע שוואַרצע אויגן ווי אין טיפע קוואַלן פון וועלכע עס פינקלט אַרויס אַזאַ אויסטערלישער געמיש פון טיפן אומעט און האַרציקע וואַרימקייט . . .

— איז עס אַ זינד וואָס זי זעט זיך מיט אים? איז זי באַגאַנגען אַ זינד ווען זי האָט אים געקושט אויףביידע אויגן?

וויפיל מאָל זי האָט שוין געטראַכט וועגן דעם, האָט זי אַלץ נישט גע־קאָנט זיך באַשליסן אויף באַשטימט, צי מעג זי עס טאָן אָדער נישט.

— איז וואָס, אַז ער איז אַ ייד?

זי האָט שוין היינט געוואוסט אַ סך זאַכן וואָס זיינען פריער פאַר איר געווען פאַרהוילן און זי האָט זיך אַליין געפרעגט: — צי איז קריסטוס אַליין נישט געווען אַ ייד? צי איז ער נישט געווען אַ גרויסער יידישער געלערנטער און צי האָט זי דען אין כאַקאַבאַס פאַרפייניקטן אויסזען, ווען זי האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון זאַק, נישט געזען יעזוסן אין זיינע ליידן?

— אָ, יעזוס האַרציקער! . . .

געווען אויך טעג, ווען סאַריטאַ האָט זיך געפילט זינדיק, שטאַרק זינ־דיק.

— אויב מאַ, האָט מיין לעבן געווידמעט פאַר גאָט, ווי מעג איך לאָזן טליען אין מיין האַרצן אַזעלכע זינדיקע ערדישע געפילן? . . .

און אין איינעם אַ טאָג, ווען די פּראָנט־וואַנט פון דער רעזידענץ־גע־בײדע איז ווידער באַצירט געוואָרן מיט דער רויטער שילד וואָס האָט אָנגע־זאָגט אַז די רעזידענץ ווערט רעמאָנטירט, האָט סאַריטאַ שוין אויף פעסט באַשלאָסן, אַז זי וועט זיך איבערגעבן צום דינסט פון מאַנאַסטיר, און וויד־מען איר לעבן פאַר גאָט און זיינע הייליקע.

עטלעכע וואָכן האָט זי שוין נישט געזען כאַקאַבאַן און זי האָט מיט פעסטן ווילן אונטערדריקט יעדן געפיל וואָס האָט זי געשטויסן אים אָנ־צורופן.

איר באַשלוס איז געווען אַ פעסטער און זי האָט געוואָלט פריער זיך הייליקן, אַז זי זאָל ווערט זיין דעם חסד זיך צו וואַרפן אין שוים פון דער־לייזער . . .

כדי זיך צו הייליקן, איז דאָס ערשטע נויטיק געווען, זי זאָל זיך מתודה זיין פאַר אַ גלח, דערציילן אים אַלץ וועגן דעם וואָס עס דריקט זי אויפן האַרצן און ער זאָל איר מוחל זיין.

זי האָט געקניט אַרויפקוקנדיק צום גלח, ווען זי האָט אים דערציילט וועגן איר ראַטעווען אַ יונגען מענטשן פון באַנדיטישע הענט און ווי זי האָט זיך מיט אים דערנאָך אַזויפיל מאָל געטראָפן, זי האָט זיך אפילו... געקושט מיט אים... ליב געהאַט אים... אָ, הייליקער פאַטער, שטאַרק ליב געהאַט!...

דער גלח האָט שוין געוואָלט העלפן איר אויפשטיין; אויף זיינע ליפּן האָבן שוין געהאַנגען די ווערטער פון סליחה און מחילה, נאָר ווען ער האָט דערהערט, אַז דער געראַטעוועטער איז אַ ייד, אַז זי האָט ליב געהאַט און געקושט אַ ייד, איז דער פאַרגעבונגס-שמייכל פאַרשוואונדן פון זיין פּנים, ער האָט זי אָנגעהויבן שטרענג מוסרן, ביז ענדלעך האָט ער איר אָנגעזאָגט, אַז אויב זי וויל אַריינטרעטן אַ ריינע אונטער די פליגל פון באַרימהאַרציקן גאָט, מוז זי נעמען אויף זיך אַ שטראָף, וועלכע זאָל זי רייניקן פון אירע זינד...

און טויזנטער מענטשן וואָס קומען יעדן זונטיק מתפּלל זיין אין דעם גרויסן קלויסטער פון דער „הייליקער יונג-פרוי" פון לוכאָן, האָבן צוגעקוקט ווי אַ יונגע, בילד-שיינע גאָלד-בלאָנדע פרוי אין שוואַרצן געקליידט און מיט אַ שוואַרצע שפּיצן-שאַל דעם קאָפּ געהילט, האָט אַנידערגעקניט אינמיטן דער גרויסער „פלאַסע" אַנטקעגן קלויסטער און אַזוי, קניענדיק, האָט זי זיך געררוקט נענטער און נענטער צום קלויסטער; זי האָט ערטער-ווייז אָנגעטראָפן מיט די קני אויף קליינע שטיינדלעך, האָט זי פאַרביסן די ליפּן פון ווייטיק און זיך ווייטער געררוקט, נישט וועלנדיק זיך אפילו צוהעלפן מיט די הענט, כדי אַריבערצוקומען אַ שווערן פּונקט.

אַ סך פון די אַרומשטייענדיקע קריסטן האָבן געוואוסט אַז דאָס איז אַזאַ מין שטראָף וואָס די פרוי האָט אויף זיך גענומען און מאַנכע האָבן געמורמלט צווישן זיך פאַרשידנאַרטיקע פראַזן אויפן חשבון פון דער גאַטס-פאַרכטיקער פרוי, פראַזן, וואָס האָבן זיכער נישט געפּאַסט צו לאָזן זיי הערן אויף אַזאַ פאַרהייליקטן פּלאַץ.

די יונגע פרוי האָט זיך ווייטער געררוקט קניענדיק און ווען זי האָט באַדאַרפט אַריבערקרייצן דעם וועג, האָבן אַרומשטייענדיקע גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די שאָפערן, אַז זיי זאָלן זי נישט איבערפאָרן מיט זייערע אויטאָס.

גרויליק איז געווען צוצוקוקן, ווען די פרוי האָט זיך באַמיט אַרויפצוהויבן איבער די טרעפּ וואָס פירן אין דער קירכע אַריין. איר קליידל איז שוין געווען צעריסן און עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אירע פאַרבלוטיקטע קני; צושויער האָבן מיטגעפילט איר גרויסן ווייטיק און אַ סך האָבן זיך פרום צעוויינט, אָבער זי, די יונגע פרוי, האָט נישט געוויינט, נאָר זיך אַלץ גע-

רוקט און געהויבן זיך מיט מי איבער די טרעפּ און ענדלעך האָט זי זיך אַריינגערוקט אין קלויסטער.

איר פייניקנדיקער מאַרש איז אָבער נאָך אַלץ נישט געווען צו ענדע; זי האָט זיך נאָך אַזוי גערוקט ביז צום אַלטאַר צו און דאָרט האָט זי זיך ערשט אַ וואָרף געגעבן אויף דער ערד, צופוסנס פון אַלטאַר און פון איר ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ יאָמערלעכער אויסרוף: — אָ, יעזוס!

און זי איז געבליבן ליגן אין חלשות.

עס האָט גענוג לאַנג געדויערט ביז עטלעכע גלחים האָבן זי אָפּגעמונטערט, זי האָט נאָך לאַנג נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס און ערשט עטלעכע שעה שפּעטער, נאָכדעם ווי אַן אַלטער גייסטלעכער האָט איר פאַרזיכערט אַז איר גוף און איר נשמה זיינען ריין פאַר אַלע הייליקייטן און אַז גאָטס הייליקער גייסט וועט זי באַשיצן פון אַלעם שלעכטן, האָט סאַריטאַ אַן אויסגעלייטערטע אויסערלעך און אינערלעך, פאַרלאָזן דעם קלויסטער.

אָבער באַלד, פאַרנדיק אין באַן צוריק אין דער הויפּטשטאָט, האָט ווידער עפּעס אָנגעהויבן קאָכן און זידן אין איר האַרץ און אין איר מוח האָבן זיך אָנגעהויבן פּלאָנטערן קאַשמאַרע געדאַנקען, ביז עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט צוויי ווערטער איבער וועלכע עס איז געהאָנגען אַ גרויסער פראַגעצייכן:

ערדישע געפילן? . . .

— זיינען דאָס געווען ערדישע געפילן וואָס האָבן זי געשטויסן צו ראַטעווען דעם אומבאַקאַנטן מענטשן? צי האָט זי דען פון זיינע אויגן נישט אַרויסגעזען יעזוסנס פּיין? און צי האָט זי דען היינט, אין קלויסטער פון דער הייליקער יונג-פרוי אין לוכאַן, נישט געזען בילדער פון הייליקע, אין וועמענס אויגן זי האָט געזען זיינע, כאַקאָבאָס בליקן? — אָ, יעזוס! . . .

סאַריטאַ האָט איר באַשלוס צו גיין אין מאָנאַסטיר נישט געענדערט, אָבער זי האָט נישט געקאָנטביישטיין דעם נסיון און געציילטע טעג איידער זי האָט באַדאַרפט פאַרלאָזן איר היים, האָט זי אַרויסגערופן כאַקאָבאָן, כדי זיך מיט אים כאָטש נאָך איינמאָל זען, צום לעצטן מאָל און זיך געזעגענען מיט אים אויף אייביק . . .

***

אין דער צייט, האָבן יידן איבער דער גאַנצער וועלט און אויך די יידישע געזעלשאַפט אין בוענאָס איירעס, געפראַוועט יום-טוב. דער הערצאַישער קאַמף פון די אַליאירטע כחות האָט צעשמעטערט די לעצטע נאַצישע באַסטיליעס, בערלין איז איינגענומען, היטלער מיט זיין געליבטער האָבן

זיך אַליין פאַרברענט כדי מען זאָל זיי נישט אַרומפירן אין אַ שטייג איבער דער וועלט אַלס לעבעדיקע געפאַנגענע און זיינע מיניסטאָרן, די נאַצישע בלוט־הינט מיט גערינג, געבעלס און שטרייכער בראש, זיינען געפאַנגען.

דער יום טוב פון דער פרייער וועלט בכלל און פון דער יידישער בפרט, האָט זיך פּראָלאָנגירט אויף טעג און וואָכן. אָט האָט זיך געפרייט דאָס יידישע האַרץ פון די ידיעות ווי אַזוי מען האָט געפירט צו דער תליה די נאַ־צישע גדולים און ווי אַזוי יוליוס שטרייכער האָט איבערן וועג געקריצט מיט די ציין און אויסגערופן, אַז איצט מעגן די יידן אויפסניי פּראַווען פורים, ווייל מען פירט ווידער המנען צו דער תליה! . . .

ליידער איז די נקמה־פרייד יעדן טאָג פאַרטונקלט געוואָרן פון כסדר־דיקע נייע ידיעות וועגן יידישן אומקום, וועגן די נויט־און טויט־לאַגערן פון וועלכע מען האָט קוים באַוויזן צו ראַטעווען קליינע גרופּעס אויסגעהונגער־טע און פאַרפּייניקטע לעבן־געבליבענע און וועגן די גאַז־קאַמערן און קרע־מאַטאָריעס אין וועלכע מען האָט נאָך געפינען רעשטן פון נישט דערברענ־טע יידישע גופים . . .

אַלע אינסטיטוציעס וועלכע האָבן באַקומען פון פּוילן ליסטעס מיט נע־מען פון לעבן געבליבענע יידן, זיינען געווען פול־געפּאַקט, יעדער האָט נאָכגעזוכט צי אין די ליסטעס פיגורירן די נעמען פון אייגענע, נאָנטע, אָבער ווייניק, ווייניק זיינען געווען די גליקלעכע וואָס האָבן געפינען עמיצן פון די קרובים צווישן די לעבעדיקע . . .

די פרייד איבער די שונאים׳ס מפּלה האָט געוועקט דעם געפיל פון נצח ישראל און דער ווייטיק צוליב אומקום פון אַזויפיל אומשולדיקע יידן, האָט געוועקט צום ק אַ מ ף פאַר נצח ישראל!

כאַקאַבאַ האָט אויך געגלויבט אין נצח ישראל. כאָטש נישט רעלי־גיעז, האָט ער גוט געפילט זיין צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק. די צוויי מאָל וואָס ער האָט געליטן און שיר פאַרלוירן זיין לעבן אונטער די הענט פון אַנטיסעמיטישע סטודענטן, האָבן געהאַרטעוועט אין אים די יידישע עקשנות דוקא צו לעבן אַלס ייד און ווייזן, אַז יידן זיינען נישט ווייניקער נוצלעך פאַרן לאַנד ווי די אַנדערש גלויביקע . . .

ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט איינגעאָרדנט אַלס דאָקטאָר. זיין שטיף־פאָטער, וועמען ער האָט אַלעמאָל מיט ליבשאַפט גערופן „פּאַ״, האָט גע־ליטן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט און ער האָט אים געמוזט פאַרטרעטן אין געשעפט און דאָ איז די צייט געווען אַזאַ אויסערגעוויינלעכע, יעדער טאָג האָט געבראַכט אַזויפיל פּאָליטישע נייעס סיי פון דער אויסערלעכער וועלט ווי פון אייגענעם לאַנד, אין אַזאַ צייט האָט ער זיך נישט געקאָנט

אָפּזונדערן און פֿאַרווענדן די ווייניק פרייע שעה׳ן צו גיין אויף מעדיציני־שער פּראַקטיק אין שפּיטאָל.

ער האָט זייער באַדויערט וואָס ער האָט זיך פֿאַרפֿלאָנטערט מיט דעם קריסטלעך־אַריסטאָקראַטישן מיידל אין אַ ליבעס־אַוואַנטורע. אַנדערש האָט ער זיין ליבע צו איר נישט געקאָנט אָנרופֿן, ווייל ער האָט געוואוסט אויף זיכער, אַז נישט ע ר וועט אַוועקוואַרפֿן זיין יידישקייט צוליב איר און זי, דאָס פרום־דערצויגענע קינד וואָס ווייזט זיך קיינמאָל נישט פֿאַר אים אָן דעם צלם אויפֿן האַרץ, זי וועט אודאי מיט גאָרנישט וועלן מוותר זיין פֿון איר רעליגיעזער קריסטלעכקייט.

ער האָט באַדויערט די אַוואַנטורע און זי באַטראַכט פֿאַר אַן אומפֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פֿון זיין זייט, אָבער גלייכצייטיק האָט ער געליטן און געבענקט און מיט הייליקן פֿלאַטער געוואַרט אויף איר רוף.

מיטן געדאַנק, האָט ער זיך פֿאַרדאַמט פֿאַר זיין דערלאָזן עס אַזוי ווייט, אַז דאָס קריסטלעכע מיידל זאָל אים ווערן אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, אָבער סאַריטאַ ראָקאַ ראַווסאָן דע אַרעוואַלאַ, דאָס פּרעכטיקע קריסטלעכע מיידל וואָס האָט אים זיין לעבן געראַטעוועט, האָט שוין גע־האָט פֿאַרנומען יעדעס ווינקעלע פֿון זיין האַרץ און דאָס האַרץ זיינס האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו זיינע געדאַנקען, נאָר זיך געצאַפּלט פֿון ליבע און בענקשאַפֿט צו איר, און אַט אַ די ליבע און בענקשאַפֿט, האָבן גע־וועקט אין זיין מוח אַנדערע געדאַנקען, אַזעלכע וואָס האָבן געפּרואווט פֿאַרטיידיקן די רעכט פֿון זיינע געפֿילן:

— צי איז זי דען נישט אַנדערש ווי די אַלע אַנדערע קריסטלעכע קינדער מיט וועלכע ער איז פֿון קינדווייז אָן געקומען אין קאָנטאַקט? צי האָט זי דען געענדערט איר וואַרימע באַציאונג צו אים אין שפּיטאָל, נאָכ־דעם ווי זי האָט זיך דערוואוסט אַז ער איז אַ ייד? און צי האָט ער דען נישט געזען טרערן אין אירע אויגן, ווען ער האָט איר דערציילט אַ רייע פֿאַקטן פֿון דער היטלעריסטישער גרוילהאַפֿטיקייט לגבי יידן?

האַרץ און מוח האָבן געקעמפֿט צווישן זיך און צעטרייסלט כאַקאָבאָס געמיט. ער האָט אָנגעהויבן מקנא זיין סאַריטאַס מצב: — זי האָט כאָטש אַ מאָנאַסטיר! זי וועט אַוועקלייגן איר יונג לעבן אַלס קרבן פֿאַרן אַלטאַר און דער פֿרומער גלויבן וועט לעשן דאָס ליבעס־פֿייער וואָס ברענט אין איר האַרצן; אָבער ער? ער איז אַ ייד. ביי יידן, אַפֿילו די גייסטלעכע מוזן האָבן ווייבער און קינדער! שונאים פֿון אַלע צייטן האָבן דורך מלחמות, רדיפֿות, פּאָגראָמען און אינקוויזיציעס געזוכט אומצוברענגען אָדער ווײַ־ניקסטנס רעדוצירן די צאָל יידן ביז אַ מינימום און דאָס האַרטנעקיקע

פאָלק האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן, נאָר דוקא געברענגט נייע דורות אויף דער וועלט...

אין דעמזעלבן טאָג, האָט ער באַקומען פון איר אַ קליין בריוועלע. זי שרייבט אים, אַז איר באַשלוס איז שוין פאַרטיק, זי טרעט די טעג אַריין אין אַ מאָנאַסטיר און איידער זי טוט עס וויל זי אים זען; מוז זי אים זען... זי וועט אויף אים וואַרטן אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער באַן־סטאַציע אין טיגרע.

⁂

טיגרע איז אַ ברעג־שטעטל וואָס ליגט אַ שעה רייזע פון דער הויפּט־שטאָט, און איז אַרומגערינגלט פון איין זייט מיטן לאַ־פּלאַטאַ־טייך און פון די אַנדערע זייטן, מיט פאַרשידענע טייכן און שמאָלע וואַסער־שטראָמען.

אַרויס פון טיגרע, געפינען זיך אַ סך אַ סך גרעסערע און קלענערע גרינע ווילד־פאַרוואַקסענע אינזלען, וועמענס ברעגן ווערן זייט טויזנטער יאָרן געשווענקט פון אַניאַגנדיקע וואַסער־כוואַליעס.

אין טיגרע זיינען פאַראַן אַ סך ספּאָרט און מערסטנס שווים־קלובן און די אינזלען זיינען די ליבסטע פּלעצער וואו די יוגנט פון שטאָט קומט אין די זומער־חדשים פאַרברענגען אַ שבת און אַ זונטיק. אין די וואָכן־טעג, זיינען די אינזלען מערסטנס ליידיקע און פאַרלאָזענע.

מיט אַ געדונגען שיפל אַליין צו רודערן, האָבן זיך איצט כאַקאָבאָ און סאַריטאַ געשיפט איבער פאַרשידענע וואַסער־געסלעך וואָס האָבן זיך געשלענגלט צווישן די אינזלען, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו אַן אינזעלע וואָס האָט נאָענט פון ברעג געהאַט אַ קליינעם פרייען פּלאַץ צווישן געדיכטע נידעריקע ביימער, וועמענס געדיכטע צווייגן עס האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן איינע אין די אַנדערע.

דאָ האָט דאָס יונגע פּאָרל באַשלאָסן אַרויסצוגיין אָפּרוען.

איבערן גאַנצן וועג האָט כאַקאָבאָ בלויז פון מאָמענט צו מאָמענט געוואָגט אַ קוק צו געבן אויף סאַריטאַן. ער האָט געפילט דעם שטורעם וואָס שפּילט זיך אָפּ אין איר האַרץ און ער האָט זיך געהיטן נישט צו טרעטן דאָרט מיט זיינע שטיוול.

— ווי אַנדערש זי זעט דאָס היינט אויס!...

אויף אירע שלייף־ווינקלען פון די ברעמען ביז צו די אויערן, זיינען היינט דייטלעכער ווי אַלעמאָל אַרויסגעטראָטן די כאַראַקטער־שטריכן פון ווילן און ענערגיע און אין אירע אַלעמאָל ווייכע בליקן, האָט זיך געשפּיגלט

אַזאַ מין האַרטע באַשלוס-פעאיקייט וואָס שרעקט זיך פאַר גאָרנישט אָפּ...

דאָס גראָז אויף דעם פּלאַץ איז געווען טרוקן און זיי האָבן זיך אָוועק-געזעצט.

ביידע האָבן געוואוסט, אַז דאָס וואָס זיי וועלן דאַ דאַרפן ריידן, וועט זיי ביידן פאַרשאַפן אַ סך צער און קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט זיין דער ערשטער אָנצוהויבן.

פּלוצלינג האָט כאַקאַבאַ דערזען אַן אויסטערלישע זאַך: — סאַריטאַס אויגן זיינען געווען ברייט צעעפנט, פון זיי האָט אַרויסגעשטראַלט פעס-טער ווילן און מיט שנעלע באַוועגונגען האָט זי צעעפנט דאָס שלעסל פון קייטעלע אויף איר נאַקן, אַראָפּגענומען דעם צלם וואָס איז געהאַנגען אי-בער איר האַרץ, אים אַ קוש געטאָן און אריינגעלייגט אין איר האַנט-טאַש און נאָך איידער כאַקאַבאַ האָט באַוויזן אויסצודריקן פאַר איר זיין פאַר-וואונדערונג, האָט זי אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט אַרום זיין נאַקן, זיך צוגעטוליעט און אָנגעהאַנגען אָן אים און אים אָנגעהויבן קושן די אויגן, דעם שטערן, דעם קאָפּ, די נאָז און אויפן מויל, ביז אַ שטראָם מיט הייסע טרערן האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע אויגן און זי האָט אָנגעהויבן וויינען.

ווי עלעקטריזירט פון איר ליבעס-אויסברוך, האָט ער זי איצט אַרומ-געכאַפּט און צוגעפּרעסט צו זיך; ער האָט געפילט ווי עס שלאָגט איר האַרץ נעבן זיין האַרץ און ער האָט זי געקושט, געקושט אירע הענטלעך. געקושט אירע אויגן, איר האַלז, אירע בלאָנדע האָר, געקושט זי און איינ-געזויגן זיך אין אירע ליפּן, אָ, גאָט!...

וועמענס גאָט? איר גאָט? זיין גאָט? ניין, ביידנס גאָט! דער גאָט פון ליבע! דער גאָט וואָס רייסט נישט אָפּ איינעם פון צווייטן, נאָר פאַראיי-ניקט, פאַראייניקט מיט אַזאַ הימלישן חסד וואָס רופט אַרויס שורה-געז-זאַנגען ביי די מלאכים!...

די זון-שטראַלן האָבן געפונען אַ וועג צווישן די צווייגן און זיך אריינ-געגנבעט אַ קוק צו טאָן צו דעם יונגן פאַרליבטן פּאָרל; עס איז געוואָרן היים, כאַקאַבאַ האָט אויסגעטאָן די בלוזע און אויך סאַריטאַ, וואָס האָט זיך אַלעמאָל, זיים די מאַ האָט אָנגעהויבן מיט איר ריידן וועגן סאַנאַסטיר, געקליידט צניעותדיק, מיט אַ פאַרשפּילעט קעלנערן אַרום האַלז, האָט איצט דאָס קעלנערן אָפּגעשפּילעט און צום ערשטן מאָל האָט איצט פאַר כאַקאַבאַס אויגן אַ בליאַסק געטאָן די בלענדענדע ווייסקייט פון איר האַלז און קליינעם דעקאָלט און ער האָט אָנגעהויבן קושן אָט די בלענדענדע ווייסקייט, קושן פאַרשיכורט, אָפּגערוקט די בלוזע ווי ווייט עס האָט זיך

געלאָזן און געקושט טיפער און זי דריקט זיך אַלץ צו אים נענטער און נענטער און אירע ליפּן שעפּציען ווי פאַר זיך: — אַ׳ כאַקאַבאַ... כאַקאַ־באַ... און ער קושט, ער פילט שוין זיינע ליפּן אויף איר לינקער ברוסט, נאָר עפּעס שטערט אים, זאָל עס זיין אַ שטריקל? ווי קומט דאָ אַ שטריקל? ער וויל עס אָוועקשאַרן און ער כאַפּט זיך, אַז ער האָט איבערגעריסן אַ קייטעלע ... וואָס זאָל עס זיין? נאָך אַ צלם? ... ניין, אַ מעדאַליאָן... וואָס איז עס פאַר אַ מעדאַליאָן?

סאַריטאַ האָט אַ קוויטש געטאָן און אנגסט און זי האָט זיך געאיילט אַרויסצוכאַפּן דעם מעדאַליאָן פון זיין האַנט, אָבער ער האָט שוין דער־ווייל באַוויזן צו באַמערקן, אַז אויפן מעדאַליאָן געפינען זיך גראַווירן וואָס זיינען עפּעס ענלעך צו העברעאישע אותיות און ווי אַן אונטערגעשאָסע־נער איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט.

כאַקאַבאַ האָט אַמאָל געלערנט שרייבן און לייענען יידיש, אָבער שפּעטער, כאָטש ער האָט געקאָנט לייענען אין סידור און אפילו אַ יידישע צייטונג, האָט ער אָבער דאָס שרייבן און לייענען געשריבענע יידישע אותיות — פאַרגעסן, אָבער ער זעט און ווייס שוין אויף זיכער, אַז דאָס זענען יידישע אותיות און ער קאָן נאָך אַלץ נישט קומען צו זיך פון דער פּלוצלינגדיקער גרויסער איבעראַשונג צו האָבן געפינען אויף דעם האַלז פון דעם אַריסטאָקראַטיש-פרום-קריסטלעכן מיידל אַ מעדאַליאָן מיט העברעאישער אויפשריפט...

נישט-ווייניקער איבעראַשט איז געווען סאַריטאַ, ווען זי האָט דער־הערט, אַז אויף דעם מעדאַליאָן געפינט זיך אַן אויפשריפט אויף העברע־איש; די אַנטדעקונג האָט איר געגעבן אַזאַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַז זי האָט לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך, און פון די אַלע געדאַנקען וואָס האָבן זיך איצט געשפּאַרט אין איר מוח, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביים געדאַנק, אַז דאָס מוז האָבן אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם סוד פון איר לעבן און גע־רעכט איז געווען איר טויף-פאָטער, ווען ער האָט געזאָגט, אַז זאַכן וואָס גאָט וויל אַז מען זאָל וויסן, דאַרף מען נאָר האָבן געדולד ביז עס קומט די צייט און מען דערוויסט זיך וועגן זיי...

און אַזוי ווי פריער, האָבן ביי זיי אויסגעפעלט ווערטער צו קענען אויסדריקן די געפילן וואָס האָבן געשטורעמט אין זייערע הערצער, אַזוי האָט ביי זיי איצט דער אויסגעבראָכענער שטורעם אין זייערע מוחות, ווי אָפּגענומען דאָס לשון.

שנעל האָבן זיי אויף זיך צורעכט געמאַכט די קליידער, אַראָפּ צוריק אין שיפל אַריין און באַלד האָבן זיך די פיר רודער מיט אַ מעכאַנישער ריטמיק געהויבן און אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער אַריין און אַרויסגעפירט

דאָס שיפל פון די וואַסער-געסלעך ביז אויפן בריימן טייך און אַ קנאַפּע שעה שפּעטער, זיינען זיי געווען צוריק ביי דער באַן-סטאַציע אין טיגרע.

די איינציקע ווערטער וואָס סאַריטאַ האָט צו אים אויסגערעדט ביים געזעגענען זיך, זיינען געווען: — מאָרגן וועל איך דיך אָפּרופן טעלעפאָניש.

אירע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן פון טרערן...

## י״ב

# פּאָטער און טאָכטער

אויפן וועג אַהיים, האָט סאַריטאַ שוין געהאַט אַ פּאַרטיקן באַשלוס: זי וועט פריער נישט גיין אין מאָנאַסטיר, ביז זי וועט נישט וויסן גענוי דעם סוד פון איר לעבן. דער מעדאַליאָן וואָס איז איצט געהאָנגען אַרום איר האַלז אויף דעם צונויפגעבונדענעם קייטעלע, האָט זי געבריט. זי האָט געוואוסט, אַז אַט אַ דער טאַליסמאַן שטעלט מיט זיך פאַר אַ טייל פון איר סוד און אַז דעם צווייטן טייל וועט זי זיכער געפינען אין דער קאַסעטע וואָס מאַ האָט איר אַזוי סודות־פול אָוועקגעגעבן פאַר איר טויט.

ווען זי איז ענדלעך אַריינגעקומען אין איר בודואַר, האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַ טרויעריקע איבעראַשונג. עס האָבן זיך איר געוואָרפן אין די אויגן סמנים, אַז עמיץ איז דאָ געווען אין צימער און זיך געראָיעט צווישן אירע זאַכן און אין פאַנישער שרעק, איז זי דאָס ערשטע צוגעלאָפן צו דער געהיימער באַהעלטעניש וואו זי האָט געהאַט אָוועקגעשטעלט די קאַסעטע.

— אָ, ווי גוט, וואָס מאַמאַ האָט מיר אָנגעזאָגט אַז איך זאָל זי באַהאַלטן און היטן!... די קאַסעטע איז געווען אויף איר פּלאַץ און כדי זיך נאָך מער צו באַרואיקן, האָט זי אַ קוק געטאָן אין דער האַנט־טאַש צי דאָס שליסעלע פון דער קאַסעטע איז דאָ, יאָ. עס איז דאָ.

זי האָט גערופן דאָס קאַמער־מיידל, אויסגעפרעגט זי און דורך איר, געלאָזט אויספרעגן עטלעכע פון דער דינערשאַפט, ווער עס איז דאָ געווען דער, וואָס האָט געוואָגט צו זוכן עפּעס צווישן אירע זאַכן, ביז זי האָט זיך ענדלעך דערוואוסט, אַז דאָס האָט געמוזט זיין דער פּעטער אירער, וועלכער האָט היינט דאָ געמאַכט אַן אינספּעקציע איבער אַלע זאַלן און צימערן.

מיט אַ שטרענגקייט וואָס זי האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגעוויזן צו דעם קאַמער־מיידל, האָט זי באַפוילן, אַז אַזוי ווי דער פּעטער וועט נאָר קומען, זאָל זי אים לאָזן וויסן, אַז זי מוז אים זען.

בלייבנדיק אַליין נאָך דער דאָזיקער שטרענגער האַלטונג, איז סאַריטאַ צוזאַמענגעבראָכן.

איר האַרץ און איר מוח זיינען ווי פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאַנאַלן, אין וועלכע עס האָבן כוואַליעס־ווייז אָנגעהויבן אַריינפּלייצן די פֿילע איינדרוקן און ווירקונגען פֿון אירע לעצטע איבערלעבענישן.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר בעט, פֿאַרשטעלט זיך מיט די הענט דאָס פּנים, זי האָט געוואָלט וויינען, נאָר נישט געקאָנט; זי האָט זיך געפֿילט ווי אַן אַריינגעפֿאַלענע אין אַ ים פֿון געדאַנקען און געפֿילן, נאָר עס האָבן איר געפֿעלט די כוחות זיך צו קענען אַרויסראַטעווען פֿון די שטורמישע כוואַליעס.

די נאַכט האָט אָנגעהויבן צופֿאַלן און אין איר בודואַר איז שוין געווען גוט טונקל, ווען זי האָט ענדלעך אַ קוועטש געטאָן אויפֿן קנעפּל און דאָס קאַמער־מיידל איז אַריינגעקומען:

— ברענג מיר, איך בעט דיך, אַ טאַסע שוואַרצן קאַפֿע און אַ פּיל צו באַרואיקן די נערוון.

— איך ברענג ווי אַמשנעלסטן. דאָס מיידל האָט ליכטיק געמאַכט און איז אַרויס.

דער קאַפֿע האָט סאַריטאַן אָפּגעפֿרישט און די פּיל האָט טאַקע היפּש באַרואיקט אירע נערוון, אָבער זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט פֿאַנאַנדערקלויבן אין אירע געדאַנקען.

לאַנג און מיט אַ היפּשער נערוועזיטעט האָט זי געאַרבעט ביים צעבונד־ן דאָס קייטעלע אַרום איר האַלז. ענדלעך האָט זי גענומען באַטראַכטן די אויסגראַווירטע היעראָגליפֿן אויף דעם טאַליסמאַן. אַ הייליקער געפֿיל האָט זי אַרומגענומען און זי האָט אָפּגעפּרעסט אויף די היעראָגליפֿן אַ פֿרומען קוש:

— כאַקאַבאַ וועט שוין וויסן פֿון עמיצן, וואָס וועט קענען איבערלייענען וואָס דאָ שטייט געשריבן... כאַקאַבאַ... מיט וויפֿיל ליבע און צאַרטקייט ער האָט זי היינט געדריקט צו זיך!... ווי זים עס זיינען געווען זיינע קושן און צי איז עס נישט געווען גאָטס ווילן, אַז אַזוי זאָל געשען? צי איז עס נישט געווען גאָטס ווילן, אַז ער זאָל אויף איר איבערייסן דאָס קייטעלע, כּדי זי זאָל זיך קענען דערוויסן די באַדייטונג פֿון דער געהיימניספֿולער אויפֿשריפֿט אויף דעם טאַליסמאַן?

זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער קאַסעטע.

אָט זיצט זי שוין מיט דער קאַסעטע אויף איר שויס, זי וויל שוין אַרויסנעמען פֿון איר האַנט־טאַש דאָס שליסעלע, אָבער אַ וווייטער גערויש אין גאָרטן פֿון דער רעזידענץ האַלט זי אָפּ דערפֿון. עפּעס אַ געהיימע

שרעק וואָרנט זי און רופט צו איר: — נישט איצט, נישט דאָ!... זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר „טוטאָר", אָן דעם פרעמדן אומסימפּאַטישן מענטש וואָס זאָגט אַז ער איז איר פעטער: — אָ, וועט זי אים מאַכן אַ פאָרוואורף פאַר זיין זוכן צווישן אירע זאַכן!...

מיט דער זילבערנער קאַסעטע אין בעט, נעבן זיך, האָט זיך סאַריטאַ לאַנגע שעה'ן געמוטשעט ביז עס האָבן זיך איר געשלאָסן די אויגן צו אַן אומרואיקן שלאָף מיט טריבע און ליכטיקע חלומות און עס איז שוין געווען צען אַזייגער אינדערפרי, ווען דאָס קאַמער-מיידל האָט לייכט אָנ-געקלאַפּט אין טיר און זי איבערגעוועקט:

— דער סעניאָר איז דאָ, ער איז גרייט צו זען די מאַדמואַזעל...

אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָט סאַריטאַ געהאַט אַ שאַרפן ווערטער-אויסטויש מיט איר אָפּעקון. אויף איר פראַגע וואָס ער האָט געהאַט צו זוכן אין איר בודואַר, האָט ער איר אָנגעהויבן מאַכן פאָרוואורפן, אַז נישט אַזוי דאַרף זיך פירן אַ קריסטלעכע טאָכטער וואָס דאַרף אין די נאָנטסטע טעג גיין אין אַ מאָנאַסטיר... צו זיינע אויערן זיינען געקומען און ער ווייס, אַז זי האָט עפּעס „רעלאַסיאָנעס" מיט איינעם וואָס שטאַמט גאָר פון אַ פרעמדע ראַסע און ער וויל גאָרנישט ברענגען איבער זיין מויל, צו וואָס פאַר אַ ראַסע און ער ראָט זי, זי זאָל מער נישט צעגערן, נאָר טאַקע שוין היינט, אָדער שפּעטסטנס מאָרגן, דערליידיקן אירע ענינים און זיך איבערגעבן צו די הייליקע שוועסטער פון מאָנאַסטיר...

נאָך בולטער ווי ביז היינט, זיינען איצט אויף איר פּנים אַרויסגעטראָטן די שטריכן וואָס דריקן אויס ענערגיע און ווילן און מיט אַ שטאָלצער מינע פון אַ זעלבסטשטענדיקן מענטשן, האָט זי אים געענטפערט:

— איך וועל גיין אין מאָנאַסטיר, אויב איך וועל וועלן; איך בין שוין פּוליעריק און בין אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש און איך טראָג אַליין די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיינע טאַטן און זייט זיכער, אַז אַלס פּוליע-ריקע פּאַטראָנאַ אין דער רעזידענץ, וועל איך פאָדערן ביי אייך רעכנ-שאַפט פון אַלץ וואָס ווערט דאָ אָפּגעטאָן!...

ווען דער פעטער איז אַוועק, האָט זיך סאַריטאַ אַליין געוואונדערט פונוואַנען עס האָט זיך צו איר גענומען אַזאַ געוואַגטקייט און מוט אַזוי גוט אָפּצוענטפערן איר אומסימפּאַטישן „טוטאָר" און זי האָט זיך שנעל גענומען רעאַליזירן אירע פּלענער וואָס זי האָט פאַרטראַכט.

זי איז צו צום טעלעפאָן:

— האַלאָ, מיט כאַקאַבאַ?

— איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דיין רוף...

— אַלזאָ, הער: — עס האָבן דאָ נאָך פּאַסירט זאַכן, וועגן וועלכע

איך קאָן נישט ריידן דורכן טעלעפאָן. איך מוז דיך זען. איך בין זייער צו־טומלט. איך שטיי אויף דער שוועל פון אויפקלערן דעם סוד וואָס רינגלט אַרום מיין לעבן און איך וויל, אַז דו, כאַקאַבאַ, זאָלסט מיר העלפן קלאָר מאַכן און אויפדעקן דעם סוד. דערוואַרט מיך פיר אַזייגער ביי דער סטאַ־ציע.

שנעל און מיט פעסטקייט האָבן געקלונגען אירע ווערטער; ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, ער האָט איר געוואָלט איבערגעבן וויפיל ער האָט אַלץ נישט נאָכגעטראַכט וועגן איר זייט נעכטן, אָבער, דער טעלעפאָן איז שוין געווען אָפּגעהאַקט.

נאָך אַ האַלבע שעה פאַר דער צייט, איז שוין כאַקאַבאַ געווען ביי דער באַן־סטאַציע.

מיט ברענענדיקער אומגעדולד האָט ער אָפּגעוואַרט סאַריטאַס אָנקו־מען און זיין פנים האָט אויפגעלויכטן ווען ער האָט זי ענדלעך דערזען.

נאָך אַ גאַנצער נאַכט טראַכטן וועגן איר, איז זי אים געוואָרן טויזנט מאָל נענטער און ער האָט זי איצט געוואָלט אַרומכאַפּן, אָבער איר איצט ערנסטער אויסזען, האָט אים געהאַלטן אין דיסטאַנץ און ער האָט זי בלויז באַגריסט מיט אַ קוש אין דער האַנט.

ערשט איצט האָט ער באַמערקט אַז זי טראָגט אַ שווערן פּאַקעט און ער האָט אים געוואָלט ביי איר צונעמען, אָבער זי האָט דעם פּאַקעט נישט געוואָלט אַרויסגעבן פון דער האַנט.

אַ דאַנק. דאָ טראָג איך דעם סוד פון מיין לעבן . . .

אין כאַקאַבאַן האָט אָנגעהויבן פּאָכן דאָס האַרץ: — אפשר גייט זי שוין היינט איבער אין מאָנאַסטיר און זי איז זיך געקומען געזעגענען מיט אים? און אין וואָס קאָן דאָס באַשטיין דער סוד פון איר לעבן? ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם מעדאַליאָן:

— ווייס שוין סאַריטאַ די באַדייטונג פון דער העברעאישער אויפ־שריפט אויף איר טאַליסמאַן?

— וועגן דעם בין איך געקומען. איך האָף, אַז דו וועסט מיך קענען פירן צו אַ מענטש, וואָס זאָל מיר קענען זאָגן וואָס דאָרט איז אויסגראַ־ווירט.

— זיכער! — האָט כאַקאַבאַ אויסגערופן מיט פרייד, וואָס ער קאָן עפּעס לייסטן פאַר איר. מיין פּאַפּאַ וועט עס זייער לייכט קענען איבער־לייענען! . . . מיין פּאַפּאַ איז אַ זייער גוטער און ליבנסווירדיקער מענטש, זאָל ער נאָר זיין געזונט . . .

אויף סאַריטאַס פּנים האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ מאַטע רויטקייט, זי האָט ברייטער צעעפנט אירע אויגן פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשיינט

א הימל-בלויקייט וואָס האָט זיך גענומען באַדן אין די אויסשטראַלונגען פון כּאַקאַבאַס פאַרליבטע בליקן: — אַ, ווי דאַנקבאַר איך בין דיר... זעסט? אַ חוץ דעם מעדאַליאָן, האָב איך דאָ נאָך זאַכן, וועלכע וועלן מיר אויפקלערן דעם סוד פון מיין לעבן. איך האָב אפילו געשוואוירן די קאַסטעטע נישט צו עפענען ביז אַ געוויסע צייט, אָבער דיין אָפּרייסן מיר דעם טאַליסמאַן, איז פאַר מיר געוועזן אַ צייכן פון גאָט, אַז איך מעג עפענען די קאַסעטע..

אָנגעפילט מיט ברענענדיקער נייגעריקייט צו וויסן דעם באַדייט פון די אויסגראַווירטע אותיות אויף דעם קריסטאַלענעם מיידלס, זיין רעטערנס טאַליסמאַן און מיט דעם באַגער פון אַ פאַרליבטן צו באַפרידיקן דעם וואונטש פון זיין אויסדערוויילטער, האָט כּאַקאַבאַ באַשלאָסן אַז שוין איצט, נישט קוקנדיק וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס קאָן האָבן אויף זיינע עלטערן וואָס ער ברענגט זיי פלוצלינג אַ קריסטאַלעך מיידל אין שטוב אריין — וועט ער זי פירן צו זיך אַהיים, צו זיין פאַ, ער זאָל איר איבערלייענען וואָס אויף דעם מעדאַליאָן איז אויסגעקריצט...

***

נאָך דער ערשטער אַטאַקע וואָס ברוך שטיינבערג האָט געליטן אויף זיין אָפּגעשוואַכטן האַרץ, האָבן די דאָקטוירים אים פאַרגעשריבן אַ שטרענגן רעזשים פון אָפּהיטן זיך און דאָס וויכטיקסטע — וואָס ווייניקער אָנשטרענגען זיך, סיי פיזיש און סיי גייסטיק.

צוליב אָט אַ דעם אָנזאָג פון די דאָקטוירים, האָט כּאַקאַבאַ געמוזט אונטערברעכן זיין שטודיום, כּדי צו פאַרטרעטן דעם פאָטער אין געשעפט, וואָס האָט זיך שוין געהאַט שטאַרק פאַרגרעסערט.

חנה'לע, ברוכ'ס ווייב די קאָלאָניסטישע טאָכטער, האָט אים שטאַרק אָפּגעהיט און וואָס נאָר עפּעס אַ שלעכטע מינע אויף זיין פּנים, האָט זי אים ווי אַ קליין קינד שנעל צוגעפירט צום בעט און געוואַכט איבער אים, ער זאָל ליגן רואיק.

וועגן די אַמאָליקע געשעענישן און די איבערלעבענישן זיינע, האָט ער שוין כּמעט נישט געטראַכט. עס זיינען כּסדר געקומען אַזויפיל נייע געשעענישן, סיי פריוואַטע און סיי אַלגעמיין וועלטלעכע און בפרט יידישע, אַז עס איז געוועזן גענוג פון-וואָס צו טראַכטן און זיין אין טראַנס פון טעטיקייט, וואָס מאַכט פאַרגעסן אָן אַלטע וויטיקלעכע דעראינערונגען.

לעצטנס האָט ער זיך אפילו געפילט בעסער און ער האָט שוין אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם, אַז כּאַקאַבאַ זאָל אָנהויבן פּראַקטיצירן אַלס דאָק-

טאָר, אָבער אָט האָט ער היינט נאָכמיטיק, זייענדיק אין געשעפט וואָס איז געווען אָנגעפראָפט מיט קונים, פלוצלינג ווידער דערפילט אַ שטאָך אונטערן הארצן, חנהלע, וועלכע איז געזעסן ביי דער קאַסע, האָט באַמערקט אַז ער גיט זיך אַ כאַפּ ביי דער ברוסט און זי האָט שטיין געלאָזן די קאַסע און זיך גענומען צו אים.

גראָד איז כאַקאָבאַ נישט געווען אין געשעפט, די יונגערע קינדער זיינען אין שול, האָט זי אים געגעבן אַ פּיל און ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן בעסער, האָט זי אים באַפוילן, ער זאָל שוין אַרויפגיין אין שטוב אריין.

ער האָט געפאָלגט און איז געגאַנגען און מינוטן שפּעטער, האָט ער חנהלען אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן, אַז ער איז אין שטוב און ער פילט זיך גוט.

נאָך דעם פּיל, האָט ער זיך טאַקע געפילט אינגאַנצן גוט. ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דעם ברייטן שטול נעבן שרייבטיש און גענומען איבערקוקן די נייעסן אין אַ צייטונג און עס איז דאָך געווען אַזויפיל וואָס צו לייענען!

חנה׳לע האָט נישט געקאָנט איינרוען אין געשעפט, האָט זי געבעטן איינע פון די מיידלעך צו וועלכער זי האָט געהאַט מער צוטרוי, אַז זי זאָל זי פאַרטרעטן ביי דער קאַסע און חנה׳לע איז אַרויפגעלאָפן שטוב אריין.

זי האָט געבעטן ברוכ׳ן ער זאָל זיך לייגן אין בעט אריין, נאָר ווען ברוך האָט איר פאַרזיכערט אַז ער פילט זיך גוט און ער זיצט דאָ זייער רואיק, האָט זי זיך באַרואיקט און שוין געוואָלט צוריק אַראָפּגיין אין געשעפט אריין, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך געהערט אַ שליסן פון דער פראָנט-טיר צום דעפּאַרטאַמענט, עס האָט זיך געהערט איר זונס אויסרוף: — „ביען ווענידאָ״,ביידע, חנהלע און ברוך, האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו דער טיר, כדי צו זען מיט וועמען כאַקאָבאַ איז דאָס איצט געקומען און אָט האָט זיך די טיר געעפנט, כאַקאָבאַ האָט זיך אַ שטעל געטאָן אַן אַ זייט און געלאָזן פריי דעם פּלאַץ אַז סאַריטאַ זאָל קענען דורכגיין, סאַריטאַס פּנים איז געווען אַביסל פאַררויטלט און אירע געדיכטע גאָלד-בלאָנדע האָר אַביסל צעשויבערט פון ווינט און חנה׳לע האָט אין איר באַלד דערקענט דאָס מיידל מיטן צלם אויפן הארצן וואָס זי האָט געטראָפן ביי כאַקאָבאַס בעטל אין דער קליניק און איר איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן.

פיל מוראַדיקער האָט אָבער געווירקט סאַריטאַס אַזוי פלוצלינגדיקע דערשיינונג אויף ברוכ׳ן.

ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער פּלוצלינג פאַר זיך דערזען זיין שרהלע! זיין שרהלע, אַזוי ווי ער האָט זי געזען ווען זיי זיינען ביידע צו־זאַמען אַרויף אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ״ כדי צו פאָרן קיין אַרגענטינע בויען פאַר זיך אַ נייע היים... אַלץ אַרום האָט זיך גענומען דרייען פאַר זיינע אויגן אַזוי ווי פייערדיקע רעדער וואָס האָבן פון זיך געשפּריצט מיט אַ בלענדענדער ליכטיקייט ווי פון טויזנטער זונען־פייערן און פּלוצלינג האָט זיך דאָס אַלץ פאַרלאָשן, ער האָט בלויז באַוויזן אַרויסצולאָזן אַ ווילדן אויסגעשריי: — שרהלע! מיין שרהלע!... און אַ טיפע פינסטערניש האָט אים אַרומגעכאַפּט און ער איז אַראָפּגעפאַלן פון שטול אין אַ טיפן חלשות...

פ״ג

## זאָלן זיין שמחות ביי יידן!

די געשעענישן אין אייראָפּע און בכלל, די פּאָליטישע ראַנגלענישן וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין אַלע לענדער נאָכן צוזאַמענברוך פון היטלערס „נייער אָרדנונג", האָבן אַרויפגעשטויסן דאָס יידישע לעבן אין אַרגענטינע אויף ברייטע שליאַכן.

אויך אין אַרגענטינע זיינען פאָרגעקומען פּאָליטישע געשעענישן. אַלטע פּאָליטיקער און רעגירונגס-מענטשן האָבן געמוזט אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר אַ נייעם לידער וואָס האָט פּראָקלאַמירט די לאָזונג פון „גערעכטיקייט פאַר אַלע אַרבטנדיקע באַוווינער פון דער גרויסער און שיינער פרייער אַרגענטינע"; גערעכטיקייט פאַר אַלע אַרבטנדיקע באַוווינער, אָן אונטערשיד פון ראַסע און גלויבן; קעגן דיסקרימינאַציעס פון איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער; און בעסערן דעם מצב פון דעם אַרבעטער-קלאַס, וועלכער איז דער אייגנטלעכער בויער פון לאַנד.

דאָס זיינען אַלץ געווען לאָזונגען, וואָס האָבן אַפּעלירט צום געפיל און באַוווסטזיין פון מאַסן, און כאָטש די קעגנער זיינע, האָבן געשפּרייט פאַרשידענע קלאַנגען קעגן דעם נייעם לידער, דעם קאָראָנעל כואַן ד. פּעראָן, האָט זיך אָבער שנעל אַרויסגעוויזן, אַז אָט אַ דער לידער האָט אַ סך קאַפּאַציטעט, אַז ער האַלט פון מעשים און עס זיינען כסדר געשאַפן געוואָרן נייע אַמטן פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסברייטערן און איינפונדעווען די געזעצן פאַר עלטער-פאַרזיכערונג און די יידישע איינוווינער אין בוענאָס איירעס, האָבן שנעל אָנגעהויבן זען און פילן די ענדערונגען אין דעם כסדר-וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטישן קורס, וועלכער האָט בהדרגהדיק אָנגעהויבן פאַלן. די רעגירונג האָט כסדר מער געצוימט די אַנטיסעמיטישע העץ-פּראָפּאַגאַנדעס און די פּאָליציי האָט באַקומען באַפעלן אַראָפּצורייסן די העץ-פּלאַקאַטן וואָס שונאי ישראל האָבן אין דער פינצטערניש פון די נעכט אויסגעקלעפּט, עס האָבן אויפגעהערט די ספּעציעלע שוועריקייטן און דיסקרימינאַציעס לגבי יידן וואָס האָבן געוואָלט באַקומען די בירגערשפט פון לאַנד און נאָך יאָרן לאַנגע באַמיונגען האָבן אַ סך יידן באַקומען די אַזויגערופענע „סיודאַדאַניאַ" און נייע טויזנ-

טער יידן האָבן אָנגעהויבן אָנגעבן די פּאַפּירן מיט ביטעס וועגן דער ביר־געַרשאַפט און דער צוטרוי צו דער מאַכט איז געוואַקסן.

טראָץ אַלע אימיגראַציע־שוועריקייטן, האָט מען שוין אין בוענאָס־איירעס געקאָנט זען אַ צאָל אָנגעקומענע פון די לעבן - געבליבענע יידן וואָס האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון די היטלעריסטישע טויט־פאַבריקן און גאַז־קאַמערן; מיט די אייגענע אויגן האָט מען געקאָנט זען אויף די הענט פון מענער און פרויען די אויסטאַטואירטע נומערן פון פאַרשידענע אַרבעטס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, די נומערן האָבן ממש אויסגעשריען אויפן קול, וועגן די ליידן און פּיין וואָס די אומגליקלעכע מענטשן האָבן דאָרט איבערגעלעבט אין דעם היטלעריסטישן גהינום און מען האָט שוין גע־ווּוּסט פון דער טרויעריקער סטאַטיסטיק, אַז די נאַצישע מאָנסטרומס האָבן אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יידן!...

פּאַראַנטוואָרטלעכע און באַוווסטזיניקע יידישע קאַפּאַציטעטן, מיט דער מיטהילף פון יידישע שרייבער און קולטור־טוער, האָבן זיך באַמיט צו הויבן דעם מוט ביי די יידישע מאַסן פון אַלע ריכטונגען און בעת זיי האָבן פון איין זייט געמאָנט ביי דער וועלט גערעכטיקייט פאַר דעם פאַרשניטע־נעם אַלטן פאָלק, וואָס האָט פאַר דער וועלט בייגעשטייערט מיט אַזויפיל גרויסע מענטשן, האָבן זיי גלייכצייטיק געוועקט די לעבן־געבליבענע יידן צו אַקטיוויטעט, צו מעשים פאַר המשך און פאַרן וויטערדיקן קיום פון אונדזער אומה.

עס זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן די צענער טויזנטער יידן וואָס האָבן אויסגעהאַלטן די שווערע יאָרן אין ווייטן אַזיאַטישן ראַטנפאַרבאַנד און זיי זיינען צוריקגעקומען קיין פּוילן; מען האָט שוין געוווּסט וועגן דעם פּאָגראָם אין קיעלץ, וועלכן פּוילישע היטלעריסטן האָבן דורכגעפירט איבער דעם רעשטל אָפּגעראַטעוועטע יידן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן הילפס אַקציעס אויף צו קענען אַרויסראַטעווען די לעבן־געבליבענע יידן אין אַנדערע לענדער און אַזוי ווי קיין שום לאַנד האָט נישט אַרויסגעוויזן די גרייטקייט צו עפענען די טויערן פאַר די אומגליקלעכע, האָבן יידישע פי־רער אָנגעהויבן פאָדערן אַ פרייען אַריינפאַר קיין פּאַלעסטינע און ווען דער בריטאַנישער מיניסטער בעווין־הרשע האָט עס בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן, האָבן יידן אויף כוח זיך אַ שפּאַר געטאָן אויף שוואַכע קליינע שיפן, קרבנות זיינען געווען אַ סך, אָבער אַ סך מערער האָבן זיך געראַ־טעוועט און אָנגעקומען קיין פּאַלעסטינע.

די אַקציעס צו שאַפן די מאַטעריעלע מיטל אויף צו קענען באַזאָרגן אָט אַ די מאַסע פון יתר־הפליטה מיט שיפן און קאַפּיטאַנען וואָס זאָלן זיך וועלן לאָזן איבער געהיימע וועגן און אויסמיידן די ענגלישע באַוואַכונגען

און אויך, פאַר דעם איינאָרדנען די פּליטים אויף יידישער ערד, זיינען איבעראַל און הויפּטזאַך — אין די אַמעריקאַנער לענדער, אָנגעפירט גע־וואָרן מיט אַ סך דערפאָלג.

אַמעריקאַנער יידן פון נאָרד און פון זיד, האָבן זיך געפילט ווי זינדיק, ווייל בעת זיי האָבן זיך אין די אַמעריקאַנער לענדער אַרויפגעאַרבעט און געלעבט אַ לעבן אין ווילטאָג, האָבן מיליאָנען ברידער און שוועסטער פון אונזער פאָלק אָפּגעגעבן זייערע לעבנס אויף קידוש השם. און מיט העלפן אַקטיוו לטובת דעם יתר הפליטה, האָט מען געפילט אַ באַרואיקונג פאַרן אייגענעם געוויסן. אין אַלע אינסטיטוציעס זיינען פאָרגעקומען זאַמ־לונגען און אַ סך, אַ סך יידן וואָס זיינען שוין געווען ווייט צוריקגעצויגן פון כלל־יידישן לעבן, האָבן זיך אויפסניי געיאָוועט, עס האָט זיך אין זיי דערוועקט דאָס פינטעלע ייד און מיט זייערע גרעסערע ביישטייערונגען, האָבן זיי אַ סך צוגעהאָלפן צום דערפאָלג פון אַלע הילפס־אַקציעס.

די יידן אין בוענאָס איירעס, צוליב זייער יונגער אימיגראַציע, האָבן מער געליטן, ווייל פיל מער זיינען דאָ געווען אַזעלכע וואָס מען האָט ביי זיי פאַרשניטן זייערע נאָנטסטע, וואָס זיינען געהאַט געבליבן אין די אַלטע היימען און נישט נאָר יחידים האָבן זיך באַשטייערט פאַר די הילפס־אַק־ציעס, נאָר אויך אינסטיטוציעס און מיט גרויסע סומעס.

די חברה קדישא, האָט שוין זייט לאַנג אויפגעהערט זיין בלויז דאָס וואָס זי איז געווען; אַן אינסטיטוציע צו באַקראָבן מתים. יידישע שרייבער און יידישע קולטור־טוער אין בוענאָס־איירעס, האָבן זיך מיט רעכט גע־קאָנט באַרימען, אַז אַ דאַנק זיי, וואָס כאָטש זיי זיינען אין יענע יאָרן גע־ווען פריידענקעריש געשטימט, זיינען זיי פונדעסטוועגן געוואָרן מיטגלידער פון דער חברה קדישא, כדי צו קענען ווירקן אַקטיוו, אַז זי זאָל אויסברייטערן איר טעטיקייט אויך פאַר לעבעדיקע ענינים און הויפּטזאַך — לטובת יידישער דערציונג און אַ דאַנק טאַקע אָט אָ די ערשטע יידישע שרייבער־מיטגלידער וואָס האָבן אין די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן געוועקט דעם לייענער און די קולטור־טוער וואָס האָבן כסדר געמאָנט, זיינען אין דער חברה קדישא אַריינגעקומען נייע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער מיט מער אינטעליגענץ און פאַרשטענדעניש פאַר כלל־יידישע אַקטיוויטעטן און די טעטיקייט פון אָט אָ דער גרעסטער יידישער אינסטיטוציע, האָט זיך אויס־געברייטערט אויף אַ סך געביטן פון יידישן לעבן, שטיצנדיק רעגולער מיט היפשע סומעס די יידישע שולן און אַנדערע וואוילטעטיקע און קולטור־אינסטיטוציעס.

היינט רעדט מען שוין אין דער חברה קדישא, וועגן פאַרוואַנדלען זי אין אַ קהילה, לויטן מוסטער פון די אַלטע חרוב געוואָרענע היימען.

מיט פיבער גייט אָן די באַוווסטזיניקע טעטיקייט פאַר בויען נייע אינסטיטוציעס; אָפּגעווישט ווערן די גרעניצן צווישן רעכטס און לינקס, אַבי עס האַנדלט זיך וועגן אַ יידישער שול, אַ יידיש טעאַטער, פרעגט מען נישט ווער עס זיינען די בויער, נאָר מען באַשטייערט זיך, ווייל עס איז פאַר אַ יידישן צוועק. רייכע יידן, פאַבריקאַנטן און סוחרים, ווערן אַריינגע־צויגן אין פאַרשידענע בוי־קאָמיטעטן, מען גיט זיי כבוד און זיי, נישט פרעגנדיק צו וועלכער פאַרטיי עס געהערן די אַקטיוויסטן, לאָזן זיך קאָסטן פאַר די באַקומענע כיבודים און עס וואַקסן אויס נייע בנינים פאַר יידישער דערציונג און פאַר יידישן המשך און עס ווערן געפּראַוועט פייערונגען פון לייגן גרונט־שטיינער, פון דאַך־דעקן און פון באַנייען די בנינים.

טוער פון דער שלום־עליכם־שול לאָזן אַרויס די לאָזונג: — „ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט געהייסן נישט מייאש זיין״, שפּרייט זיך די לאָזונג איבער יידישע שטיבער און מען העלפט בויען און די שלום־עליכם־שול, די קרוין פון יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע און אפשר איבער גאַרער יידי־שער וועלט, איז שוין דריי מאָל פאַרגרעסערט געוואָרן, ביז צו אַ ריזן־פּאַ־לאַץ פאַר יידישער דערציונג.

די לאָזונג „ר׳ נחמן בראַצלאַווער״ ווערט אויך געזונגען פון דער יידישער יוגנט אין יידישע שטיבער. קינדער פון פריער אַסימילירטע על־טערן, גייען אין די ציוניסטישע פאַריינען פון אַלע ריכטונגען און פון דאָרט ברענגען זיי אַהיים די לאָזונגען פאַר המשך און פאַר נאַציאָנאַלער אויפוואַ־כונג און זיי דערוואַרעמען מיט זייער ענטוזיאַזם די קאַלט־געוואָרענע הערצער פון זייערע טאַטע־מאַמע.

אין זייערע אייגענע יידישע אינסטיטוציעס באַקענען זיך די בחורים און מיידלעך און זיי פאַרליבן זיך איינס אין אַנדערען און שידוכים ווערן געשלאָסן; אין גרויסע, רייכע סאַלאָנען ווערן געפּראַוועט תנאימס און חתו־נות און עלטערן, וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט ביז זיי האָבן דערגרייכט צום עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד, האָבן נחת, נחת...

---

איינע פון די צוויי גרעסטע שילן אין בוענאָס איירעס, איז די שיל אויף דער גאַס פּאַסאָ, אין סאַמע געדיכט־יידישן צענטער, נעבן דער גאַס קאָריענטעס.

די פאַרגעשריטענע וואָס זוכן זיך צו פּוצן מיט מאָדערנע פעדערן, רופן די שיל מיטן נאָמען „טעמפּל״, אָבער די פאָלקסטימלעכע יידן רופן זי פשוט — „די שיל אויף פּאַסאָ״.

די שיל פאַרמאָגט אָן אָרגל פונקט אַזוי ווי דער גרויסער טעמפּל אויף דער גאַס ליבערטאַד, נאָר דער אָרגל אין שיל אויף פּאַסאָ, רוט אין די

שבתים און ימים-טובים און לאָזט נאָר הערן פון זיך זיינע שיינע קלאַנגען ביי פאַרשידענע פייערלעכקייטן אין די וואָכן-טעג און צו חופּה-צערעמאָניעס. אויך, באַטייליקן זיך נישט אין כאָר פון פּאַסאַ-שיל קיין פרויען, אַזוי ווי אין טעמפּל אויף ליבערטאַד.

אַ שבת פאַרנאַכט, נאָך איידער עס האָבן זיך רעגט באַוויזן די ערשטע דריי שטערן אויפן הימל, האָבן שוין שמשים און געדונגענע מענטשן פיבערהאַפט געאַרבעט און אויסגעצירט די שיל מיט שיינע, ווייסע קאָסט-באַרע בלומען און עלעקטריציסטן האָבן געאַרבעט ביים ציען דראָטן מיט קליינינקע לעמפּלעך צווישן די בלומען, וואָס האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן לענג-אויס פון אַריינגאַנג אין שיל ביז צום באַלעמער, כדי זיי זאָלן שפּעטער באַלייכטן דעם „שפּאַליער", ווען די חתן-כלה מיט די מחותנים וועלן דורכגיין ביז צום אויבנאָן, צו דער שיין-באַפּוצטער און ליכטיק אילו-מינירטער חופּה.

עס דאַרפן דאָ היינט פאָרקומען די חופּה-צערעמאָניעס פון עטלעכע רייכע חתן-כלה-פּאָרלעך, קינדער פון רייכע באַלעבאַטישע היימען. דאָס געסל נעבן דער שיל איז פול - געפּאַקט מיט ווייבער און מיידלעך וואָס וווינען אין דער געגנט און זיי וואַרטן, כדי צו זען אין וואָס פאַר אַ אויטאָ-מאָבילן עס וועלן אָנקומען די מחותנים און די רייכע חתן-כלה-פּאָרלעך און צי עס וועט זיין וואָס מקנא צו זיין...

צוויי פון די חופּה-צערעמאָניעס וואָס דאַרפן דאָ פאָרקומען, וועלן זיין פון די קינדער פון אונזערע אַמאָליקע „אַטלאַנטאַ"-אימיגראַנטן; די ערשטע איז פון די קינדער פון גאָלדע און יעקב פּערלבערג פון חתנס צד און שמחה מיט מלכה פלעכטמאַן פון כלהס צד און די צווייטע חופּה, פון בערקע, דעם אַמאָליקן טרעגערס אייניקל, העניכס יונגע זונדל, מיט דעם נאָך יונגערן געראָטענעם טעכטערל פון יאַשקע ריטער.

דאָ, אין שיל אויף פּאַסאַ, דאַרפן פאָרקומען די חופּה-צערעמאָניעס און שפּעטער וועלן געפּראַוועט ווערן די חתונה-מאָלצייטן, איינע אין דעם רייכן סאַלאָן „פּרינץ זשאָרזש" און די צווייטע — אין דעם ריזיקן לוקסוס-סאַלאָן „לעס אַמבאַסאַדערס".

נישקשה, די מחותנים קאָנען זיך עס פאַרגינען. דאָס זעט מען בולט, באַלד ווי נאָר עס הויבן אָן אָנקומען די שיינע אויטאָמאָבילן מיט געסט, און נאָך מער, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די מחותנים אין די נייע „קאַדיליאַקס" פון לעצטן מאָדעל, פון וועלכע זייערע אייגנטימער האָבן קיינמאָל נישט געוואָגט אַפילו צו חלומען אַז זיי וועלן אַזוינס דערלעבן...

צווישן די געסט וואָס זיינען געקומען, האָט מען געזען אברהם ווייס-בלאַט און מיכל קליין און אַט איז אָנגעקומען אַן אויטאָ, אָנגעפירט פון

יונגן דאָקטאָר כּאַקאַבאַ זילבערמאַן, נעבן אים איז געזעסן די גאָלד-בלאָנ־דע סאַריטאַ, די כלה זיינע, פון קאַטש זיינען אַרויסגעקומען ברוך שטיינ־בערג מיט חנהלען און זייערע צוויי יינגערע קינדער, מיידלעך, וואָס איינע פון זיי, דאַרף שוין אויך באַלד שרייבן תנאים מיט איר אויסדערוויילטן בחור.

דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן זעט היינט סאַריטאַ אַ יידישע התונה־צערעמאָניע און זי קוקט אויף אַלץ מיט שטוינען און באַוווּנדערונג און פון אירע בליקן קאָן מען אַרויסלייענען איר אינערלעכע פרייד.

איר שטרענג רעליגיעזע קריסטלעכע דערציונג, האָט זי אין איר איצ־טיקער יידישער היים געמאַכט אַ סך ליידן; נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַ דאַנק דער פאַרשטאָרבענער מוטערס מעדאַליאָן, וואָס איר פאָטער האָט איר אַלס ערשט-געבוירן קינד אָנגעטאָן אויפן האַלז נאָך אויפן הויף פון אי־מיגראַנטן-האָטעל און אַ דאַנק די דאָקומענטן פון קינדער-שפּיטאָל און די מעטריקע אירע, וואָס זי האָט געפונען אין דער קאַסעטע וואָס סולעמאַ ראַוווסאָן האָט איר פאַרן אָפּשטאַרבן איבערגעגעבן, האָט זי באַשלאָסן, אַז אויב זי איז אַ יידישע, דאַרף זי זיין מיט איר אמתן יידישן פאָטער און דערצו, איר ריינע הייליקע ליבע צו כּאַקאַבאַ, האָט איר אַ סך צוגעהאָלפן, אַז זי זאָל וועלן פאַרגעסן אַלץ פון איר פריערדיקן קריסטלעכן לעבנסשטיי־גער און זי האָט זיך באַמיט אַריינצולעבן אין דער נייער היים, פון איר אמתן פאָטער און אויך פון איר האַרצנס-געליבטן.

אָבער, עס האָבן איר אין דער יידישער היים אויסגעפעלט די עמאָ־ציעס פון רעליגיעזער באַגייסטערונג און דאָס האָט איר שטאַרק וויי געטאָן.

ברוך שטיינבערג איז נישט געווען רעליגיעז און נאָך ווייניקער האָט כּאַקאַבאַ געוווּסט פון דעם עכט-יידישן רעליגיעזן לעבן און נאָכדעם ווי סאַריטאַ האָט אַלס פּוליערוקע געפּאָלגט דעם „טוטאָר” אירן און אונטער־געשריבן אַ דאָקומענט, אַז זי זאָגט אָפּ דאָס גאַנצע פאַרמעגן וואָס זי דאַרף ירשענען — פאַרן קלויסטער, צום אָנדענק נאָך איר פאַרשטאָרבענער וואוילטעטערן סולעמאַ ראַוווסאָן דע אַרעוואַלאַ, האָט זי זיך געוואָלט אַריינ־לעבן אין יידישן לעבן, אין וועלכן עס האָט אָבער סיי ביי איר פאָטער און סיי ביי איר חתן, געפעלט דער רעליגיעזער מאָמענט.

— צי האָבן די יידן נישט קיין רעליגיע?

דאָס האָט סאַריטאַ שוין עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט סיי ביי איר פאָטער און סיי ביי כּאַקאַבאַן און זייערע ענטפערס, האָבן זי נישט צופ־רידנגעשטעלט. מיט כּאַקאַבאַן האָט זי געהאַט אַ סך דיסקוסיעס. זי האָט אים פאָרגעוואָרפן זיין נישט-פרומקייט און ווען ער האָט איר געענטפערט, אַז ער האלט בלויז פון די יידישע טראַדיציעס וועלכע ער האָט ליב און

וועלכע פאַרטרעטן פאַר דעם היינטיקן יידן דעם אַמאָליקן פאַנאַטישן גלויבן, האָט זי נישט מסכּים געווען אַז דאָס זאָל זיין גענוג:

— די בלויזע טראַדיציע, אָן אַ רעליגיעזן אונטערשלאַק, איז ווי אַ שיין פלעשל וואָס מען האָט דערפון אויסגעליידיקט דעם גוטן וויין... טראַדיציע איז בלויז אויבנאויפיקייט און רעליגיע, איז טיפע אינערלעכקייט; טראַדיציע איז די פלאַש און רעליגיע איז דער וויין!...

דעם ערשטן סדר־טיש וואָס זי האָט פּסח געזען ביי איר אמתן יידישן פֿאַטער אין הויז, האָט זי ממש אַנטציקט. אָבער אויך אין דעם האָט עפּעס פאַר איר געפעלט צום צערעמאָניאַל און זי האָט געבעטן חנהלען, ביי איר איצטיקער מאַ, זי זאָל איר עפּעס דערציילן וועגן דעם אַמאָליקן יידיש־רע־ליגיעזן לעבנסשטייגער און חנהלע, די קאָלאָניסטישע יידישע טאָכטער, האָט איר געוויזן ווי אַזוי איר מאַמע פלעגט אַמאָל ליכט בענטשן יעדן פרייטיק פאַרנאַכט און זייט דעמאָלט, האָט מען שוין יעדן פרייטיק גע־מוזט צוגרייטן ליכט און סאַריטאַ האָט אָנגעהויבן ליכט־בענטשן, כאָטש אָן אַ ברכה, אָבער גענוי אַזוי, מיט די הענט אויף די אויגן, אַזוי ווי חנהלע האָט איר געוויזן...

ווען זי האָט נאָך אַ ווײַלע אַוועקגענומען די הענט פון די אויגן, זיינען אירע אויגן געווען פייכט פון טרערן...

ערשט היינט, אין שיל אויף פּאַסאַ, האָט זי צום ערשטן מאָל געזען אַ יידיש־רעליגיעזע צע־עמאָניע וואָס האָט אין איר דערוועקט רעליגיעזע באַגייסטערונג ביז עקזאַלטאַציע.

— אָ, ווי וווּנדערלעך! אָ, ווי וווּנדערלעך!...

ווי אַ קינד וואָס פרעגט זיך נאָך אויף יעדער קלייניקייט וואָס קומט אים פאַר ניי, אַזוי האָט סאַריטאַ כּסדר געשטעלט פראַגן און נישט אויף אַלץ האָט כאַקאָבאָ געוווּסט צו ענטפערן, האָט ער געשמייכלט אין פאַר־לעגנהייט און איר געזאָגט, אַז וואָס ווייטער, וועט זי זיך אַליין דערוויסן מערער...

כאַקאָבאָ מיט סאַריטאַן זיינען געשטאַנען צווישן די בענק אָן אַ זייט און ווען סאַריטאַ האָט אויפגעהויבן צו כאַקאָבאָן אירע פייכטע, פון טרערן פאַרלאָפענע אויגן, און אים שטיל אַ פרעג געגעבן: — און ווען וועלן מיר דאָ שטיין אונטער דעם באַלדאַכין?... האָט ער זיך אומגעקוקט, אָפּגעבויגן דעם קאָפּ און איר אַ קוש געטאָן אין שטערן:

— אינגיכן, נשמה מיינע!...

## י״ך

# די באַפרייאונג פון ישראל

די פעלקער פון דער וועלט וואָס האָבן באַשאַפן אַ בשותפותדיקע אָרגאַניזאַציע, אַזוי ווי אַמאָל די „פעלקער-ליגע", מיטן נאָמען „אונ״ האָבן דערפילט די גרויסע עולה וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן דעם יידישן פאָלק וואָס היטלער האָט עס מיט אַזויפיל אכזריות רעדוצירט מיט זעקס מיליאָן קרבנות.

די פאָרשטייער פון די פעלקער האָבן געפילט די עולה און אפשר האָט זיי אויך צומאָל געפייניקט דער געוויסן, אָבער גלייכצייטיק, האָט קיין שום לאַנד נישט געוואָלט עפענען די טויערן פאַר די גערודפטע און ביי אַזאַ מצב, כדי נישט צו ווערן שותפים צו היטלערס פאַרניכטונגסווערק, האָבן זיי געמוזט אויפנעמען דעם פאָרשלאַג פון יידישע נאַטאַבלען, אַז מען זאָל פאַר די יידן עפענען די טויערן פון פאַלעסטינע און געווען אויך יידישע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אַלס פאַרגיטיקונג פאַר די יידישע ליידן און פאַרלוסטן פון זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער, געפאָדערט פאַר דעם יידישן פאָלק אַן אייגענע טעריטאָריע און די פאַסיקסטע, קאָן נאָר זיין דאָס אַלטע יידישע לאַנד וואָס גאָט אַליין האָט באַשטימט פאַר דעם יידישן פאָלק און דאָס איז ארץ-ישראל.

דער פאַקט וואָס טויזנטער פליטים האָבן זיך געלאָזן אויף קידוש-השם אויף געהיימע שיפן איבער שטורמישע וואַסערן און זיך אונטערגעוואָרפן טויזנט-ערליי לעבנסגעפאַרן ביים אויסמיידן די ענגלישע באַוואַכונגען און אַריינבאַקומען זיך קיין פאַלעסטינע, האָט אויך אַ סך און אפשר טאַקע אַמשטאַרקסטן געווירקט אויף דעם געוויסן פון די פעלקער און עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פלאַן פון צעטיילן פאַלעסטינע אויף יידישע און אַראַבישע טיילן און ענדלעך איז געקומען די גרויסע דאַטע, ווען די „אונ" האָט געגעבן דעם פלאַן צום אָפשטימען און דער יושר פון דער וועלט האָט געזיגט איבער דער רשעות; מיט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי דריטל קעגן איינעם, איז דער פלאַן אָנגענומען געוואָרן און די גאַנ-

צו יידישע וועלט האָט דעם באַשלוס געפייערט מיט אַן התלהבותדיקן אויסברוך פון פרייד.

אויך די אַרגענטינער רעגירונג האָט געהאָלפן, אַז די וואָג־שאָל פון פעלקער זאָל איבערוועגן אויף דער זייט פון געליטענעם יידישן פאָלק און אַרגענטינער יידישע קינדער האָבן זיך דערמיט געפילט שטאָלץ, און זיי האָבן אויסגעשפּילט זייער פרייד איבער די גאַסן פון די יידישע געגנטן.

אַלע, אָבער טאַקע אַלע קאַפע־הייזער און עפנטלעכע פּלעצער זיינען אין דעם אָוונט געווען פול געפּאַקט מיט יידן, מענער און פרויען און יוגנטלעכע און כסדר האָט מען געהערט דאָס קנאַלן פון קאָרקעס וואָס זיינען אַרויסגעפלויגן פון די שאַמפּאַניער־פלאַשן און די יוגנט האָט אינמיטן גאַס מיט עקזאַלטירטער פרייד געטאַנצט דעם חלוצישן „הורא" טאַנץ און די פּאָליציאַנטן וואָס דאַרפן היטן די אָרדענונג, האָבן זיך ווי אָנגעשטעקט מיט דער מאַסנהאַפטער באַגייסטערונג און זיי האָבן רואיק צוגעקוקט און געלאָזט די יוגנטלעכע אויסטאַנצן זייער פרייד...

אויך כאַקאַבאַ מיט סאַריטאַן האָבן זיך געפונען צווישן אַ באַגייסטערטער גרופּע יוגנטלעכע. זיי זיינען אַרויסגעקומען פון דעם גרויסן פּאַריין „העבראַיקאַ" און מיט פריידיקע געזאַנגען און אויסרופן, האָבן זיי מאַרשירט ביז קאָריענטעס און קעגנאיבער דעם באַר „קאָמערציאַל", האָבן זיי זיך פאָרמירט אין אַ ראָד און מיט אַ רעליגיעזער התלהבות געטאַנצט די „הורא".

אויף סאַריטאַס פּנים האָט זיך ממש געריינצלט די הויט פון הייליקער באַגייסטערונג; זי איז שוין לאַנג אַ געטרייע באַוואוסטזיניקע יידישע טאָכטער; אין די יידישע פאַריינען וואו כאַקאַבאַ האָט זי געפירט, האָט זי געהערט אַזויפיל זאַכן, וואָס האָבן איר האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד און זי קאָן נישט פאַרגעסן די ווערטער וואָס איינער אַ קאָנפערענציסט האָט געזאָגט, אַז — אונדזער היינטיקער דור, נעמט איבער אַלע מאָראַלישע און עטישע גבעבאָטן פון אונדזער אַלטער יידישער תורה און אויב מ'ר לאָזן דערוויייל די רעליגיעזע פרומקייט אַן אַ זייט, איז עס דערפאַר, ווייל די פאַנאַטישע פרומקייטן פון אַלע גלויבנס, האָבן דער מענטשהייט געקאָסט אַ סך, אַ סך קרבנות און אונדזער פאָלק אודאי און אודאי און נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן זיך גוט אָנזאַפּן מיט די אַלע מאָראַלישע און עטישע ווערטן פון אונדזערע אור־אַלטע אָבות, וועלן מיר ערשט קענען דאַנקען און לויבן גאָט און זיין באַשאַף מיט ריינע הערצער און דאָס קאָן נאָר געשען, ווען אונדזער פאָלק וועט נאָך צוויי טויזנט יאָר ליידן צוריקגעפינען דעם באָדן אונטער די פיס, דעם אייגענעם באָדן, דאָס איי־

גענע לאַנד וואָס גאָט האָט אונדז געגעבן ווען משה האָט אונדזער פאָלק אַרויסגעפירט פון מצרים; דאָס קאָן נאָר זיין אין ארץ־ישראל...

ווי דער דאָזיקער רעדנער האָט איר דאָס פאַרענטפערט אַלע אירע פראַגן וואָס האָבן געמאַטערט איר רעליגיעזן געמיט!... זי קאָן די ווערטער נישט פאַרגעסן, ווייל זיי זיינען געווען פאַר איר דאָס פייער וואָס האָט אָנגעוואַרעמט איר יידישן געפיל און איר דערקלערט די אויפגאַבע פון אַ יידיש קינד.

מיט נאָך מער באַגייסטערונג ווי כאַקאָבאַ, טאַנצט זי איצט מיט אין ראָד דעם „הוירא"־טאַנץ; אירע צעלאָזענע גאָלד־בלאָנדע האָר כוואַליען זיך אין דער לופטן און אירע אויגן שפריצן מיט הייליקן פייער און צוזאַמען אין כאָר מיט אַלעמען רופט זי אויס די איינציקע דריי ווערטער וואָס זי האָט זיי אויסגעלערנט און וויס שוין זייער באַדייטונג: — עם ישראל חי!...



נאָך דער אויסניכטערונג פון דער גרויסער פרייד, האָבן זיך יידישע מאַסן פון איבעראַל ערשט געכאַפּט, אַז איצט קומט די צייט וואָס פאָדערט קאָלעקטיווע אחריות פון אַלע יידן איבער דער גאַנצער וועלט, באַוואוסטזיניקע אחריות וואָס קאָן נאָר מאַניפעסטירט ווערן מיט ווייטגייענדיקסטער מאַטעריעלער הילף, אַז דער צעטיילונגס־באַשלוס וועגן פאַלעסטינע, זאָל פון יידישן פאָלק קענען וואָס בעסער אויסגענוצט ווערן.

עס איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז ענגלאַנד העלפט בונטעווען די אַראַבער קעגן דעם באַשלוס פון לאָזן יידן דאָרט אויפהויבן דעם קאָפּ און אַז כדי כלומרשט נישט צו רייצן די אַראַבער, מוזן נאָך דערווייל ענגלישע שיפן באַוואַכן די ברעגעס פון פאַלעסטינע און נישט אַריינלאָזן קיין נייע עולים.

די יידישע וועלט האָט פּראָטעסטירט קעגן בעווינס רשעות און גלייכצייטיק האָבן זיך די יידן אין ארץ ישראל געגרייט צו קענען אָפּשטעלן יעדן אָנגריף פון די אַראַבער און נאָך צו עפּעס האָבן זיך די יידן אין ארץ ישראל געגרייט און זיי האָבן געשיקט שליחים איבער דער וועלט און געבעטן הילף, אַז דאָס צו וואָס זיי גרייטן זיך, זאָל זיך קענען איינגעבן...

און אויב ביי אונדזערע יידישע טאַטעס און מאַמעס האָט נאָך גענאָגט אַ צווייפל צי די יידישע שטרעבונגען וועלן טאַקע רעאַליזירט ווערן

און עס איז נאָך געווען גרויס זייער שרעק, אַז דאָס ביסל יידן וואָס זיי־נען שוין דאָרט, אין ארץ ישראל, זאָלן חלילה נישט אומקומען פון מער־דעריש־אַראַבישע הענט, האָט זיך ביי די קינדער, ביי אונדזער יוגנט, די באַגייסטערונג נישט געלאָשן. זיי האָבן נישט געוואָלט וויסן פון קיין צווייפל און זיי האָבן צו זיך נישט דערלאָזן קיין שרעק, זיי האָבן גע־וואוסט, אַז אויב נישט איצט, וועט חלילה דורכגעלאָזן די איינציקע געלעגנהייט זייט דעם צווייטן חורבן פון דער יידישער מדינה און יידי־שע יוגנטלעכע, בחורים און מיידלעך, האָבן זיך פאַרשריבן אין „הכש־רות", זיי האָבן זיך געוואָלט גרייט־מאַכן פאַר דעם מאָמענט פון נויט־ווענדיקייט, אַז זיי זאָלן קענען איינשטעלן זייער לעבן פאַר דעם יידישן לאַנד און פאַר דעם יידישן כבוד.

אויך סאַריטאַ האָט זיך פאַרשריבן אין אַזאַ הכשרה. מיט אַ רעלי־גיעזע באַגייסטערונג האָט זי געטאָן די שווערסטע אַרבעטן אויף דעם פאַר זיי באַשטימטן פעלד אין דער קאָלאָניע „כוליאַ לעווין", דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט דער קאָלאָניסטקע רחל מאַנטשיימער וואָס האָט גע־שטאַמט פון ארץ ישראל און זי האָט איר דערציילט אַזויפיל שיינע עפּי־זאָדן פון דאָרטיקן העלדישן חלוצישן לעבן, וואָס האָבן געמאַכט אויפ־צאַפּלען סאַריטאַס האַרץ.

גאַנץ אָפט, אין די נעכט, האָבן אין איר געמיט אויפגעקלונגען די לעצטע ווערטער פון דעם קאָנפערענציסט, אַז דעם ריינעם יידישן גלויבן קאָן מען צוריקגעווינען אויף דעם אייגענעם יידישן באָדן און שוין צוליב דעם, איז זי גרייט געווען צו פאַרלאָזן איר אַזוי וואונדערלעך צוריקגעפּו־נענעם פאָטערס הויז און פאָרן אַהין, אין הייליקן לאַנד אריין.

איר שטאַרקער ווילן צו פאָרן קיין ארץ ישראל און שטעלן זיך אין דער ריי מיט די דאָרטיקע יידן כדי צו העלפן בויען און עווענטועל אויך באַשיצן די גרענעצן, האָבן אויך כאַקאַבאָן אָנגעשטעקט. אַ גאַנצע רייע פון זיינע חברים האָבן שוין געהאַט געזעגן־פייערונגען און זיי זיינען אָפּ־געפאָרן אַהין, אפשר וואָלט טאַקע געווען אַ פּלאַן חתונה צו האָבן אין פאָרן? סאַריטאַ וויל עס דאָך אַזוי שטאַרק!...

כאַקאַבאַ האָט דאָך שוין לאַנג געהאַט געענדיקט אויף דאָקטאָר מע־דיצין און אין אַזאַ צייט, ווען כסדר קומען ידיעות וועגן אַראַבישע אָנפאַלן אויף יידישע דערפער און וועגן דעם, ווי העלדיש עס פאַרטיידיקן זיך יידישע חלוצים, פאַרשטייט דאָך כאַקאַבאַ, אַז דאָרט קאָן ער אַלס דאָק־טאָר מעדיצין מער נויטיק זיין ווי דאָ, אין בוענאָס־איירעס, וואו ער האָט שוין זייט אַ צייט איינגעאָרדנט זיין קאָנסולטאָריע און ער דערלעבט ניט צו זען קיין פּאַציענט...

און גרויס איז געווען סאַריטאַס פרייד, ווען ער איז איינמאָל אַרויס־געקומען צו איר אין דער קאָלאָניע און איר געזאָגט, אַז ער איז גרייט מיט איר צוזאַמען צו פאָרן קיין ארץ ישראל, ער אַלס דאָקטאָר מעדיצין און זי זאָל בעסער פאַרלאָזן די הכשרה און גיין נעמען קורסן אַלס קראַנקן־פלעגערין...

פאַר די אויגן פון אַלע חברים און חברטעס פון דער הכשרה, האָט זי אים אַרומגעכאַפּט און גענומען קושן, קושן מיט אויפריכטיקער הייליקער ליבשאַפט...



די לאַגע אין ארץ ישראל איז געוואָרן ערנסט. ענגלאַנד האָט שוין געהאַלטן ביים צוריקציען פון דאָרט די לעצטע טיילן פון איר באַזעצונגס־אַרמיי און די אַראַבער האָבן געוואוסט, אַז די יידן גרייטן זיך צו פּראָק־לאַמירן זייער זעלבסטשטענדיקייט און אַ פייער פון האַס האָט זיך אָנגעצונדן אין זייערע הערצער און נישט וואַרטנדיק ביז זיי וועלן אָנהויבן דעם גרויסן אויפמאַרש קעגן די יידן, כדי זיי צו פאַרטרייבן אין ים אַריין, האָבן זיי שוין, אויף דערוויילל, פיל־פאַך פאַרמערט זייערע נאַכט־אַטאַקעס אויף יידישע דערפער און קיבוצים און די יידישע יוגנטלעכע אין פאַר־שידענע לענדער, וועלכע האָבן געפילט אין זיך דאָס בלוט פון מאַקאַ־בעער, האָבן זיך גענומען איילן און מיט שיפן און שיפלעך זיינען נייע יוגנטלעכע עולים געפאָרן אַהין גרייטע צום קאַמף.

אויך אַרגענטינע בכלל און בוענאָס איירעס בפרט האָט געגעבן דעם ביישטייער פון אַ היפּש ביסל יוגנטלעכע דאָ געבוירענע יידישע קינדער.

כמעט יעדע וואָך האָט מען געהערט וועגן אַנדערע יונגע חלוצישע פּאָרלעך וואָס האָבן דאָ אויף שנעל געשטעלט אַ חופה און באַלד מיט אַ שיף אַוועק דורך איטאַליע אויפן וועג צום יידישן טייל פון פּאַלעסטינע, וואָס זיי האָבן שוין גערופן ארץ ישראל.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און עס איז אויך געקומען די ריי אויף כאַקאָבאָן מיט סאַריטאַן.

זייער חתונה איז פאָרגעקומען אין דער נייער שיל פון די גאַליציאַ־נער יידן אין דער געגנט וויזשאַ קרעספאָ. אַזוי ווי ברוך מיט חנהלען זיי־נען געווען די מחותנים פון ביידע צדדים, האָט ברוך אָפּגעצאָלט אַן אַלטן חוב צו גאָלדע פערלבערג, ער האָט זי מיט איר מאַן מכבד געווען מיט דער אונטערפירערשאַפט פון כלהס צד.

גאָלדע האָט נישט אויפגעהערט וויינען פון פרייד און גליק און זי

האָט כסדר איבערדערציילט ווי אַזוי זי האָט דעם פּיטשעטוטשקעלע נפֿשל געמוזט אַריינשפּריצן איר מאַמע-מילך אין מיילעכל, כדי עס צו דער-האַלטן ביים לעבן. זי איז געווען אַזוי עמאָציאָנירט מיט איר אונטער-פירערשאַפֿט פֿון דער צוריקגעפֿונענער שׂרהלע, אַז בעת כּאַקאַבאַ האָט איר אונטער דער חופּה אָנגעטאָן דאָס רינגל און נאָכגעזאָגט דעם הרי-אַת, איז גאָלדע געפֿאַלן אין חלשות...

נישט בלויז גאָלדע מיט יאַנקלען זיינען געווען אויף דער חתונה; צווישן די געסט האָט מען אויך געזען יאַשקע ריטער מיט זיין פֿאַמיליע, בערקע מיט העניעכן און זייערע פֿאַמיליעס, די פֿלעכטמאַנס, מיכל קליין און די בוקסבוימס. לויט די טייערע צירונג מיט וועלכע די פֿרויען זיי-נען געווען באַשמוקט, האָט מען געקאָנט זען אַז זיי אַלע האָבן זיך גוט אַרויפֿגעאַרבעט. צווישן די געסט איז אויך געזעסן ר׳ זעליק מאַשקאָוויטש, דער אַמאָליקער „שוחט״, אויך ער האָט געמאַכט אַ קאַריערע; ער האָט אין דעם קליינעם שטעטל אַלס מלמד אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט, דאָרט איז ער אויך געוואָרן אַ שוחט און מוהל און ווען ער איז געקומען קיין בוענאָס איירעס, אַראָפּנעמען זיין ווייב פֿון דער שיף, איז ער שוין דאָ פֿאַרבליבן, באַקומען אַ פּאָסטן אַלס שוחט אין אַ מערקאַדע און פֿאַמעלעך אָנגעהויבן פּאַסקענען אַ שאלה, היינט האָט ער שוין אַ גוטן פּאָסטן אַלס רב אין אַ שילעכל, די לאַנגע ברייט-צעקעמטע באָרד גיט אים צו אַ הדרת-פּנים און ער מיט זיין פֿאַמיליע פֿירן אַ בכבודיק לעבן.

דער צופֿאַל האָט אויך געוואָלט, אַז מיכל קליין זאָל אין איינעם פֿון די קעלנערס, וואָס האָבן סערווירט די חתונה-סעודה, דערקענען זיין שיף-ברודער, משה זשאַרלאָווסקי. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקן ווי די הענט האָבן ביי אים געציטערט ווען ער האָט דערלאַנגט אַ טעלער אויפֿן טיש...

מיכל קליין האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער האָט אים געפֿרעגט צי ער ווייס נישט עפּעס וועגן פֿיינהאַלצן, יאָ, זשאַרלאָווסקי ווייס; כאָטש פֿיינ-האַלץ האָט אים צוגעוואָרפֿן זיין מאַניושאַ, האָט ער זי געמוזט זייער שטאַרק ליב האָבן; אָבער זי איז נישט געווען קיין לייט... זי האָט אויך אים פֿאַראַטן און יאָרן שפּעטער, ווען פֿיינהאַלץ האָט זיך דערוואוסט, אַז זי איז דאָ געוואָרן אַ פּשוטע גאַסן-פֿרוי, האָט ער זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ... און איך, ווי איר זעט, בין איך געוואָרן אַ קעלנער און מיר איז גוט אַזוי; וואָס, וואָס, נאָר גוט אָפּצועסן פֿעלט מיר נישט אויס...

בלויז אַ וואָך נאָך זייער חתונה, האָבן כּאַקאַבאַ און שׂרהלע זילבער-מאַן געפּאַקט זייערע זאַכן און אַט האַלט מען שוין ביים אָפּפֿאָרן קיין ארץ ישׂראל.

דער פּאָרט איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן וואָס זיינען געקו־מען באַגלייטן זייערע נאָענטע. צווישן דער מענטשן־מאַסע דרענגען זיך אויך ברוך און חנהלע שטיינבערג. נאָכן סיגנאַל פון דער שיף, האָבן זיי לאַנג געקושט זייערע קינדער און אַראָפּ פון דער שיף און איצט שטייען זיי און קוקן אַרויף צו דער היפּשער גרופּע חלוצים און חלוצות וואָס פאַר־מירן אינדערהויך אַ ראָד.. די שיף־סירענע גיט אַ צווייטן סיגנאַל, טיכלעך צעפּלאַטערן זיך אונטן און אויבן און ביי קיינעם פון די פּאַסאַזשירן אויבן, האָבן נישט אַזוי געשטראַלט די בליקן מיט הייליקן פייער, ווי ביי די יונגע הלוצים און חלוצות, וואָס האָבן פאַרלאָזן באַקוועמע היימען מיט וואויל־טאָג, כדי דאָרט צו פאַרטיידיקן דאָס יידישע לאַנד און דעם יידישן כבוד...

די שיף האָט גערירט פון אָרט. אונטן, האָבן יידישע טאַטעס און מאַמעס געווישט די טרערן פון די אויגן און אויבן, אויף דער שיף, האָבן זיך יונגע העלדישע יידן, פאַרוואָרפן איינער אויפן אַנדערן האַנט אויף אַקסל און מיט עקזאַלטירטער התלהבות אָנגעהויבן טאַנצן דעם „הוירא״. צווישן די באַגייסטערטע הוירא־טענצער האָט זיך שטאַרק אַרויסגעוויזן מיט זייער התלהבות — נישט מער סאַריטאַ, נאָר ש ר ה ל ע און יעקב זילבערמאַן.

ברוך האָט געקוקט מיט פאַרטרערטע אויגן ווי די שיף דערווייטערט זיך פון פּאָרט. אין די רגעס האָט ער איבערגעלעבט און איבערגעפילט אַליין, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט זייט ער איז אַרויף אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ״ מיט זיין שרהלען, פּונקט מיט 25 יאָר צוריק.

די שיף איז שוין געווען ווייט פון פּאָרט און די באַגייסטערטע יונגע עולים האָבן נאָך אַלץ געטאַנצט דעם פריידיקן הוירא!...

(סוף)

# טייטש און באַדייטונג פון די שפּאַנישע ווערטער אין דעם בוך:

## א

אַסיסטענציאַ פּובליקאַ — גיכע הילף.

## ב

בוענאָס טאַרדעס — אַ גוטן אָוונט.
באָליטש — אַ קליין געוועלבל.
ביען וועניִדאָ —ווילקאָמען.

## ג

גוואַרדאַ — אַ היטער, אָדער אַ בילעטן פאַר־
קויפער אין טראַמוויי אָדער אָמניבוס.
גאַלפּאָן — אַ גרויסער שאַפע.

## ד

דיסקולפּע — זייט מוחל (פּאַרדאָן).
דעראַמע סערעבראַל — אַ מוח־דערשיטערונג.

## זש

זשעגאַדאַ — אַ באַשטעטיקונג ווען מען איז
אָנגעקומען אין לאַנד אַריין.

## ח

חברה־לייט — אַזוי האָט מען דאָ גערופן די
„טמאים“, די פרויען־הענדלער.

## ט

טאָרמענטאַ — אַ שטורעם־ווינט.
טאָזשערל — אַ וואָרשטאַטל.
טשאַק — אַ צוזאַמענשטויס.
טעבידאָס דע פּונטאַ — געשטריקטע סחורות.
טשאַנגאַדאָר — אַ טרעגער.
טוטאָר — אַפּיעקון (אַפּוטרופּס).

## כ

כעפע — אַ שעף.
כאַקאָבאָ — יעקב.

## מ

מאַסאָס — קעלנער.
מאַסאַס — קיכלעך.
מערקאַדע — אַ מאַרק־האַלע.

## ס

סאָלטעראָ — אַ נישט־באַווייבטער.
סולקי — אַ צווייִ־רעדעריק וועגעלע

סאַגואַן — אַ טויער־דורכגאַנג.
סאָקאָראָ — הילף! ראַטעוועט!
סערענאָ — וועכטער.
סי — יאָ.
סאָליסיטוד — אַ ביטע.
סיודאַדאַניאַ — בירגערשאַפט.

## ע

ענטראַדעס — איינטריט־בילעטן.
ענפערמעראַ — קראַנקן־שוועסטער.

## פּ

פּאַמפּאַנאַ — באַלעבאָסטע,
פּאָדערן — פולמאַכטן.
פּעינעדאָראַס — קעמערנס.

## פ

פיכעס — מוזיקע נומערן.
פריגאָריפיקאָ — אייז קאַמער.
פראַקאָסירט — דורכגעפאַלן.

## ק

קאָסעטשע — שניט פון תבואות.
קוענטעניקעס — פאַרקויפער אויף ראַטן־
אָפּצאָל.
קאָנווענטיזשע — אַ גרויסער הויף מיט אַ
סך שכנים.
קאָרעטאַכע — אַ האַנדלס־אַגענט וואָס גייט
איבער די געשעפטן פאַרלייגן אַרטיקלען.
קאַפּאַטאַן — אַן אויפזעער.
קאָפּע פּאַראַ טאָדאָס — קאָפּע פאַר אַלעמען.
קאָמפּאַניעראָ — אַ חבר, אַ שותף.
קאַמיאָן — אַ לאַסט־אויטאָ.
קאַטרע — אַ געלעגער וואָס באַשטייט פון
אַן איבערגעצויגענע לייוונט אויף דרענ־
גלעך.
קומפּלע־אַניאָס — אַ געבורטס־טאָג.
קומפּלירן — פּאַרענדיקן (דערפילן).
קאָבאַרדע — (אַ טרום).

## ר

רופיאַן — אַ פרויען־הענדלער, אַן אויסנוצער
פון פרויען.
רעמאַטירן — ליציטירן.
ראַנטשאָס — אָרימע הייזלעך, צונויפגעש־
טעלטע אַזוי ווי סוכהלעך.

ביז איצט

# דערשינענע ביכער פון נחמיה צוקער

•

**ח ל י צ ה**

דראַמע אין דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „דאָס ביכל". — קראָקע 1922 (אויספאַרקויפט).

•

**איינאַקטערס**

1) ווען די נאַכט פאַלט צו... 2) אויפן קאַמפּ. פאַרלאַג „אַרטיסטיש ווינ־קעלע". — בוענאָס איירעס 1924. (אויספאַרקויפט).

•

**דער רעצענזענט**

קיבעץ אין איין אַקט, אַרויסגעגעבן פון דראַמקרייז ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד. — ב. איירעס, 1926 (אויספאַרקויפט).

•

**שפּאַס און ערנסט**

געגראַמטע הומאָרעסקעס, לידער און פּאַראָדיעס, אַרויסגעגעבן פון פּאַרלאַג „דער קונדאס". — ב. איירעס 1933 (אויספאַרקויפט).

### פּאַר דראַמקרייזן

צען איינאַקטערס און סצענירונגען:

1) אין רעדאַקציע; 2) אַן עצה; 3) דער רעצענזענט (2־טע אויפלאַגע); 4) ווען די נאַכט פאַלט צו... (צווייטע אויפלאַגע); 5) אויפן קאַמף (צווייטע אויפלאַגע); 6) אין פעלד־שפּיטאַל; 7) די קליאַטשע (סצענירונג); 8) מקובלים (סצענירונג); 9) דער קונסט־מאָלער (סצענירונג); 10) ברידער (סצענירונג). אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „דער קונדאס" — ב. איירעס, 1933 (אויספאַרקויפט).

●

### פון אַלץ צו ביסלעך

22 דערציילונגען און הומאָרעסקעס, פאַרלאַג „דער קונדאס". — ב. איי־רעס 1935 (אויספאַרקויפט).

●

### אין נאָמען פון גערעכטיקייט

טראַגעדיע אין דריי אַקטן (זעקס בילדער מיט אַ פּראָלאָג) — ב. איירעס, 1935 (אויספאַרקויפט).

●

### פאַבריקאַנטן

קאָמעדיע אין איין אַקט. — ב. איירעס 1937.

●

### פיר דורות יידיש טעאַטער

ביאָגראַפישער ראָמאַן לויט אָנגעגעבענע דאַטעס פון דער אַקטריסע דינאַ ראַפּעל, אין צוויי ביכער, 512 זייטן (32 זייטן פאָטאָ־אילוסטראַציעס), אייגענער פאַרלאַג — ב. איירעס, 1944.

**פנקס גאַליציע**

640 זייטן גרויסער פאָרמאַט, רעדאַקטירט פון נחמיה צוקער, אַרויסגעגעבן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד צום 20־טן אַניווערסאַר. — ב. איירעס 1945.

•

**יאָרבוך**

פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע, פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעל־שאַפטלעכקייט, רעדאַקטירט פון נ. צוקער, פאַרלאַג „יידיש". — ב. איי־רעס 1945־46.

•

**מוטער און קינד**

ערשטער ראָמאַן פון יידישן אימיגראַנטן לעבן אין אַרגענטינע און

•

**צווישן נעכטן און מאָרגן**
אַ באַנד דערציילונגען און אַ דראַמע א. ט. „אין בלוטיקן געראַנגל". די צוויי ביכער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט צום פופציקסטן געבורטסטאָג פון מחבר. — ב. איירעס, 1946.

•

**שיף אַטלאַנטאַ**

ראָמאַן אין פיר טיילן, (צוויי בענדער) פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע, 500 זייטן.

•

## פאַרטיק צום דרוק פון זעלבן מחבר

**די אייביקייט פון ישראל**

(שוישפיל אין פופצן בילדער).

**אַזוי איז דאָס לעבן**

(20 דערציילונגען).

**דאָס לעבן פון אַ פּראָסטן ייד**

(ראָמאַן אין פיר טיילן).

•

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:

N. ZUCKER
Cangallo 3047 - Dto. 37
Buenos Aires
T. E. 62 - 5660

